יחזקאל קאָרנהענדלער

# יידן אין פּאַריז

## מאַטעריאַלן פאַר יידישער געשיכטע

צווייט בוך

פּ אַ ר י ז
1981 — תשמ״א

## דערשינען פון זעלבן מחבר:

## אַ האַרציקן דאַנק:

דעם **ד״ר נח גריס** פאַר דער חברישער הילף ביים רעאַליזירן די אויסגאַבע.



דעם דיכטער **משה וואַלדמאַן** וואָס האָט אינספּירירט דאָס דערשיינען פון דעם בוך.



דער געזעלשאַפט **„זעלבסטהילף״** און אַלע פריינד־אַבאָנענטן, וואָס האָבן דערמעגלעכט דאָס רעאַליזירן די אויסגאַבע, אַן אַרבעט וואָס האָט צוזאַמען מיטן ערשטן בוך, אַוועקגענומען דרייסיק יאָר אָנשטרענגונג.



דעם פריינד **שמואל ליכטענשטיין**, פאַר זיינע אָנשטרענגונגען און זאָרג פאַר דער אויסגאַבע.

---

**דאָס ערשטע בוך „יידן אין פּאַריז״, דערשינען אין יאָר 1970, איז אויס־געצייכנט געוואָרן מיטן ליטעראַטור־פּרייז א. נ. פון „זכריה גאַנאַפּאָלסקי״.**

# אינהאַלט

**יחזקאל קאָרנהענדלער** איז געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1899. פון יולי 1919 ביז יולי 1922 אין פוילישן מיליטער. אין סעפטעמבער 1922 פאַרלאָזט פוילן. אין פּאַריז זינט 1923. דעביוטירט אין יאָר 1924 אין לייפּציגער וואָכנבלאַט „אונזער לעבן". זינט 1927 געפירט אין פּאַרלויף פון 45 יאָר וועכנטלעכע אויספלוגן א. נ. „באַקענט אייך מיט פּאַריז". אין 1939 פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. נאָך דער דעמאָביליזאַציע, אַקטיוו אין אַ פּאַריזער יידישער ווידערשטאַנדס־גרופּע. פון חודש אָקטאָבער 1942 ביז אָק־טאָבער 1943 אינטערנירט אין די לאַגערן ריוווזאַלט און אין פּי ל'עוועק. אויסגעצייכנט מיט דער „מעדאַי קאָמע־מאָראַטיוו פראַנסעז דע לאַ גער".



ביוסט פון מחבר

סקולפּטאָר : **מיכאל מילבערגער**

*1.*

# דער לאַטייניִשער קוואַרטאַל

אַריבערגייענדיק די סען־מישעל־בריק, וואָס פירט פון דעם סיטע־אינדזל צום לינקן ברעג פון דער סען, געפינען מיר זיך אויפן אַזוי באַרימטן פלאַץ סען־מישעל, דעם קאָכנדיקסטן פונקט פון דעם אַ. ג. לאַטיינישן קוואַרטאַל, וואָס איז פול מיט קאַפעען, רעסטאָראַנען, געשעפטן, פילם־הייזער און פּאַרווייַלונגס־טעאַטערן. דער פלאַץ איז פול מיט פוסגייערס, שפּאַצירערס, און סטודענטישער יוגנט. מאַסן אימפּאַס איילן דאָ אין אַלע ריכטונגען פון דער שטאָט.

דער פלאַץ און די גאַסן אַרום זענען תּמיד פול מיט טוריסטן, וואָס קומען פון אַלע עקן וועלט, כדי זען און זיך באַקענען מיט די אַזוי פיל אינטערעסאַנטע ערטער פון דער שטאָט און דערונטער אויך מיטן לאַטיינישן קוואַרטאַל, וואָס האָט צו דערציילן אַ ביז גאָר רייכע, אַריבער צוויי טויזנט יאָר אַלטע, געשיכטע, וואָס פאַרמאָגט אויך אינטערעסאַנטע בלעטער, וועגן יידיש לעבן און יידישער פאַרגאַנגענהייט אין פּאַריז.

דער אַזוי באַרימטער פלאַץ און אַזוי אויך דער בולוואַר סען־מישעל, וואָס הייבט זיך דאָ אָן און שניידט אַדורך אַ גרויסן טייל פון לאַטיינישן קוואַרטאַל, האָבן אָבער נישט הינטער זיך קיין זייער אַלטע געשיכטע; ס'איז אַן עקסיסטענץ וואָס הייבט זיך אָן צווישן די יאָרן 1840 און 1860, ווען דער פּאַריזער פּרעפעקט האָסמאַן האָט, מיט זיינע איבערבוי־פּלענער (דערונטער אויך צוליב סטראַטעגישע, אַנטי־רעוואָלוציע־טעמים), ממש איבערגעקערט פּאַריז. צווישן די פאַרשידענע שטאָט־ענדערונגען האָט מען דאַן צעוואָרפן גאַנצע קוואַרטאַלן, אָפּגעשאַפט און אויך געענדערט פיל גאַסן און געסלעך, וואָס האָבן זיך דאָ געפונען און דאַן איז געשאַפן געוואָרן דער היינטיקער פלאַץ און אויך דער דערנעבנדיקער ברייטער בולוואַר סען־מישעל.

אָבער אַרום דעם פלאַץ סען־מישעל, וואָס זיינע הייזער זענען אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1855 אין אַן איינהייטלעכן סטיל, געפינען זיך זייטיקע, אַל פּי נס נאָך אָפּגעשוינטע, יאָרהונדערטער אַלטע, שמאָלע געסלעך, מיט הויכע, צווייי און איין־פענצטערדיקע בנינים און צווישן די דאָזיקע געסלעך, געפינט זיך אויך די אַזוי אַלטע רי דע לאַ האַרפּ (האַרפע), וואָס האָט צו דערציילן אַ ביז גאָר רייך און אויפרודערנדיק קאַפּיטל פון יידישער פאַרגאַנגענהייט; אַ געשיכטע וואָס גרייכט צום 12־טן יאָרהונדערט און אפילו פריער.

דאַרף־זשע דאָ דערציילט ווערן, אַז אין סוף פון 12־טן י.ה. ווען דער פראַנ־צויזישער מלך פיליפ־אויגוסט האָט אין יאָר 1198, דערלויבט די יידן צוריק אַריינצוקומען אין לאַנד אַריין — נאָכן האָבן זיי, אין יאָר 1182 באַרויבט און פאַרטריבן — האָבן די צוריק אַריינגעקומענע יידן, נישט געפונען מער קיין מעג־לעכקייט זיך צוריק צו באַזעצן אין דעם א. ג. סיטע־אינדזל, ווו די מערהייט יידן האָבן געוווינט ביז דעם אַרויסטרייבן זיי פון לאַנד. דאַן האָט דער רוב פון די צוריקגעקומענע יידן זיך באַזעצט אויף דער לינקער זייט סען, אין ערטער וואָס בילדן דעם היינטיקן פינפטן אַראָנדיסמענט און איינע פון די געסלעך, וואָס איז דאַן געוואָרן דער עיקר־צענטער פון יידישן לעבן אין פּאַריז, איז געווען די ביז היינט קאָנסערווירטע, אָבער שווער דעפאָרמירטע און פיל צעשטערטע רי דע לאַ האַרפּ, וואָס איז אָן ספק, די סאַמע עלטסטע יידישע גאַס אין פּאַריז, וואָס געפינט זיך האַרט ביים פּלאַץ סען־מישעל. זי הייבט זיך אָן אין דער דערנעבנדיקער רי סאַן־סעווערען און ענדיקט זיך — נאָכן שווערן פאַרקירצן זי — ביים, אויך נישט זייער אַלטן — בולוואַר סען־זשערמען 1).

פון אָנהייב, אין וויטן אַמאָל, האָט די רי דע לאַ האַרפּ געהייסן „די אַלטע יידן־גאַס" און דערנאָך, אין מיטן פון 13־טן י.ה. (אין 1247) האָט מען זי אָנגע־הויבן רופן מיט איר היינטיקן נאָמען, צוליב אַ ש׳ילדל וואָס איז דאָ געהאָנגען אויף וועלכן ס׳איז געווען אויסגעמאָלן דוד המלך, וואָס שפּילט אויף אַ האַרפע.

און אויב די צוריק געקומענע יידן האָבן דאַן, אין סוף פון 12־טן און אין אָנהייב 13־טן י.ה. זיך באַזעצט אין דער דאָזיקער געגנט, איז עס וואַרשיינלעך אַזוי געשען צוליב אַ פריערדיקער פאַרבינדונג, וואָס די יידן פון יענער צייט האָבן געהאַט מיטן אַרום, אַ פאַרבינדונג וועגן וועלכער מען ווייסט נאָר, אַז צווישן צענטן און צוועלפטן י.ה. זאָל זיך דערנעבן האָבן געפונען אַ שול און אַ יידיש בית־עולם, אָבער וועגן וועלכן ס׳זענען נישט פאַראַן קיין גענויע ידיעות. אַלץ וואָס מען ווייסט איז, אַז אַזאַ יידיש בית־עולם האָט זיך געפונען צווישן דער נישט ווייטער רי גאַלאַנד און רי דאָמאַ און דאָס איז וואַרשיינלעך געווען דאָס בית־עולם, אויף וועלכן די יידן פון פּאַריז, ווווינענדיק נאָך אין סיטע־אינדזל, פלעגן ביז צום אַרויסטרייבן זיי אין יאָר 1182, קובר זיין די געשטאָרבענע, וואָרעם דאָס סיטע־אינדזל איז געווען צו קליין אויף קענען דאָרט האָבן אַ בית־עולם.

באַזעצנדיק זיך אויף דער לינקער זייט סען, האָבן די יידן, אַ חוץ זאָרגן מכוח פרנסה, אויך אָנגעהויבן זאָרגן פאַר זייער יידיש אויסלעבן זיך און דאַן איז

---

1) אין 13־טן יאָרהונדערט האָט די רי דע לאַ האַרפּ זיך אָנגעהויבן ביי דער סען גופא און זיך געצויגן, איבערשניידנדיק דעם היינטיקן בולוואַר סען־זשערמען, ביז אַרויף צו דער רי מיסיע לע פּראַנס.

דאָ, טאַקע אויף דער זעלבער רי דע לאַ האַרפּ, געשאַפן געוואָרן די ביז גאָר באַ־רימטע פּאַריזער ישיבה, וואָס האָט אין איר גיכן אויפבלי, דערגרייכט די ציפער פון דריי הונדערט תלמידים, געקומענע, אַ חוץ פון גאַנצן לאַנד, אויך פון אַ ריי אַרומיקע לענדער, לערנען יידישקייט. זי איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער באַ־רימטער פּערזענלעכקייט, דעם רבין ר׳ יחיאל מפריז (געבוירן אין דער שטאָט מאָ) וואָס איז דורך פיל יידן אויך גערופן געוואָרן יחיאל הקדוש, יחיאל הצדיק א.א. ענלעכע טיטולן, וואָס ווייזן זיין איינפלוס און גייסטיקע גרייס. ס׳איז געווען אַ ישיבה, וואָס האָט דערגרייכט אַ גאָר גרויסן רום און אַרויסגעגעבן באַרימטע רבני־שע פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי דעם רבין ר׳ מאיר פון ראָטענבורג, וואָס האָט אין 13־טן י.ה. געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָלע אין דייטשלאַנד.

אָבער אין די יאָרן 1238 — 1240 איז אַרויסגעקומען דער בלבול אויפן תלמוד, וואָס חוזקט כלומרשט אָפּ פון דעם נוצרי און דעם קריסטלעכן גלויבן. דער בלבול איז געקומען פון משומד ניקאָלאַ דאָנין און האָט דערפירט צום באַרימטן משפט איבערן תלמוד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יאָר 1240 אין פּאַריז און אַרויסגערופן איבערפאַלן אויף שולן און בתי מדרשים, כדי צו קאָנפיסקירן די תלמוד־ספרים און די נאָכגעקומענע שוידערלעכע סצענעס פון פאַרברענען די ספרים עפנטלעך, אויף פּאַריזער פּלעצער 2).

די דאָזיקע געשעענישן האָבן אַריינגעברענגט אַ שווערע צערודערונג און ווידער אַמאָל רואינירט דאָס פריש־געשאַפענע יידישע לעבן אין פּאַריז. ס׳האָט זיך אויף דאָס ניי אָנגעהויבן אַ יידישע אויסוואַנדערונג און די צאָל תלמידים פון דער גרויסער פּאַריזער ישיבה האָט אָנגעהויבן שווער אַראָפּזינקען, ביז צו איר פולשטענדיקן שליסן זיך, וואָס איז געשען אין יאָר 1257.

מערערע יידן האָבן דאַן, נאָכן משפט איבערן תלמוד און די נאָכגעקומענע ווייטערדיקע צרות, ווי דער האָסטיע־בלבול א.א. רדיפות, אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, און צווישן זיי האָט אויך דער ראש פון דער געשלאָסענער ישיבה, וואָס איז געווען דער הויפּט־פאַרטיידיקער פון תלמוד פאַרן קעניגלעכן געריכט, דער רבי ר׳ יחיאל מפריז, פאַרלאָזט אין יאָר 1259 דאָס לאַנד, עולה זייענדיק צוזאַמען מיט אַ צאָל פון זיינע תלמידים קיין ארץ־ישראל, זיך באַזעצט אין עכו, ווו ער האָט אויף דאָס ניי געגרינדעט אַ ישיבה, אָנרופנדיק זי „ישיבה מפריז״.

באַזעצנדיק זיך סוף פון 12־טן י.ה. אויף דער לינקער זייט סען און צוטרעטנ־דיק איינצואָרדענען אויף דאָס ניי זייער לעבן, האָבן די יידן געמוזט אויך דאַן זאָרגן מכוח אַ בית־עולם, וואָס איז טאַקע געשאַפן געוואָרן נעבן דעם ניי־אַנטשטאַ־

2) זע ערשט בוך „יידן אין פּאַריז״, קאַפּיטל: „דער יוסטיץ־פּאַלאַץ״.

נענעם יידישן קוואַרטאַל און האָט אַרומגענומען אַ גרעסערן שטח. דער הויפּט־אַריינגאַנג אין בית־עולם האָט זיך אויך געפונען אין דער רי דע לאַ האַרפּ און זיך געצויגן איבער אַ טייל פון היינטיקן בולוואַר סען־מישעל און אַריינגענומען אויך דאָס אָרט, ווו עס געפינען זיך די הייזער נ. 77 און 79 פון בולוואַר סען־זשערמען (ווו עס געפינט זיך היינט צו טאָג דער ביכער־פאַרלאַג „האַשעט״) און אויך אַ טייל פון דער דערנעבנדיקער רי פּיער סאַראַזאַן און די רי ד׳האָטפוי 3).

די געשעענישן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט מיט די יידן אין לאַנד, האָבן

קלישע נומער 1



די רי דע לאַ האַרפּ.

דערפירט דערצו, אַז סוף פון 13־טן י.ה. זענען שוין נישט געווען מער קיין יידן אינעם קוואַרטאַל אַרום דער רי דע לאַ האַרפּ און נאָכן ווייטערדיקן אַרויסטרייבן די יידן פון לאַנד, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1306, איז די ערד פון יידישן בית־עולם פאַרקויפט געוואָרן צו אַ מאָנאַסטיר. פיל פון די מצבה־שטיינער זענען צעגנבעט און אויך פאַרקויפט געוואָרן אויף קריסטלעכע מצבות און אויך אויף בויען הייזער. אָבער אין יאָר 1849, ביים לייגן דעם בולוואַר סען־מישעל און דאָס צוטרעטן בויען דעם בנין פון באַרימטן פאַריזער ביכער־געשעפט „זשיבערט״.

3) די לעצטע צוויי גאַסן געפינען זיך שוין אין 6־טן אַראָנדיסמענט, וואָס בילדן אויך אַ טייל פון לאַטיינישן קוואַרטאַל.

וואָס געפינט זיך נ. 30 פונעם בולוואַר און נעמט אויך אַרום די אַמאָליקע בית־עולם־גאַס, די רי פיער סאַראַזאַן, זענען געפונען געוואָרן 48 יידישע מצבות (צווישן זיי זאָל זיך אויך געפינען — ס׳איז נישט זייער זיכער — אַ מצבה־שטיין פון קבר פון דער פרוי פון רבין ר׳ יחיאל פון פאַריז און אויך די מצבה פון זיין זון הרב ר׳ מאיר [4]).

אויך ביים לייגן די פאַריזער מעטראָ־ליניע, צווישן סען־מישעל און אָדעאָן, זענען געפונען געוואָרן ווייטערדיקע מצבה־שטיינער פון דעם אַלטן יידישן בית־עולם, וועמענס הויפּט־אַריינגאַנג האָט זיך געפונען אין דער אַזוי אַלטער רי דע לאַ האַרפּ.

נישט מיט קיין לייכט האַרץ פאַרלאָזן מיר די דאָזיקע גאַס, וואָס ענדיקט זיך ביים בולוואַר סען־זשערמען, ווו מיר זעען אויף דער אַנדערער זייט בולוואַר אַן אייזערנע אָפּצוימונג.

ס׳איז די אייזערנע אָפּצוימונג וואָס שליסט אין זיך איין דעם שיינעם גאָטישן בנין פון 14־טן י.ה. אין וועלכן עס געפינט זיך דער פאַריזער מוזיי קליני און אויך די אַריבער צוויי טויזנט יאָר אַלטע חורבה־מויערן, איבערגעבליבענע פון די אַמאָליקע רוימישע בעדער, וואָס זענען אויך באַקאַנט אַלס דער רוימישער באַד־פּאַלאַץ. די מויערן דערציילן די הויך־אינטערעסאַנטע געשיכטע פון רוימישן קיסר יוליאַן דער אַפּאָסטאַט (דער אָפּטריניקער), וועלכער האָט געלעבט אין 4־טן י.ה. און וועמענס קורצע געשיכטע ווי אַ קיסר, וואָס האָט געהערשט איבער דער רוימישער אימפּעריע נאָר צוויי יאָר צייט, פון יאָר 361 ביז דעם יאָר 363, פאַרמאָגט אויך אַ ביז גאָר אינטערעסאַנט קאַפּיטל פאַר אונדז יידן.

יוליאַן (יוליאַנוס) איז געווען אַ קוזין פון רוימישן קיסר קאָנסטאַנטין דער גרויסער, וועלכער האָט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן און אים פאַרוואַנדלט אין דער הויפּט־רעליגיע פון דער רוימישער אימפּעריע, אַריבערפירנדיק דאַן די הויפּט־שטאָט פון דער מדינה קיין ביזאַנץ, וואָס האָט אין יאָר 330 באַקומען דעם נאָמען קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

אין געיעג נאָך מאַכט און אויך צוליב פּאָליטישע מיינונגס־שטרייטן צווישן די יורשים פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסן (געשטאָרבן אין יאָר 337), איז די גאַנצע קעניגלעכע משפּחה אויסגעשאָכטן געוואָרן. יוליאַן איז געווען איינער פון די געציילטע אָפּגעראַטעוועטע, ווייל ער איז דאַן געווען אַ קינד פון נאָר זעקס יאָר.

---

4) די געפונענע מצבות זענען געפאָרשט געוואָרן דורך אַ ריי ספּעציאַליסטן און אויך דורכן באַרימטן פראַנצויזיש־יידישן פאָרשער מאָיס שוואַב. אין יאָר 1975 האָט אויך דער היסטאָריקער פּראָפ. בערנאַרד בלומענקראַנץ און דער יידישער קולטור־טוער ד״ר יעקב ראָטה, געפאָרשט די אויפשריפטן אויף אַ טייל צעבראָכענע מצבה־טיילן.

נאָך דעם אומברענגען די גאַנצע משפּחה, איז יוליאַן געהאַלטן געוואָרן דורך דעם דאַן הערשנדיקן קיסר קאָנסטאַנץ, אין פּאַרלויף פֿון זעקס יאָר צייט, אין אַן אָפּגעזונדערטן פּלאַץ, אין אַ כּסדרדיקן געפֿאַר אומצוקומען און איז דערצויגן געוואָרן אויף אַ שווערן אופן דורך קריסטלעכע גלחים. די דאָזיקע דערציאונג האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ ביטער געפֿיל קעגן זיינע דערציער און קעגן קריסטלעכן גלויבן.

יוליאַן איז יונג אַוועק קיין אַטען, ווו ער האָט שטודירט די ווערק פֿון דער גריכישער פֿילאָזאָפֿיע, פֿון האָמער, פּלאַטאָנען און געוואָרן זייערס אַ גרויסער פֿאַרערער, אַ פֿריידענקער און אַלץ מער געהאַסט די קריסטלעכע רעליגיע.

אַריינטרעטנדיק לסוף אין דער אַרמיי, האָט יוליאַן זיך גיך געמאַכט אַ נאָמען פֿון אַ זייער פֿעאיקן מיליטער־מאַן. געוואָרן אַ גענעראַל, אָפּגעהאַלטן אַ ריי גלענצנדיקע נצחונות איבער די גערמאַנישע און פֿראַנקישע שבֿטים און לסוף, איז ער דורכן קיסר קאָנסטאַנץ, באַשטימט געוואָרן ווי דער הויפּט איבער די מיליטערישע כּוחות אין גאַלן־לאַנד (דאָס היינטיקע פֿראַנקרייך) וועלכעס ער האָט געדאַרפֿן באַשיצן קעגן די גערמאַנער. ער האָט זיך דאַן אויפֿגעהאַלטן אין פּאַריז (אין דעמאָלטיקן לוטעץ), אַ שטאָט וועלכע ער האָט זייער ליב באַקומען און געוווינט אויך אַ זייער אָפֿטער גאַסט צווישן זיינע זעלנער אין די רוימישע בעדער. ער האָט אַפֿילו דאָרט אויך געוווינט און די אַלטע חרובֿע מויערן, וואָס זענען דערהאַלטן געוואָרן ביז היינט צו טאָג, פֿלעגן לאַנגע, לאַנגע יאָרן שפּעטער, נאָך גערופֿן געוואָרן „יוליאַנס פּאַלאַץ״.

אָבער אַ געוויסן טאָג האָט דער הערשנדיקער קיסר קאָנסטאַנץ דערפֿילט אין יוליאַנען, אַ באַשטימטע פֿאַר זיך געפֿאַר און אים געוואָלט פֿאַרשיקן אין וויינטן מזרח. דאַן האָט זיך דאָס רוימישע מיליטער, וואָס האָט ליב געהאַט זייער גענעראַל צוליב זיין גאָר גרויסער פּשטות און אַרויסגעוויזענער חבֿרשאַפֿט צו יעדן זעלנער, זיך רעוואָלטירט און פּראָקלאַמירט יוליאַנען (אין יאָר 360) אַלס קיסר. ס'איז געווען אַ געשעעניש וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעמאָלסטיקן פּאַריז און עס האָט, פֿאַרשטייט זיך, אויך פֿיל געטומלט אין די ביז היינט דערהאַלטענע רוימישע מויערן פֿון די בעדער, וועלכע מיר זעען הינטער דער אייזערנער אָפּצוימונג אויפֿן בולוואַר סען־מישעל.

אוודאי האָט געהאַלטן ערבֿ בירגער־קריג און מלחמה פֿון קיסר קאָנסטאַנץ קעגן יוליאַנען, אָבער דער קיסר איז פּלוצעם געשטאָרבן און יוליאַן האָט פֿאַרנומען דעם רוימישן טראָן.

טראָץ יוליאַנס כּסדרדיקן אָנגיין ווי אַ קריסט, צוליב דער אים אָנגעוואָרפֿענער רעליגיע וואָס ער האָט פֿיינט געהאַט, האָט ער גלייך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די מאַסקע; אָפּגעשאַפֿט די קריסטלעכע הערשאַפֿט און פּריווילעגיעס, פֿאַר־

באַטן צו טויפן מיט געוואַלד אַנדערש־דענקנדיקע און דערפאַר טאַקע האָט ער באַקומען דעם נאָמען „אַפּאָסטאַט" 5).

און דאָ קומען מי־ צו אַ זייער אינטערעסאַנטן מאָמענט, וואָס האָט אַ גאָר גרויסן אינטערעס פאַר אונדז יידן:

אויסגעהאָדעוועט קעגן זיין ווילן ווי אַ קריסט, האָט יוליאַן דער אַפּאָסטאַט אויך געקענט די ביבל (לויט דעם גריכישן טעקסט) און געפילט אַ באַשטימטע סימפּאַטיע צו דער יידישער אמונה, זי געשטעלט פיל העכער פון קריסטלעכן גלויבן. באַווירקט אויך פון דער אַלטער יידישער געשיכטע, האָט ער, גלייך ווי ער איז אַרויף אויפן טראָן, אומגעקערט די יידן גלייכע בירגערלעכע רעכט, וועלכע דאָס קריסטלעכע רוים האָט ביי זיי פריער גענומען; באַפרייט די יידן פון שווערע שטייערן וואָס זיי האָבן געדאַרפט צאָלן און געשריבן אַ הויך־אינטערעסאַנטן בריוו „צו דער יידישער געזעלשאַפט" פון זיין אימפּעריע, ווו מיר לייענען: „נאָך דעם ווי איך וועל מיט דערפאָלג פאַרענדיקן די מלחמה מיט די פּערסער, וועל איך אויפשטעלן די הייליקע שטאָט ירושלים און אויך דאָס בית המקדש. איך וועל עס אויפבויען אויף מיין חשבון און אַזוי, ווי איר באַגערט עס שוין פון לאַנג זי צו זען אויפגעבויט און צוריק באַוווינט".

אַ גריכישער היסטאָריקער, סאַזאָמענוס, האָט געשריבן, אַז יוליאַנס פּריוואַט־שאַפט צו די יידן, זאָל דער עיקר זיך האָבן גענומען פון זיין פיינט האָבן די קריסטן. דער זעלבער היסטאָריקער דערציילט אויך וועגן אַן אָנגעהויבענער געלט־זאַמלונג און פון מאָביליזירן פאַכלייט אויפצובויען דאָס חרובע ירושלים און אַז מען האָט אפילו שוין געהאַט אָנגעהויבן אָפּרייניקן דאָס אָרט פון בית המקדש, אַז אפילו אויך פרויען האָבן געהאָלפן אין דער אַרבעט און פיל פון זיי האָבן אַוועק־געגעבן זייער צירונג, כדי העלפן באַצאָלן פאַר דער אָנגייענדיקער אַרבעט. אָבער ס'ווערט דערציילט, אַז די אָנגעהויבענע אַרבעט איז איבערגעריסן געוואָרן צוליב אַן... ערד־ציטערניש, וואָס זאָל דאַן האָבן אויסגעבראָכן אין ירושלים און נאָך דער ערד־ציטערניש, זענען נאָכגעקומען אַנדערע שטערונגען... עס זאָל האָבן אויסגעבראָכן עפּעס „אַ נישט־נאַטירלעך פייער" א.א. געשיכטעס, וואָס האָבן אויך אַ מערקווירדיקן אופן איבערגעריסן און געשטערט א׳יפצובויען ירושלים און דעם בית המקדש. די מעשיות שטאַמען פון קריסטלעכע קוועלן, וואָס האָבן גע־

5) צווישן די קריסטן וואָס האָבן אונטער דעם קיסר קאָנסטאַנטין דעם גרויסן, אָנגע־הויבן הערשן אין רוים, זענען אָנגעגאַנגען אַזעלכע שווערע גלויבנס־שטרייטן, אַז אַ געצענדינערישער אָפּיציר האָט אין יענע טעג געשריבן: „נישט פאַראַן קיין גרוי־זאַמערע חיות וואָס זאָלן זיין גרעסערע שונאים פון מענטשן, ווי עס זענען עס דער רוב קריסטן".

זוכט און זוכן כסדר צו ווייזן, אַז אין דעם אַלעם, איז געלעגן די האַנט פון רבונו של עולם . . . וואָס האָט נישט דערלאָזט די אָנגעהויבענע אַרבעטן.

קלישע נומער 2




אַ זאַל אין אַמאָליקן רוימישן באַד־פּאַלאַץ.

אַ פאַקט איז, אַז יוליאַן דער אַפּאָסטאַט האָט געוואָלט העלפן די יידן צוריק אויפבויען ירושלים. ס׳איז געווען אַ ווילן פון אַ יידן־פריינט, וואָס איז געשטערט געוואָרן נישט צוליב אַ וועלכעס איז ערד־ציטערניש, אָדער צוליב „עפּעס אַ גע־היים פייער״, נאָר ס׳איז אַזוי געשען, ווייל אין יאָר 363 איז דער קיסר יוליאַן דער אַפּאָסטאַט, דער יידן־פריינט, געפאַלן אין אַ שלאַכט קעגן די סיריער.

ס'איז אפילו אויך פּאַראַן אַ סברא, אַז יוליאַן איז אומגעקומען פון אַ קריסט־לעכע פייל און וואָס האָט גורם געווען צו די דורך דער קריסטלעכער וועלט, פאַרשפּרייטער מעשה, מכוח זיין כלומרשטן אויסרוף: „האָסט געזיגט, גלילעער!״.

ס'בלייבט נאָר זיך צו וווּנדערן, וואָס יוליאַנס כוונה און פּרווו אויפצובויען ירושלים און דאָס בית המקדש, איז כמעט ווי פאַרשוויגן געוואָרן אין אונדזערע יידישע מקורים, בעת די זאַך איז גוט באַקאַנט און פאַרשריבן אין די קרסטלעכע אַנאַלן.

סאַראַ געדאַנקען און געפילן, די אַלטע רוימישע מויערן וועלכע מיר זעען אין פּאַריזער בולוואַר סען־מישעל, וועקן אויף אין אַ יידישן מענטשן.

ווי שוין דערמאָנט, זענען די רוימישע מויערן איינגעשלאָסן אינעם שיינעם גאָטישן בנין פון 15־טן י.ה. אין דעם א.ג. האָטעל קליני, וואָס איז זינט דעם יאָר 1844 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מוזיי פון מיטלעלטער און וואָס פאַרמאָגט ביז גאָר רייכע זאַמלונגען, צווישן זיי די געפונענע מערערע יידישע מצבות פון אַלטן בית־עולם, וואָס האָט דאָ עקסיסטירט אין דער רי דע לאַ האַרפּ און אין אַ ריי דער־נעבנדיקע גאַסן 6). ליידער ליגן די מצבה־שטיינער, צוליב מאַנגל אין פּלאַץ, אין טיפע קעלערן פון מוזיי, ווו זיי ווערן אַלץ מער און מער רואינירט צוליב דער פייכטקייט וואָס הערשט דאָרט.

די דאָזיקע מצבות זענען געפאָרשט געוואָרן אין יאָר 1904 דורכן גרויסן ספּעציאַליסט מאָיס שוואַב, וועלכער האָט אויך צונויפגעשטעלט אַ ליסטע פון די שטיינער, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר היינט צו טאָג, די סאַמע וויכטיקסטע קאָ־לעקציע פון אַלטע יידישע מצבה־שטיינער אין מערב־אייראָפּע.

דער מוזיי קליני פאַרמאָגט אויך אַ זעלטן־רייכע אַלטע קאָלעקציע פון 132 רעליגיעזע יידישע חפצים. ס'איז אַ קאָלעקציע וואָס איז געזאַמלט געוואָרן פון אַ יידישן מענטשן, אַ געוויסן שטרויס, און וואָס איז אָפּגעקויפט געוואָרן דורך דער באַראָנעסע נאַטאַניעל ראָטשילד, און אַוועקגעשענקט דעם מוזיי.

די דאָזיקע הויך־אינטערעסאַנטע קאָלעקציע איז זינט דער לעצטער מלחמה 1939 — 1945, נישט מער אויסגעשטעלט פאַר די באַזוכער. זי ווערט אַרומגע־שיקט איבער שטעט און לענדער; זי איז געווען אויסגעשטעלט אין פאַרשידענע ערטער אין פראַנקרייך, האָלאַנד, דייטשלאַנד און אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אַלץ וואָס די באַזוכערס פון מוזיי קליני קענען זען פון דער דאָזיקער ריי־כער קאָלעקציע, באַשטייט פון פערצן קעגנשטאַנדן, וואָס געפינען זיך הינטער

6) נאָר אייניקע פון די געפונענע יידישע מצבות געפינען זיך אין פּאַריזער מוזיי קאַר־נאַוואַלע.

צווײ גלאָזשענק, צוליב מאַנגל אין פּלאַץ און דער עיקר, וואָס דער מוזײ זוכט אויסצושטעלן נאָר קעגנשטאַנדן פון מיטלאַלטער.

אָבער אין יאָר 1977 זענען אין פּאַריז אַנטדעקט געוואָרן, פֿאַרגראָבענע אין דער ערד, באַהאַלטענע שטיינער פון 28 סימבאָלישע סטאַטועס פון די מלכים פון. . . בית דוד, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן פראָנט פון דער נאָטער־דאַם קאַטע־דראַלע און וועלכע מען האָט צעבראָכן בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין יאָר 1793. די דאָזיקע שטיינער, וואָס שטאַמען פון 13־טן י.ה. און באַשטייען פון 364 פראַגמענטן, צווישן וועלכע ס׳זענען אויך פֿאַראַן 21 פיל־וויניק אָפּגעשווינטע קעפּ פון סטאַטועס געפינען זיך איצט אין מוזײ קליני 7).

מיר פֿאַרלאָזן דעם מוזײ קליני און אַדורכשניידנדיק דעם פּלאַץ פּאָל פּאַנ־לעווע געפינען מיר זיך אין דער רי דעז עקאָל, ביים מאָנומענט, וואָס שטעלט פֿאָר, אין אַ זיצנדיקער פּאָזע, דעם גרויסן פראַנצויזישן שרייבער מישעל מאָנ־טעין.

געבוירן אין יאָר 1533 און געשטאָרבן אין עלטער פון 59 יאָר, איז דער שרייבער אריין אין דער קולטור־געשיכטע אַלס פילאָסאָף און גרויסער הומאַניסט פון זיין צייט, וואָס איז געווען אַ יאָרהונדערט פון שווערע רעליגיעזע מלחמות אין דער צעריסענער און געשפּאָלטענער קריסטלעכער וועלט.

און אויב מיר פֿאַרהאַלטן זיך ביים מאָנומענט פון שרייבער, איז עס אַזוי דערפֿאַר, וואָס מישעל מאָנטעין איז געווען אַ זון פון אַ געטויפטער ייִדישער טאָכ־טער.

אין סוף פון 15־טן י.ה. האָבן זיך אָפּגעשפּילט די טראַגישע געשעענישן פון פֿאַרטרייבן אין יאָר 1492 די ייִדן פון שפּאַניע און אין יאָר 1496 די ייִדן פון פּאָר־טוגאַל. טויזנטער און טויזנטער ייִדן און צווישן זיי, אויך פיל געטויפטע משפחות, זענען געווען געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן די דורך זיי, פון לאַנג באַוווינטע לענדער און זיך צעשפּרייטן איבער אייראָפּע און איבער דער וועלט, זוכנדיק אַ לאַנד, וואָס זאָל זיי דערלויבן צו בלייבן און זיך שאַפן אַ פרישע היים.

צווישן די פֿאַרטריבענע האָבן זיך געפונען פיל געשמדטע משפחות, וואָס האָבן אין געהיים אָפּגעהיט זייער ייִדישקייט. געווען אָבער אויך משפחות, וואָס האָבן דורך זייער טויפן זיך, געזוכט באמת זיך אַריינצוגיסן אין דער קריסטלע־כער וועלט, כדי אַ סוף צו מאַכן צו זייערע כסדרדיקע צרות ווי ייִדן. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע ייִדן, האָט אויך געהערט די געשמדטע רייכע ייִדישע משפחה לאָפּעז, וואָס האָט זיך דאַן באַזעצט אין דער שטאָט באָרדאָ, ווו זייער טאָכטער אַנטואַנעטע, האָט חתונה געהאַט מיט אַ רייכן פראַנצויזישן ערד־באַזיצער, פּיער

---

7) זע: „ייִדן אין פּאַריז״, קאַפּיטל „די נאָטער־דאַם״.

עיקעם מאָנטעין, דעם פאָטער פון מישעל. ער האָט זיך אַרויסגערוקט ווי אַ שרייַ־בער און זיך געמאַכט אַ גאָר גרויסן נאָמען מיט זיינע ווערק, די א.ג. „עסייען״, אין וועלכע ער האָט באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם פון זיין „איך״ און דורך דעם „איך״ זיינעם, זעט ער און קען די וועלט. ס׳איז אַ ווערק אין וועלכן ער האָט גע־שריבן אַז: „יעדער מענטש טראָגט אין זיך דעם פולן אינהאַלט פון די מענטש־לעכע באַציאונגען״ און אין וועלכן ער פרעגט: „וואָס וויס איך?״ און דער לייע־נער דערזעט, אַז אין דער באַשיידנקייט פון שרייבער, רעדט אַרויס, אַ חוץ אַ פילאָ־סאָף פון גרויסן כוח, אויך אַ גרויסער מאָראַליסט און הומאַניסט.

מישעל מאָנטעין ווערט ביז גאָר באַרימט אין לאַנד: ער ווערט צוויי מאָל אויסגעקליבן אַלס דער מער פון באָרדאָ, אַ מיסיע, וואָס האָט געפּירט דערצו, אַז ער איז אָפט געקומען קיין פּאַריז, וווּ ער איז געוואָרן אַ גאָר נאָענטער מענטש ביי די דעמאָלטיקע הערשער פון פראַנקרייך: ביי פראַנסואַ דעם 2־טן, שאַרל דעם 9־טן, הענריך דעם 3־טן און ביי דער קעניגין קאַטערינע מעדיטשי און באַקו־מען פון זיי פאַרשידענע אויסצייכענונגען. ס׳זענען דאַן געווען טראַגישע יאָרן פון רעליגיעזע מלחמות און קעגנזייטיקע שחיטות; די קעניגן און פּרינצן באַראָטן זיך מיטן שרייבער־חכם, מכוח ווי אַזוי צו האַנדלען אין זייערע שווער־פּאָליטישע און רעליגיעזע קאָנפליקטן. מ. מאָנטעין פירט אפילו אויס — שטילערהייט — אַ ריי פּאָליטישע מיסיעס פון אויסגלייכן קאָנפליקטן צווישן די קעניגן און פּרינצן, פירער פון די צווישן זיך שטרייטנדיקע גרופּעס.

און טראָץ דער גרויסער נאָענטקייט וואָס עס האָט זיך איינגעשטעלט צווישן די הערשער פון יענער שווערער און בלוטיקער צייט און דעם שרייבער, איז ער גופא, וואָס איז פאַרשטייט זיך אָנגעגאַנגען אַלס גוטער קאַטאָליק, געווען ווייט פון קריגערישקייט און פול מיט אַ גרויסן פאַרלאַנג אין האַרצן, ס׳זאָל אַ סוף נעמען צו דעם טראַגישן מלחמה־מצב און פאַר שלום.

זעענדיק די טראַגישקייט פון די געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אַרום אים און זוכנדיק צו פאַרקלענערן די אומגליקן, האָט ער געהאַלטן פאַר גלייכער און ליבער אונטערצוואַרפן זיך די הערשנדיקע געזעצן און דער איינגעשטעלטער אָרדענונג.

נישט געקוקט אויף זיינע פערזענלעכע סימפּאַטיעס צו די אַנטיקע רעפּו־בליקן, האָט ער אויפן רעליגיעזן געביט, זיך געהאַלטן ביים גלויבן פון זיינע קריסטלעכע עלטערן (ס׳איז געווען באַקוועם פון אַלע שטאַנדפּונקטן...) און נישט ווי אַן אָנהענגער פון דער רעפאָרם־באַוועגונג, וואָס האָט געקאָסט אַזוי פיל בלוט.

„מאָנטעין פאַרלייקנט נישט גאָט, נאָר ער זעצט אים אַוועק אויף אַ טראָן „ווונדערבאַר איזאָלירט״ און לעבט, ווי גאָט וואָלט נישט עקסיסטירט״ און אַז „לויט זיין נאָמען און טויפונג, איז ער (מאָנטעין) אַ קריסט. ער גייט אין דער

קירכע צו דער תפילה, כדי צו טאָן ווי עס איז אָנגענומען, אָבער דאָס קריסטלעכע געפּיל שפּילט נישט קיין ראָלע אין זיין אינערלעך לעבן" — האָט וועגן אים גע־שריבן אַנדרע מאָרואַ.

„פּאַקטיש — האָט מישעל מאָנטעין געשריבן — אַז דער אמתער גלויבן איז אָפּוועזנד אין די אַלע אָנגייענדיקע דעבאַטן" און דער שרייבער ווערט טאַקע, דורך פּיל, וואָס שטודירן זיין לעבן און זיינע האַנדלונגען, באַטראַכט אַלס אַ... געצנדינערישער פילאָסאָף.

קלישע נומער 3



מאָנומענט פון דיכטער מישעל מאָנטעין.

זאָל דאָ לסוף אויך געזאָגט ווערן, אַז טראָץ דאָס זוכן אין די ווערק פון מישעל מאָנטעין עפּעס אַן אָנווייזונג אויף זיין ייִדישער אָפּשטאַמונג, איז אַזעלכעס שווער פעסטצושטעלן.

ס'איז כמעט אויך גאָרנישט באַוווּסט וועגן זיין ייִדישער מוטער. וואָס מען

ווייסט אָבער יאָ, איז, אַז צווישן דער מוטער און זון איז נישט אַלץ געווען בשלום; זיי האָבן נישט געהאַט צווישן זיך קיין גוט לעבן.

פאַרוואָס?

טראָץ דער מוטערס אַסימילאַציע און שמד, איז עס ווייט נישט אויסגע־שלאָסן, אַז זי האָט נאָך פאַרמאָגט אין זיך עפּעס פון יידישקייט, וואָס דער זון אירער, מישעל מאָנטעין, דער... רעאַליסט, אָפיציעלער קאַטאָליק און פאַקטי־שער נישט־גלויביקער, האָט מיט אַלע כוחות געזוכט אויסצומיידן...

דער שיינער מאָנומענט פון שרייבער וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן סקולפּ־טאָר פּאול לאַנדאָווסקי, איז דאָ אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1933, לכבוד די פיר הונדערט יאָר פון שרייבערס געבוירן־טאָג. ס'איז אַ מאָנומענט וואָס דער־מאָנט דעם יידישן פאַרבייגייער, אינעם טראַגישן קאַפּיטל יידיש־לעבן, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט סוף 15־טן יאָרהונדערט מיט די יידן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל.

מיר פאַרלאָזן דעם מאָנומענט פון שרייבער, שפּאַנען אַריבער אויף דער אַנדערער זייט גאַס און דאָ, געפינען מיר זיך ביים פּאַראַדנעם אַריינגאַנג אין בנין פון דער פּאַריזער סאָרבאָנע. די אינסטיטוציע איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין 13־טן יאָרהונדערט, ווי אַ רעליגיעזער אַנשטאַלט און איז היינט צו טאָג, א פּאַריזער אוניווערסיטעט־צענטער, אין וועלכן עס קאָנצענטרירן זיך מערערע פאַקולטעטן.

גלייך ביים אַריינקומען, געפינען מיר זיך אין אַ זייער גרויסן זאַל, ווו מיר זעען אויף די ווענט מערערע מירמלשטיינערנע טאָוולען אויף וועלכע ס'זענען אָנגעגעבן נעמען פון מעצענאַטן וועלכע האָבן געשטיצט די וויסנשאַפטלעכע אַנטוויקלונג און אַקטיוויטעט פון די אוניווערסיטעטן און צווישן זיי, פיגורירן אויך נעמען פון אייניקע ראָטשילדס און אויך פון אַנדערע יידישע מעצענאַטן, ווי: דויטש דע לאַ מערטר, באַראָן הירש, דירקהיים, בישאָפסהיים, דוד ווייל, אַלבערט קאַהאַן א.א. צוזאַמען, 22 נעמען פון באַקאַנטע יידישע מעצענאַטן, וואָס האָבן בייגעשטייערט פאַר דער אַקטיוויטעט פון די פּאַריזער אוניווערסיטעטן.

אין אַן אַנדערן זאַל, וועמענס אַריינגאַנג געפינט זיך אין דער רי דע לאַ סאָרבאָן, געפינען זיך שטיין־טאָוולען, ווו עס זענען אָנגעגעבן מערערע נעמען פון פּראָפעסאָרן און סטודענטן, אומגעקומענע בעת דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמות און אויך דאָ, צווישן דער גרויסער צאָל נעמען, זעען מיר מע־רערע יידישע נעמען. אין אַן אַנדערן זאַל פון דער סאָרבאָנע, געפינט זיך אויך אַ שטיין־טאָוול מיט אַ צאָל נעמען פון יידישע פּראָפעסאָרן און סטודענטן אומגע־קומענע אין דעפּאָרטאַציע.

יאָ, די טאָוולען אין די בנינים פון דער סאָרבאָנע, דערציילן אַ ביז גאָר ערנסט קאַפּיטל וועגן יידישער אַקטיוויטעט אויפן געביט פון שטיצן מאַטעריעל

די וויסנשאַפט אין לאַנד און אויך דעם געצאָלטן פּרייז,ביים פּאַרטייִדיקן פראַנק־רייך איןביידע וועלט־מלחמות און בעתן נאַצי־רעזשים.

די סאָרבאָנע פאַרמאָגט אויך אַ גרויסן אַמפיטעאַטער־זאַל אויף דעם נאָמען פון קאַרדינאַל רישעליע; אין דאָזיקן זאַל, איז דעם 17־טן דעצעמבער 1978 פאָרגעקומען אַ גרויסע פייערלעכע אויפנאַמע לכבוד דעם שרייבער יצחק באַשעוויס־זינגער, צוליב זיין ווערן אויסגעצייכנט מיטן נאָבעל־פּרייז פאַר ליטעראַטור, פאַרן יאָר 1978.

ליִנקס פון הויפּט־פּאַסאַד פון דער סאָרבאָנע, אין דער זעלבער רי דעז עקאָל, געפינט זיך אַ פּלאַץ וואָס טראָגט דעם נאָמען מאַרסעלאַן בערטעלאָ, און דאָ געפינען מיר זיך פאַרן בנין פון א.ג. „קאָלעזש דע פראַנס", אַ הויכשול, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין 1529 אויף צו לערנען שפּראַכן און אין יענע טעג, האָט זיך עס קודם כל געהאַנדלט אין דריי שפּראַכן: גריכיש, לאַטיין און העברעאיש. די דאָן ניי־געשאַפענע שול, וואָס עקסיסטירט ביז היינט צו טאָג (אויף אַ פיל־געענדערטן אופן) פאַרמאָגט אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטן ייִדישן מאָמענט, וואָס איז באַשטאַנען אין דער איינלאַדונג וואָס איז אַמאָל, אין 16־טן יאָרהונדערט, געמאַכט געוואָרן דעם באַרימטן ייִדישן פּאָעט אליהו בחור, וואָס האָט געלעבט אין ווענעדיק, צו קומען קיין פּאַריז, כדי איבערנעמען דעם אַמט פון לערנען די נישט־ייִדישע שילער העברעאיש.

דאָס זענען געווען די טעג פון דער גרויסער שפּאַלטונג אין דער קריסטלעכער וועלט, געשעענישן אויף וועלכע מיר האָבן זיך שוין פריער אָפּגעשטעלט.

בעתן אויפקום פון דער רעפאָרם־באַוועגונג, איז מען אויך צוגעטרעטן איבערזעצן די ביבל אויף די פאַרשידענע שפּראַכן פון די קריסטלעכע פעלקער, כדי איטלעך איינער, וואָס קען נאָר לייענען, זאָל האָבן די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיטן הייליקן ספר, וואָס איז ביז יענער צייט, געווען איבערזעצט (אויך טענדענציעז), נאָר אויף אַלט־גריכיש און לאַטיין 8).

דאָס איבערזעצן די ביבל אויף די שפּראַכן פון די פעלקער, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס צו קענען די אָריגינעלע שפּראַך פון תנ״ך, העברעאיש, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן די גרינדונג פון אַ קאַטעדרע פאַר העברעאיש. מען האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מכוח אַ פּאַסיקן קאַנדידאַט, וואָס זאָל פאַרנע־

---

8) ביי דער געלעגנהייט דאַרף אָנגעוויזן ווערן, אַז זינט דער אַנטשטייאונג אין 13־טן י.ה. פון די ערשטע פּאַריזער הויכשולן, וואָס האָבן זיך פאַרמירט אויף דער לינקער זייט סען און ווו דאָס לערנען זיך, איז אָנגעגאַנגען אין דער שפּראַך וואָס האָט דאַן דאָמינירט אין דער קירכע, לאַטיין און ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן דער רוב שילער, וואָס האָבן געלערנט און זיך באַנוצט מיט לאַטיין, האָט מען דאַן די געגנט אָנגעהויבן רופן „דער לאַטיינישער קוואַרטאַל".

מען דעם פּראָפעסאָרן־אַמט און דאַן איז געפאַלן דער נאָמען פון עליאַ לעוויטאַ (אליהו בחור), וועלכער האָט געלעבט און געווען אַקטיוו אין ווענעדיג און ווע־מענס נאָמען עס האָט געהאַט אַ שם אין דער קריסטלעך־קירכערלעכער וועלט, ווי אַ גרויסער העברעאיש־קענער און לערער פון אַ ריי באַרימטע קריסטלעכע פּער־זענלעכקייטן, וועמענס איינער פון די תלמידים איז געווען דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר אין ווענעדיג, דע סעלוו.

אליהו בחור איז געווען אַ געבוירענער אין איפשהיים, ביי נירנבערג. צוליב די יידן־רדיפות אין דייטשלאַנד, האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין איטאַליע.

וועגן לעבן פון אליהו בחור איז פיל געשריבן און דערציילט געוואָרן. ער איז געווען דער סאַמע ערשטער שרייבער אין יידיש, וועמענס יידישע מאַניס־קריפּטן געפינען זיך, אַחוץ אין אַנדערע לענדער, אויך אין דער פּאַריזער נאַציאָ־נאַלער ביבליאָטעק. ער איז עס געווען דער מחבר פון באַרימטן יידישן ראָמאַן „בבא־בוך״, געשריבן אין יאָר 1507 אין פערזן און אין גראַמען. אַ ווערק וואָס ער האָט פּאַקטיש איבערגעזעצט פון איטאַליעניש אויף אונדזער יידיש־לשון, אָבער אַריינגעפירט דערין אַ סך ענדערונגען און אייגענע פאַנטאַזיע. דער ראָמאַן „בבא־בוך״ האָט צוליב זיין גרויסער פּאָפּולאַריטעט, אויסגעהאַלטן מערערע אויס־גאַבעס און באַקומען ביים פאָלק דעם נאָמען „באָבע־בוך״ און דערנאָך עוואָלואירט צום פאָלקס־אויסדרוק „באָבע־מעשה״, אַן אויסדרוק מיט וועלכן מען באַצייכנט אַ געשעעניש וואָס קלינגט „ווי נישט געשטויגן״ 9).

אַן איינלאַדונג צום שרייבער, ער זאָל איבערנעמען די העברעאישע קאַטע־דרע אין „קאָלעזש דע פראַנס״ האָט זיך נישט רעאַליזירט.

דאַרף זשע דאָ דערציילט ווערן:

זינט דעם יאָר 1396 זענען די יידן געווען פאַרטריבן פון פראַנקרייך און נישט געטאָרט אפילו אַריינקומען אין לאַנד אַריין. האָבנדיק די איינלאַדונג איבער־צונעמען דעם הויכן לערער־אַמט אין פּאַריז, האָט אליהו בחור געפרעגט ביים פראַנצויזישן אַמבאַסאַדאָר דע סעלוו:

— פראַנקרייך איז דאָך פאַרשלאָסן פאַר יידן, איז ווי אַזוי קענט איר מיך איינלאַדן?

דערויף האָט ער באַקומען אַן ענטפער, אַז דאָס לאַנד איז טאַקע געשלאָסן פאַר יידן, אָבער נישט פאַר אים און אַז ער וועט דאָרט זייער גערן געזען ווערן.

9) דאָס ווערק „בבא בוך״ פון אליהו בחור איז דערשינען אין יאָר 1962 אין בוענאָס־איירעס, אין פאַרלאַג „מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור״, אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל ראָזשאַנסקי, איבערגעדיכטעט פון אַלט־יידיש, דורכן שריי־בער און דיכטער משה קנאַפּהייס.

דער ייִדישער מענטש אליהו בחור, וואָס האָט געלעבט די 24 שעה פון טאָג מיטן ייִדישן גורל, האָט אין דעם אים געמאַכטן פאָרשלאַג, צו קומען קיין פראַנק־רייך, דערזען אַ מעגלעכקייט פון פּראָבירן ברעכן דאָס אַנטי־ייִדישע געזעץ, וואָס האָט, זיבט קנאַפּע הונדערט פופציק יאָר, פאַרבאָטן ייִדן צו וווינען אין פראַנק־רייך, האָט דער דיכטער אויפגעקלערט דעם פראַנצויזישן אַמבאַסאַדאָר, אַז...

ווי אַ ייִד, דאַרף ער האָבן מיט זיך נאָך ניין ייִדן, דאָס הייסט אַ מנין, כדי קענען יעדן טאָג דאַווענען בציבור און אַזוי ווי מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, קען דאָך געשען, אַז אימעצער פון די ניין ייִדן זאָל חלילה ווערן קראַנק, בכן דאַרף ער האָבן מיט זיך עפּעס מער ווי אַ מנין, הײַנט האָבן דאָך די ייִדן משפחות, ווײַ־בער און קינדער, קען מען זיי דאָך נישט צעשיידן... אָבער דערמיט ענדיקט זיך עס נישט... וואָרעם ייִדן היטן אָפּ כשרות און דאַרפן מיט זיך האָבן אויך אַ שוחט, אַ מוהל א.א.וו. מיט איין וואָרט, אַז זיין קומען קיין פּאַריז איז פאַרבונדן מיט... עפּענען דאָס לאַנד פאַר אַ פּאָר צענדליק און אפשר מערערע ייִדישע משפחות און ממילא דאַרפן די ייִדן וואָס וועלן מיט אים קומען אין לאַנד אַריין, אויך באַקומען די רעכט אויף קענען זוכן פּרנסה...

אוודאי האָט די פראַנצויזישע רעגירונג, אָנשטויסנדיק זיך אויף דער דאָזי־קער פאָדערונג פון אליהו בחור, געזען וווהין דער שרייבער צילט, און זיך אָפּגע־זאָגט פון עפענען דאָס לאַנד פאַר ייִדן.

אליהו בחור האָט, ווי מיר ווייסן עס, ליב געהאַט דאָס שיינע ווענעדיג און נישט געהאַט קיין חשק צו קומען וווינען אין דעם פון ייִדן־אויסגעליידיקטן פראַנק־רייך. ער איז אָבער געווען גרייט עס צו טאָן, כדי קענען אויף אַזאַ אופן ברעכן דאָס אַנטי־ייִדישע געזעץ, פון וועלכן דאָס דעמאָלטיקע פראַנקרייך האָט זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן.

געפינענדיק זיך פאַרן בנין פון „קאָלעזש דע פראַנס״, קענען מיר נישט, נישט טראַכטן וועגן דעם אַזוי באַרימטן ערשטן ייִדישן דיכטער אליהו בחור, דעם מחבר פון „בבא־בוך״ אָדער „באַבע־מעשה״, וועגן וועמען ס׳איז פאַראַן אַזאַ רייכע ליטעראַטור, וואָס דערציילט אויך וועגן דעם זעלטן אינטערעסאַנטן פאַל אין לעבן פון דיכטער, און וועגן זיין טריי און איבערגעגעבן ייִדיש האַרץ.

אין דער זעלבער רי דעז עקאָל, רעכטס פון אימפּאָזאַנטן פאַסאַד פון דער סאָרבאָנע, אויף וועלכער מיר האָבן זיך שוין אָפּגעשטעלט, געפינט זיך דאָס שמאָלע און אַזוי אַלטע געסל, די רי שאַמפּאָליאָן, אין וועלכן ס׳האָט אין 17־טן י.ה. גע־לעבט דער גרויסער פראַנצויזישער דיכטער־דראַמאַטורג זשאַן־באַטיסט ראַסין, וואָס האָט וווינענדיק אין איינעם פון די אַלטע הייזער (אין וועלכן הויז איז נישט באַוווסט), דאָ אָנגעשריבן צוויי פון זיינע באַרימטע טעאַטער־ווערק אויף תנ׳כישע סיוזשעטן ; דאָס זענען די טראַגעדיעס אין פערזן „אַטאַלי״ און „אסתר״.

אין דער טראַגעדיע „אַטאַלי״ באַהאַנדלט דער דיכטער די טראַגישע געשעענישן און קאַמפן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין תנ׳כישן יהודה, קעגן דער געצנדינערײַ וואָס האָט זיך דאָרט פאַרשפּרייט און וואָס ווערט אין דעם ווערק פערסאָניציפירט אין דער מלכה עתליה (פון פעניצישער אָפּשטאַמונג), די טאָכטער פון ישראלדיקן מלך אחאב און איזבל, וועלכע האָט חתונה געהאַט פאַרן זון פון מלך יהושפט און האָט שפּעטער, שוין ווי אן אלמנה און רעגענטין, אַדורכגעפירט אַ טראַגישע הויף־רעוואָלוציע, לאָזנדיק אויסהרגענען אַלע פּרינצן, די קינדער פון מלך דוד׳ס אָפּשטאַמונג, כדי צו קענען אומבאַגרענעצט הערשן איבער יהודה. זי איז סוף כל סוף, נאָך זעקס יאָר דעספּאָטישער הערשאַפט, אומגעברענגט געוואָרן דורך די גלויביקע יידן, וועלכע האָבן געזוכט אַ סוף צו מאַכן צו דער צוריק אויפגעשטאַנענער געצנדינערײַ אין לאַנד.

דאָס צווייטע ווערק, די טראַגעדיע אויפן מגילה־סיוזשעט „אסתר״ האָט דער דיכטער אָנגעשריבן אויף דער ביטע פון לודוויק דעם פערצנטנס אַ געליבטע, די מאַדאַם דע מאַנטעננאָן, און וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין יאָר 1689. „אסתר״ איז אַ פּיעסע, וואָס האָט אין יענע טעג, סוף 17־טן י.ה. אַרויסגערופן אין דער פראַנצויזישער וועלט, פאַרשידענע פאַרדאַכטן: אַז דער דיכטער האָט מיטן אַרויספירן די פּערזאָן פון המנ׳ען, געצילט אין אַזאַ אָדער אַנדערער פּערזאָן און אַז ער זאָל אויך האָבן דערבײַ געהאַט געוויסע רעליגיעזע חשבונות און כוונות אין פאַרבינדונג מיט אַ דאַן באַקעמפטער רעליגיעזער באַוועגונג, באַקאַנט אַלס יאַנסעניזם, צו וועלכער דער דיכטער איז געווען נאָענט.

וואָס עס איז אינטערעסאַנט צו דערציילן, איז די געשיכטע אַרום דער טראַגעדיע „אסתר״, אין פאַרבינדונג מיט דער גרויסער יידישער אַקטריסע ראַשעל, וואָס האָט געלעבט אין פאַרגאַנגענעם י.ה. (1821 — 1859) און וועלכע האָט אייניקע מאָל געשפּילט „אסתר״ אין באַרימטן טעאַטער, די „פראַנצויזישע קאָמעדיע״: אין פאַריז האָט מען אָנגעהויבן רעדן... אַז די יידישע ראַשעל פירט עקסטרע אויס „אסתר״ אין די טעג פון יידישן יום־טוב פורים און אַז די פאַריזער יידן פאַרפלייצן דאַן, אין די פורים־טעג, די „קאָמעדי פראַנסעז״.

די גרויסע ראַשעל האָט אויפגעפירט די פּיעסע „אסתר״ נאָר אין די יאָרן 1839, 1840 און 1841 און אין די דאָזיקע דרײַ יאָרן, איז „אסתר״ אויפגעפירט געוואָרן אין סך־הכל נאָר... פינף מאָל און מער האָט זי זיך צו דעם ווערק נישט אומגעקערט, טראָץ איר שפּילן אין דעם טעאַטער, נאָך קרוב פופצן יאָר צײַט.

אָבער ווײַל די פינף מאָל שפּילן „אסתר״ זענען פאָרגעקומען: דעם 28־טן פעברואַר 1839, דעם 4־טן און 9־טן מערץ פון זעלבן יאָר; אַ פערט מאָל, דעם 25־טן אַפּריל 1840 און איין מאָל אין חודש מערץ 1841, איז אין פאַריז געבוירן געוואָרן די מעשה, אַז דאָס איז אַזוי געשען לכבוד דעם יידישן יום־טוב פורים

און אויפֿן ווילן פֿון ראַשעלן, וואָס איז געווען אַן איבערגעגעבענע יידישע טאָכ־טער.

און עס איז ווייט, ווייט נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין דעם שטעלן ראַסינס ווערק „אסתר״ אין די טעג פֿון אַ פֿעברואַר, מערץ און אַפּריל, זאָל טאַקע האָבן געשען אין די פּורים־טעג, אויפֿן ווילן פֿון דער אַקטריסע, אַ זאַך וואָס האָט אַרויס־גערופֿן דעם אפשר באַרעכטיקטן פּאַרדאַכט, (און אַן אויפֿברויז אין די אַנטי־יידי־שע קרייזן) אַז די פֿאָרשטעלונגען זענען נישט געווען קיין צופֿעליקע, אָבער ווי שוין אָנגעוויזן, האָט ראַשעל געשפּילט „אסתר״ נאָר פֿינף מאָל און קיינמאָל אין די ווייטערדיקע קרוב פֿופֿצן יאָר אַרטיסטישער קאַריערע, זיך מער נישט אומגעקערט צו דעם סיוזשעט (מען האָט וואַרשיינלעך נישט דערלאָזט. . .).

אָבער מיטן שטילן אינטערוועניר̈ן קעגן דעם שפּילן „אסתר״, האָט זיך די זאַך ווייט נישט פֿאַרענדיקט, וואָרעם קורץ דערנאָך, איז נאָכגעקומען אַ הויך אינטערעסאַנט געשעעניש, מיט וועלכן ס׳האָט זיך דאַן פֿיל געטומלט אין די פֿראַנצויזישע אינטעלעקטועלע קרייזן:

דער באַהאַלטענער שטורעם קעגן ראַשעלס אויספֿירן „אסתר״ אין די פּורים־טעג, האָט דערפֿירט דערצו, אַז די „פֿראַנצויזישע קאָמעדיע״ איז איילִיק צוגע־טרעטן באַנייען די פּראָ־קריסטלעכע טראַגעדיע „פּאָליעקט״ פֿון קאָרנעי (קאָר־נעל) און אין דער דאָזיקער פּיעסע, האָט מען איבערגעגעבן ראַשעלן, צו שפּילן די ראָלע פֿון אַ יונגער פֿרוי, פּאָלין, וואָס איר מאַן, אַ פֿריש־געוואָרענער קריסט, איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די רוימער און אין אַ באַשטימטן מאָמענט, דער־קלערט זי, אַז זי איז גרייט, פּונקט ווי איר מאַן, אָפּצוגעבן איר לעבן פֿאַרן נייעם, פֿאַרן קריסטלעכן גלויבן.

דער דאָזיקער מאָמענט געהערט צו די סאַמע פּאַטעטישסטע אין דער פֿאָר־שטעלונג, אַ ראָלע וועלכע ראַשעל, די גרויסע קינסטלערין, האָט אויסגעפֿירט אויף אַ גלענצנדיקן הויך־קינסטלערישן אופֿן, וואָס האָט ביים ברייטן עולם דער־וועקט אַ צווייפֿל אין ראַשעלס יידישקייט, וואָרעם אויב זי קען אַרויסווייזן אַזאַ געהויבן געפֿיל אין דער ראָלע אַלס קריסטין, איז דאָך נישט מעגלעך, אַז דאָס זאָל זיין נאָר אַ סצענישער ענין, בפֿרט נאָך, אַז אין יענע טעג, אין דער ערשטער העלפֿט פֿון פֿאַרגאַנגענעם י.ה. איז צווישן די יידן אין פֿראַנקרייך, אָנגעגאַנגען אַ גאָר גרויסע שמד־באַוועגונג.

דער ענין ווי אַזוי ראַשעל האָט אויסגעפֿירט די ראָלע פֿון דער קריסטין פּאָלין, האָט געוואַלדיק אינטריגירט דעם עולם און אין סאַלאָן פֿון דער באַרימטער מאַדאַם רעקאַמיע, ווו עס האָט געקיניגט דער שרייבער און דענקער שאַטאָבריאַן, מחבר פֿון ווערק „דאָס גאונות פֿון קריסטנטום״ און צווישן די געסט זענען גלייכ־צייטיק געווען אָנוועזנד ראַשעל און אויך דער אַרציבישאָף פֿון פּאַריז (זיין אָנוועזנ־

הייט איז גאַנץ וואַרשיינלעך נישט געווען קיין צופעליקע) איז מען צוגעשטאַנען צו דער יידישער אַקטריסע, זי זאָל רעציטירן פערזן פון איר ראָלע אַלס... פֿאָלין, אין וועלכער זי רעדט וועגן איר גרייטקייט אומצוקומען צוליבן... קריסטלעכן גלויבן.

ראַשעל האָט דערפילט אַז זי געפינט זיך פאַר אַ פאַרשווערונג: אַז מען זוכט איר פּראָוואָצירן, אויף אַרויסקומען מיט אַ פּאַנעגיריק פאַרן קריסטלעכן גלויבן און אַז דאָס דאַרף געשען אין דער אָנוועזנהייט פון הויכן גייסטלעכן, וועלכער געפינט זיך דאָ אין זאַל און קוקט איר געשפּאַנט אין פנים אַריין...

און ראַשעל, וואָס פלעגט ביי געלעגנהייטן, אַנטקעגנקומען אַזעלכע ביטעס און אויספירן געוויסע רעציטאַציעס, האָט געפונען אין זיך כוח אָפּצוזאָגן און אַנשטאָט רעציטירן עפּעס פון איר ראָלע ווי אַ קריסטין, פאָלין, וואָס איז גרייט אומצוקומען פאַר איר נייעם גלויבן, האָט זי רעציטירט אַ פראַגמענט פון... „אסתר" אין וועלכן זי איז זיך מודה פאַרן מלך אחשורוש אין זיין אַ יידישע טאָכ־טער.

ראַשעלס האַלטונג האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק אויף די אָנוועזנדיקע און אַז מען האָט זי, נאָך דער רעציטאַציע, צוגעפירט צום אַרציבישאָף, האָט זי געבעטן, ער זאָל איר מוחל זיין איר האַנדלונג און אים געזאָגט:

— מאָנסעניער, איך גלייב!

אַזוי האָט געהאַנדלט די יידישע טאָכטער ראַשעל.

די רי שאַמפּאָליאָן פירט אונדז איבערן סאָרבאָנע־פּלאַץ, צו דער רי סופלאָ, און גלייך געפינען מיר זיך אויפן גרויסן און ביז גאַר אימפּאָזאַנטן פּלאַץ פּאַנטעאָן. דאָ פאַרהאַלטן מיר זיך ביים הויפּט־טויער פון יורידישן פאַקולטעט. אַ שווערער גרויסער בנין וואָס דערציילט אַ ווייטערדיק קאַפּיטל פון יידישער פאַרגאַנגנהייט, וואָרעם די ערד אויף וועלכער עס געפינט זיך אַ טייל פון דאָזיקן בנין און אויך דער אַריינגאַנג אין יורידישן פאַקולטעט, האָט סוף 12־טן י.ה. געהערט צו אַ יידישן מענטשן, וואָס האָט דאָ געהאַט און באַאַרבעט זיין וויינגאָרטן, וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען, פאַרטרייבנדיק אים אין יאָר 1182, צוזאַמען מיט אַלע יידן פון לאַנד, באַרויבנדיק זיי ביז אַ לעצט. אַלץ וואָס מען ווייסט וועגן דעם אַמאָליקן אייגנטימער פון דער דאָזיקער ערד איז, אַז ער האָט געהייסן אברהם.

אין דער טיף פון דעם גרויסן פּלאַץ, לינקס פון פּאַנטעאָן־בנין, געפינט זיך אַ קירכע וואָס איז געווידמעט דעם „סענט־עטיען די מאָנט". ס'איז אַ נאָמען פון אַ פאַרהייליקטן קריסטלעכן מענטשן, וואָס זאָל האָבן — ווי עס דערציילט עס „די געשיכטע פון די אַפּאָסטאָלן" — אומגעקומען אַ פאַרשטייניקטער דורך יידן און וועלכער ווערט אין דער קריסטלעכער וועלט באַטראַכט ווי דער ערשטער מאַרטירער נאָך דער פּערזאָן פון קריסטוסן.

ס׳איז אַן ענין וועלכן מיר האָבן שוין באַהאַנדלט (10) און אויב מיר פּאַר־האַלטן זיך ביי דער קירכע וואָס טראָגט דעם נאָמען פון קריסטלעכן הייליקן עטיען, טוען מיר עס, כדי צו ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף דער סקולפּטור־גרופּע וועלכע געפינט זיך איבערן הויפּט־אַריינגאַנג אין דער קירכע; זי שטעלט פאָר די סצענע, ווי אַזוי די יידן ברענגען אום דעם פאַרהייליקטן, וואַרפנדיק אין אים שטיינער.

קלישע נומער 4



די יידן פאַרשטייניקן דעם סענט־עטיען.

אין דער טיף פון דער דאָזיקער קירכע, געפינען זיך אייניקע אַלטע ווי־טראַזשן, צונויפגעזאַמלטע פון אַנדערע ערטער און צווישן זיי, איז אויך פאַראַן אַ וויטראַזש פון 17־טן י.ה. וואָס שטעלט פאָר איינע פון די סצענעס פון האָסטיע־בלבול, וואָס האָט אין 13־טן י.ה. זיך אָפּגעשפּילט מיטן ייד יונתן אין פּאַריז (11).

10) זע „יידן אין פּאַריז״, ערשט בוך, קאַפּיטל „די נאָטרע דאַם״.

11) זע „יידן אין פּאַריז״, קאַפּיטל „דער האָסטיע־בלבול״. זאָל לסוף אויך דערמאָנט ווערן, אַז אין דער דאָזיקער קירכע געפינט זיך דאָס קבר פון שרייבער זשאַן־באַ־טיסט ראַסין, מחבר פון דער פריער באַהאַנדלטער טראַגעדיע „אסתר״.

מיר פאַרלאָזן די קירכע „סענט־עטיען די מאָנט" און קומען אַריין אין פּרעכטיקן בנין פון פּאַנטעאָן, וועמענס בוי איז פאַרענדיקט געוואָרן סוף פון 18־טן י.ה. און וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעמפּל פאַר די גרויסע מענער פון פראַנצויזישן פאָלק.

אויך דער פּאַנטעאָן פאַרמאָגט און האָט צו דערציילן ביז גאָר וויכטיקע מאָמענטן וועגן יידן און יידיש־לעבן אין לאַנד, וואָס קומען דאָ צום אויסדרוק, סיי דורך געוויסע אויפשריפטן וואָס מיר טרעפן דאָ אָן, צוליב אַ גרויס קונסט־ווערק פון אַ יידישן מאָלער, וואָס געפינט זיך דאָ און צוליב ווערק און האַנדלונגען פון אייניקע באַרימטע פראַנצויזישע פּערזענלעכקייטן, וועמענס קברים געפינען זיך אין דעם גרויסן נאַציאָנאַלן בנין.

קלישע נומער 5



קרוינונג פון שאַרלעמאַן (פון הענרי לעאָפּאָלד לעווי).

דער פּאַנטעאָן איז רייך אין מאַלערייען וואָס דעקאָרירן זיינע ווענט און באַ־האַנדלען אינטערעסאַנטע סיוזשעטן געווידמעט דער געשיכטע פון לאַנד. צווישן די בילדער, געפינט זיך דאָ אויך אַ ווערק, וואָס באַשטייט פון פיר פראַגמענטן, אויף וועלכע דער קינסטלער האָט אַרויסגעפירט, אויף אַ ביז גאָר פאַרכאַפּנדיקן אופן די גראַנדיעזע היסטאָרישע סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יאָר אַכטהונדערט אין רוים. ס׳איז אַ לייוונט אויף וועלכן מיר זעען דעם פּויפּסט לעאָן דעם דריטן, קרוינען אַלס אַ קיסר פון גאַנצן מערב, דעם פראַנקישן מלך קאַרל דעם ערשטן, דעם גרויסן, באַקאַנט אַלס שאַרלעמאַן. ס׳איז אַ הויך־קינסטלעריש ווערק וואָס איז געמאָלן דורך אַ יידישן קינסטלער, הענרי־לעאָפּאָלד לעווי, געבוירן אין נאַנסי, אין יאָר 1840 און געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1904.

הענרי־לעאָפּאָלד לעווי האָט געשאַפן אַ ריי לייוונטן אויף ביבלישע און יידיש־געשיכטלעכע סיוזשעטן, ווי: „די יידן וויינען אויפן חורבן פון ירושלים״, „חוה מיטן עפּל״, אַ ווערק פאַר וועלכן דער קינסטלער איז, אויף דער פּאַריזער וועלט־אויסשטעלונג אין יאָר 1900, באַלוינט געוואָרן מיט אַ גאָלדענער מעדאַל. הענרי־לעאָפּאָלד לעווי האָט אויך דעקאָרירט איינעם פון די הויפּט־זאַלן פון פּאַ־ריזער שטאָט־ראַט מיט זיינס אַ פּרעכטיק ווערק וואָס שטעלט פאָר „די שעהן פון טאָג און נאַכט״.

צווישן די באַרימטע פראַנצויזישע פּערזענלעכקייטן וואָס רוען אין פּאַנטעאָן, דאַרף קודם כל דערמאָנט ווערן דער גרויסער שרייבער וואָלטער, וועלכער האָט פאַרדינסטן אויפן געביט פון קאַמף קעגן פעאָדאַליזם, פאַר גלייכע מענטשלעכע רעכט, וואָס איז רעאַליזירט געוואָרן אין פראַנקרייך אין רעזולטאַט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און פון וועלכער ס׳האָבן אויך געניאָסן מיר יידן. דער שרייבער איז אָבער אויך באַקאַנט מיט זיין גרויסער אַנטי־יידישקייט, וואָס קומט ממש אויף אַ ווילדן אופן צום אויסדרוק, אין זיין שרייבערישער אַק־טיוויטעט.

אין פּאַנטעאָן רוט אויך דאָס אַש פון גרויסן שרייבער וויקטאָר הוגאָ, וואָס איז, ווי פיל קריסטלעכע מענטשן, דערצויגן געוואָרן מיט אַזוי פיל פאָראורטיילן אויפן יידישן חשבון, פון וואָס דער שרייבער האָט זיך גיך באַפרייט, געוואָרן אַ גרויסער פריינט פון אונדזער פאָלק, געווען נאָענט און אינטים באַפריינדעט מיטן יידישן טוער אַדאָלף קרעמיע, מיטן באַרימטן קריטיקער זשיל זשאַנאַן, מיטן הייסן יידישן מענטשן, דעם שרייבער אַלעקסאַנדער יוייל א.א. אין יאָר 1869 האָט וויקטאָר הוגאָ אָנגעשריבן זיין טעאַטער־ווערק „טאָרקוועמאַדאַ״ אין וועלכן ער איז שווער אַרויסגעטרעטן קעגן רעליגיעזן פאַנאַט־יזם און אין וועלכן ער האָט אַרויסגעפירט די געשטאַלט פון רב בן־האָביב, וועמעס ער האָט געשילדערט מיט אַ סך סימפּאַטיע.

אין יאָר 1882, ווען אין רוסלאַנד האָט געבושעוועט אַ ווילדער אַנטיסעמי־טיזם און עס זענען פֿאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף יידן, האָט וויקטאָר הוגאָ זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון אַ קאָמיטעט צו העלפן די יידישע קרבנות און דאַן איז ער אויך אַרויסגעקומען מיט אַ מאַניפעסט, וואָס איז געווען אַ פּאַטש אין פּרצוף פון צאַר און זיינע דינער.

דאָ געפינען מיר אויך דאָס קבר פון גרויסן שרייבער עמיל זאָלאַ, דעם מחבר פון באַרימטן ביז גאָר אויפטרייסלענדיקן דאָקומענט „איך באַשולדיק", אַן אַרויסקום, וואָס האָט אויסגעפירט די אַזוי גרויסע און דעצידירנדיקע ראָלע פון אויפדעקן דעם גאַנצן שוידערלעכן ליגנט וואָס האָט זיך זינט 1894 אָפּגעשפּילט אין פראַנקרייך אַרום דעם אַרעסט און דער פאַראורטיילונג פון אומשולדיקן יידישן אָפיציר, דעם קאַפּיטאַן אַלפרעד דרייפוס. ס'איז געווען אַ געוואַלדיק אַנטי־יידיש געשעעניש, וואָס האָט אין פאַרלויף פון מערערע יאָרן, געטרייסלט מיטן לאַנד און וואָס האָט באַקומען די אַזוי טריאומפאַלע יושרדיקע אויפלייזונג, אַ דאַנק דער אַזוי ערלעכער פערזענלעכקייט פון שרייבער עמיל זאָלאַ.

קלישע נומער 6




בערגסאָן־טאָוול.

פאַראַן אויך אין פּאַנטעאָן שטיינטאָוולען מיט מערערע נעמען פון פראַנ־צויזישע שרייבערס, געפאַלענע אויף די שלאַכט־פעלדער, בעת דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה און אויך דאָ לייענען מיר מערערע יידישע נעמען. פאַראַן אויך אַ שטיינטאָוול מיט נעמען פון די, דורך די נאַציס דעפּאָרטירטע און אומגע־קומענע יידישע פערזענלעכקייטן און צווישן זיי לייענען מיר די נעמען פון די אומגעבראַכטע פּאָליטישע טוער זשאָרזש מאַנדעל, זשאַן זעי, לעווי־וואַלענזי, און אויך די נעמען פון די אומגעקומענע געטויפטע שרייבערס מאַקס זשאַקאָב און אירענע נעמיראָווסקי.

וועלן מיר לסוף זיך אָפּשטעלן ביים שטיינטאָוול וואָס איז געווידמעט דעם גרויסן יידישן דענקער אַנרי בערגסאָן, וואָס איז דאָ אויפגעהאָנגען געוואָרן דעם 11־טן מאַי 1967.

געבוירן דעם 18־טן אָקטאָבער 1859 אין וואַרשע, אַ קינד פון פרומע יידישע עלטערן [12], האָט ער זיך סוף פון פאַרגאַנגענעם י.ה. אַרויסגערוקט ווי איינער פון די סאַמע באַדייטנדיקסטע פערזענלעכקייטן וואָס איז דורך פיל אינטעלעקטואַלן, באַטראַכט געוואָרן ווי דער מאָדערנער ספּינאָזאַ. דער דאָזיקער דענקער, וואָס איז געווען ווייט פון יידישקייט און יידישן לעבן, איז באַווירקט געוואָרן דורך דעם קריסטלעכן גלויבן, דורכן קאַטאָליציזם אין וועלכן ער האָט געזען „די פולקומע רעאַליזירונג פון יידנטום" און אין דער קריסטלעכער וועלט האָט מען געגלייבט און אפילו געוואַרט מיט אומגעדולד אויף זיין טויפן זיך. דער פילאָסאָף איז אָבער ווייט נישט געווען דעצידירט אויף באַגיין דעם שריט. ס'איז נאָכגעקומען דער אויסברוך פון היטלעריזם אין דייטשלאַנד. די נאָכגעקומענע אַנטי־יידישע געשעענישן האָבן באַוויגן דעם געלערנטן זיך צו סאָלידאַריזירן מיט זיינע פאַרפאָלגטע ברידער און ווען די נאַציס האָבן אין יאָר 1941 פאַראָרדנט דאָס רעגיסטרירן זיך פון יידן, האָט אַנרי בערגסאָן, טראָץ דאָס באַקומען אַ פאַרזיכערונג פון די ווישי־אויטאָריטעטן, אַז ער איז פריי פון רעגיסטרירן זיך אַלס ייד, אָפּגעוואָרפן די טובה און טראָץ דאָס זיין אַ זייער שווער קראַנקער, האָט ער געוואַרט ביי דער פּאָליציי אין דער ריי, אַ לאַנגע צייט און זיך רעגיסטרירט ווי אַ ייד.

אויף צו מאָרגנס נאָכן טויט פון פילאָסאָף, האָט דער דעמאָלטיקער ווישי־מיניסטער פאַר דערציאונג, זשאַק שעוואַליע, געהאַלטן פאַר אַ כבוד צו האַלטן אין פראַנצויזישן ראַדיאָ, אַ לויב־רעדע געווידמעט דעם געשטאָרבענעם, אַ רעדע וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אויפברויז ביים דייטשן אָקופּאַנט, וואָס האָט געפּאָדערט פון דער ווישי־רעגירונג, דאָס באַזייטיקן דעם מיניסטער פון זיין אַמט.

***

האָבן מיר זיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף אַ ריי ערטער פון לאַטייִנישן קוואַרטאַל

---

12) דער פילאָסאָף זאָל האָבן געווען אַן אור־אייניקל פון באַרימטן ר' שמואל זביטקעווער, וועגן וועלכן ס'ווערט דערציילט, אַז ער האָט אַרויסגעשטעלט אין זיין הויף, אין יאָר 1794, ווען די רוסן האָבן איינגענומען וואַרשע און געמאַכט אַ שחיטה אויף יידן, צוויי פעסלעך געלט; פאַר אַ לעבעדיקן ייד האָט ער געגעבן אַ גאָלדשטיקל און פאַר אַ טויטן ייד, אַ זילבערנעם רובל און די קאָזאַקן האָבן געברענגט לעבעדיקע יידן.

וואָס האָבן פֿאַר אונדז אַ יידיש־היסטאָרישן אינטערעס. דאָס ווייטערדיקע, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט יידיש לעבן און יידישע פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן געלעבט און געווען אַקטיוו אין לאַטיינישן קוואַרטאַל, ברענגען מיר אין אונדזער קאַפּיטל „הייזער דערציילן״.

ביבליאָגראַפיע:

זע נומער:

5, 12, 15, 23, 25, 27, 29, 48, 51, 62, 64, 65, 66, 68, 81, 85, 90, 95, 104, 105, 106, 108, 110, 120, 122, 134, 140, 150„ 153, 157, 162.

*2.*

## יידישע מאָמענטן אין לוקסעמבורגער גאָרטן

אין האַרץ פון לאַטייניש׳ן קוואַרטאַל געפינט זיך דער שיינער און אַזוי באַרימטער לוקסעמבורגער גאָרטן, וואָס איז אַ באַליבטער צענטער פאַר דער סטודענטישער יוגנט. ער איז אויך זייער באַרימט צוליב דער גרויסער צאָל קונסטווערק, סקולפּטורן און מאָנומענטן, וואָס געפינען זיך דאָ, צוליב זיינע אַטראַקציעס פאַר גרויס און קליין, צוליב זיינע בלומען און שטילקייט, פון וועלכע מען געניסט דאָ.

אויב אָבער דער גאָרטן מיט זיינע קונסטווערק און מאָנומענטן האָט פיל צו דערציילן וועגן דער געשיכטע פון פּאַריז, פאַרמאָגט ער אָבער אויך אַ ריי קונסטווערק און מאָנומענטן וואָס זענען ביז גאָר אינטערעסאַנט פאַרן יידישן מענטשן. מיר טרעפן דאָ ווערק געשאַפענע אויך דורך יידישע קינסטלערס און אויך מאָנומענטן וואָס דערציילן וועגן ווייט נישט קיין לייכטע מאָמענטן פון יידישער פאַרגאַנגענהייט און יידישן גורל.



זאָל זשע דאָ, ביים סאַמע אָנהויב, דערציילט ווערן וועגן דער סקולפּטור, געשאַפן פון יידישן קינסטלער זכריה אַסטריק, וואָס געפינט זיך דאָ און איז באַקאַנט א. נ. „דער מאַסקן־פאַרקויפער״.

זכריה אַסטריק איז געבוירן אין דער שטאָט אַנזשע אין יאָר 1835 און געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1907. ער איז אַ חוץ אַ סקולפּטאָר, אויך געווען אַ באַגאַבטער מאָלער, דיכטער און וו׳אָמאַניסט. די סקולפּטור וועלכע מיר זעען דאָ, שטעלט מיט זיך פאָר אַ שטיפעריש, האַלב־נאַקעטן בחור, וואָס האַלט אַ מאַסקע אין זיין אויפגעהויבענער האַנט און ביי די פיס זיינע זעען מיר מערערע מאַסקעס, אַלע פון מענער. געוויסע מאַסקעס שיינען אונדז צו זיין באַקאַנט, צוליב אַ באַשטימטער ענלעכקייט צו אַ ריי פּערזענלעכקייטן פון דער פּאָליטישער און שרייבעריש־קינסטלערישער וועלט פון פראַנקרייך, פון דער צווייטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

זאָל דער קינסטלער זכריה אַסטריק, מיטן באַשאַף פון דאָזיקן ווערק האָבן אויסן געווען אַ באַשטימטע אָנצוהערעניש אויף אַ ריי פּערזענלעכקייטן פון זיין

צייט ? וועגן אַזאַ כוונה זיינער, איז אונדז גאָרנישט נישט באַוווּסט. יעדנפאַלס, געהערט דער „מאַסקן־פּאַרקויפער" פון יידישן קינסטלער צו די זייער שיינע סקולפּטורווערק פון גאָרטן 1).

קלישע נומער 7



דער מאַסקן־פּאַרקויפער (פון זכריה אַסטריק).

נאָענט פון דעם „מאַסקן־פּאַרקויפער", ביי דער אייזערנער אָפּצוים וואָס געפינט זיך דאָ דערנעבן און טיילט אָפּ דעם בנין פון אַ טעכנישער שול (עקאָל דע מין) פאַרהאַלטן מיר זיך ביים ביוסט פון מחבר פון „סאַלאַמבאָ", „מאַדאַם באָוואַרי" א.א. ווערק, גיסטאַוו פלאָבער, וועלכער קוקט אויף אונדז מיט אַ זייער

1) זע „יידן אין פּאַריז", ערשט בוך, זייט 101.

ערנסטן פּנים. דער ביוסט איז געפורעמט פון סקולפּטאָר זשאַן־באַטיסט קלעזאַנ־זשע, וועלכער האָט דאָ אין זעלבן גאָרטן נאָך אַ ווערק: די סטאַטוע פון דער פראַנצויזישער קעניגין לואיזע פון סאַוואָ, דער מוטער פון מלך פראַנסואַ דער ערשטער.

אַ חוץ דעם רייכן שאַפונגסוועג פון סקולפּטאָר קלעזאַנזשע, האָבן מיר אָבער אין גאַנצן נישט קיין ידיעות וואָס זאָלן אונדז אינפאָרמירן גענויער וועגן זיין אָפּשטאַמונג. דאָך האָבן מיר אַן ערנסטע סיבה צו טראַכטן, אַז זשאַן־באַטיסט קלעזאַנזשע, געבוירן אין יאָר 1814 אין דער שטאָט בעזאַנסאָן און געשטאָרבן אין יאָר 1883 אין פּאַריז, זאָל האָבן געווען פון יידישער אָפּשטאַמונג. מיר טראַכטן אַזוי, ווייל דער אויסלייג פון נאָמען קלעזאַנזשע, לייענט זיך אויך אַלס שלעזינגער, וואָס איז דער נאָמען פון פיל, פיל יידישע מענטשן 2).

יאָ, ס׳זענען געווען פיל אַסימילירטע קינסטלער־יידן און אויך אַזעלכע וואָס האָבן אויסגעמיטן זיך צו אַפּישירן מיט זייער יידישער אָפּשטאַמונג, צו וועלכער עס האָט גאַנץ וואַרשיינלעך אויך געהערט דער סקולפּטאָר קלעזאַנזשע־שלעזינ־גער, דער מחבר פון פלאָבער־ביוסט, אָבער צום דאָזיקן הויך־טאַלאַנטירטן קינסט־לער וועלן מיר זיך נאָך אומקערן אין אַ ווייטערדיק קאַפּיטל.

אַזוי איז גאַנץ וואַרשיינלעך אויך מיטן סקולפּטאָר אויגיסט קען, וועמענס פּרעכטיקע בראָנדז־סקולפּטור „דער לייב און דער שטרויס" באַצירט דעם זעלבן גאָרטן, אויך ער זאָל האָבן געווען אַ ייד.

איז ער עס טאַקע געווען?

דער פאַמיליע־נאָמען קען איז אָן יעדן ספק, אַן אויסשליסלעך יידישער נאָ־מען און אויב מען טרעפט דעם דאָזיקן נאָמען ביי נישט־יידן, שטאַמען זיי אָבער זיכער פון יידן. זאָל דאָ ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט ווערן די זעלטענע פּער־זענלעכקייט פון אַקאַדעמיקער און געוועזענעם לאַנגיאָריקן הויפּט־דירעקטאָר פון דער פּאַריזער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, זשוליען קען, געשטאָרבן אין יאָר 1974, וועלכער איז געווען אַ טייערער איבערגעגעבענער ייד.

אָבער דער ענין איז שוין ווייט נישט קיין פּשוטער.

דער פאַמיליע־נאָמען קען איז נישט נאָר אַן אויסשליסלעך יידישער, נאָר מיר צווייפלען אויך נישט אויף קיין רגע, אַז דער נאָמען קען איז אַנטשטאַנען פון דעם גוט־באַקאַנטן תנ׳כישן נאָמען קין.

די שטאָט פּאַריז האָט זינט דעם יאָר 1899 אַ גאַס אויפן נאָמען פון סקולפּ־טאָר אויגיסט קען, אַ זאַך וואָס איז אויף אַ מערקווירדיקן אופן אויסגעניצט געוואָרן

2) אין פראַנצויזיש: קלעזאַנזשער פאַקטיש: שלעזינגער.

דורך אַ פּאַריזער פאַרלאַג, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ טאַשן־ביכל פון די פּאַריזער גאַסן און דאָרט, אויסניצנדיק אַ געוויסן פראַנצויזיש־אָרטאָגראַפישן כלל, אָנגע־געבן דעם נאָמען פון סקולפּטאָר נישט אַלס אויגוסט קען, נאָר אַלס אויגוסט קין...

דער נאָמען קען, ווי ער ווערט געשריבן אין פראַנצויזיש, האָט נישט קיין שום שייכות מיט די באַקאַנטע יידישע נעמען קאַן, קאַהן, קאַהאַן, קאַהען, קאַהאַנע, קאַגאַן א.א. דער נאָמען קען נעמט זיך, ווי שוין אָנגעוויזן, פון טרויעריק באַקאַנטן תנ׳כישן קין.

אַז עס איז אַזוי, נעמען מיר פון פאַקט, וואָס דער נאָמען קין אַלס פאַמיליע־נאָמען פאַר יידן, האָט זיך באַוויזן אין פראַנקרייך אין סוף פון 14־טן יאָרהונדערט. ס׳איז אַ „פאַמיליע"־נאָמען וואָס איז אַנטשטאַנען אין די טעג פון שווערע יידן־פאַרפאָלגונגען דאָ אין לאַנד. דער נאָמען קין איז דאַן געגעבן געוואָרן צו יידן, כדי חוזקן פון זיי און צו יידן וואָס האָבן זיך געשמדט, כדי אויסצומיידן דעם גי־רוש. דער צונאָמען „קין" איז אַ חוץ חוזקן פון זיי, געניצט געוואָרן אין רעזול־טאַט פון אומצוטרוי צו זייער קריסטלעכקייט און פאַרדאַכט אין מאַראַניזם [3].

עס דאַרף דאָ אָנגעוויזן ווערן, אַז נישט ווייט פון פּאַריז, אינעם שטעטל סענליס, האָט אין די דאַן פאַר יידן טראַגישע יאָרן 1385 — 1397 געלעבט אַ שטאָט־אָנגעשטעלטער וואָס האָט געהייסן... זשאַן זשודאַ (יודאַש) און נאָך אַ פערזאָן, דאָס מאָל אַ יאָהאַן קין, וואָס האָט געלעבט אין זעלבן שטעטל אין די יאָרן 1479 — 1480. געווען נאָך אַ יאָהאַן קין אין די יאָרן 1506 — 1507 און אויך אַ געוויסער זשאַק קען (קין) וואָס האָט געלעבט אין די יאָרן 1523 — 1545. אַזוי טרעפן מיר אויך דעם נאָמען פון אַ געוויסן נאָעל קען, וואָס האָט געלעבט אין יאָר 1587 אין דער שטאָט מאָ (געבורט־אָרט פון רבי יחיאל פון פּאַריז). דאָס זענען זיכער געווען געטויפטע יידן, וואָס אַ טייל פון זיי, האָבן אפשר געפירט אַ לעבן פון מאַראַנען, ביז זייערע קינדער און אייניקלעך האָבן זיך דערשלאָגן צו די צייטן און מעגלעכקייטן פון קענען אויף דאָס ניי, לעבן ווי יידן און פון וועלכע עס האָט אָפּגעשטאַמט דער שוין פריער דערמאָנטער אַקאַדעמיקער זשיליען קען.

און ס׳איז אַ גרויסע סאַטיספאַקציע צו טראַכטן, אַז דער פּרעכטיקער קינסט־לער־אַנימאַליסט, דער מחבר פון דער זעלטן שיינער סקולפּטור „דער לייב און דער שטרויס", וואָס מיר באַוווּנדערן אין לוקסעמבורגער גאָרטן און פון פיל אַנ־דערע ווערק זיינע, מיט וועלכע ער באַשיינט פּאַריז, איז אַ ייד און עס טוט ווי,

---

3) דער נאָמען פון קינסטלער אין פראַנצויזיש שרייבט זיך Auguste Cain אָבער אין דערמאָנטן ביכל פון די פּאַריזער גאַסן איז דער נאָמען פון קינסטלער אָנגעגעבן ווי... דער באַקאַנטער תנ׳כישער נאָמען קין. Caïn

וואָס מיר ווייסן כמעט גאָרנישט וועגן דעם יידישן געפּיל און באַוווסטזיין פון קינסטלער אויגיסט קען 4).

קלישע נומער 8



דער לייב און דער שטרויס (פון אויגוסט קען).

אונזער טראַכטן וועגן יידישן גורל באַגרענעצט זיך אָבער נישט מיט די שוין דערמאָנטע קינסטלערס קלעזאַנזשע־שלעזינגער און אויגיסט קען. דער לוקסענבורגער פּאַרק פאַרמאָגט נאָך ווערק, סקולפּטורן וואָס דערציילן וועגן וו״ט נישט פריילעכע טעג פון יידישער פאַרגאַנגענהייט דאָ אין לאַנד.

אַזוי זעען מיר דאָ אַ מאָנומענט וואָס דערציילט וועגן אַ שווער קאַפּיטל געשיכטע פון יידן אין פראַנקרייך ; דאָס מאָל שוין נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. דאָס איז דער מאָנומענט פון שרייבער לואי פּאָרטינע גיטשאַוו ראַטיסבאָן, געפורעמט דורכן סקולפּטאָר סאָלדי.

אויפן סאָקל פון מאָנומענט זעען מיר אַ ביוסט פון אַ שיינעם עלטערן מאַן מיט אַ פיין פאַרקעמטער באָרד און אונטערן ביוסט איז פאַראַן אַ שניצעריי, ווו

4) די ווערק פון אויגיסט קען באַצירן אויך דעם בנין פון פּאַריזער האָטעל־דע־וויל (שטאָט־ראַט), דעם טיליערי־גאָרטן א. א. פּאַריזער ערטער.

מיר זעען קינדער, וואָס קוקן זיך צו, צו אַ מאַריאָנעטן־ספּעקטאַקל, וואָרעם לואי פּאָרטינע גיסטאַוו ראַטיסבאָן, געבוירן אין שטראַסבורג אין יאָר 1827 און גע־שטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1900, איז געווען אַ מחבר פון אַ ריי ווערק און אויך פון קינדער־ליטעראַטור. ער איז אַ צייט געווען דער ביבליאָטעקאַר פון פּאָנטען־בלאָ און פון דער סענאַט־ביבליאָטעק. ער איז אויך געווען אַן איבערזעצער פון די ווערק פון היינע, דאַנטע און פון אַנדערע באַרימטע שרייבערס.

לואי ראַטיסבאָן, וועמענס מאָנומענט מיר זעען דאָ, איז געווען אַ געטויפ־טער ייד; ער איז געווען אַ ברודערן־זון פון באַרימטן יידישן עסקן סערף בער פון שטראַסבורג.

מיר ווייסן וועגן דער גרויסער ראָלע און קאַמף וואָס עס האָט אין די טעג פון ערב און בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, געפירט דער עסקן סערף בער, דאַן דער ראש פון דער שטראַסבורגער יידישער קהילה, לטובת דער גלייכבאַ־רעכטיקונג פון די יידן אין פראַנקרייך. ס'איז געווען אַ קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע, וואָס דערגרייכנדיק זי, האָט זי אַזוי ווייט פאַרשיכורט דעם ביז דאַן אַזוי שווער פאַרפאָלגטן יידישן מענטשן, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן נישט נאָר מאַסנהאַפטע אַסימילאַציע, נאָר אויך אַ מאַסנהאַפטער שמד, ממש אַ שמד־עפּידעמיע, וואָס האָט, ווי עס ברענגען עס די היסטאָריקער דובנאָוו, סעסיל ראָטה א.א. דערגרייכט די ציפער פון צוויי הונדערט טויזנט יידישע נפשות.

אָט וואָס מיר לייענען ביי ש. דובנאָוו'ן:

„דער עלטערער דור איז געווען געגנוג שטאַרק אויסצושטיין דעם רעזשים פון רעכטלאָזיקייט און בלייבן יידן. דער יינגערער דור אָבער, האָט שוין נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון פון פרייהייט און זיך מאַסנהאַפט אויסגעשמדט" און אַז: „פון אויבן האָט דאָס פראַנצויזישע יידנטום געגלאַנצט מיט בירגערלעכער גלייכקייט, אינעווייניק האָט עס געפוילט, געוואָרן נאַציאָנאַל בלוטלאָז".

ס'האָבן זיך געשמדט קינדער פון די סאַמע באַרימטסטע יידישע טוער, ווי דער זון פון הויפּט־ראַבינער פון פראַנקרייך, דענץ, און זיין איידעם, דראַק, וואָס איז אַליין אויך געווען אַ רב. ס'האָבן זיך געשמדט: דער זון פון שרייבער און היסטאָריקער לעאָן האַלעווי (דער שרייבער לודאָוויק האַלעווי), דער קאָמפּאָזיטאָר זשאַק אָפענבאַך, אפילו אויך די קינדער פון באַרימטן עסקן אַדאָלף קרעמיע (וועגן שמד פון לודאָוויק בערנע און היינריך היינע „נוצט שוין נישט" צו דער־מאָנען). עס האָבן זיך אויך געשמדט צוויי זין פון עסקן סערף בער גופא. זיי זענען געוואָרן גלחים און געטרייע קאַטוילישע פּרעדיקער און גרינדערס פון דער קאַ־טוילישער קאָנגרעגאַציע „נאָטר דאַם דע סיאָן", וואָס האָט געהאַט (און האָט כסדר) די מיסיע פון פאַרשפּרייטן דעם קאַטאָליציזם צווישן יידן.

שמדנדיק זיך, האָבן די זין פון סערף בער׳ן זיך אויך אָנגעהויבן רופן מיטן נאָמען ראַטיסבאָן, וואָס איז געווען דער פאַמיליע־נאָמען פון סערף בער׳ס צווייטער פרוי, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט אין יאָר 1784. מיטן זעלבן נאָמען האָט זיך אויך אָנגערופן סערף בער׳ס געשמדטער ברודערן־זון, וועמענס מאָנומענט מיר זעען טאַקע אין לוקסעמבורגער גאָרטן.

אין סאַמע צענטער פון גאָרטן, ביים וואַסער־באַסיין, אַנטקעגן איבער דעם בנין פון לוקסעמבורגער פּאַלאַץ, געפינט זיך נאָך אַ מאָנומענט, וואָס לעבט אויף פאַר אונדז אַ געשעעניש וואָס האָט, אָנהויבנדיק פון סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, געטרייסלט מיטן לאַנד און וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע א.נ. „די דרייפוס־אַפערע״.

דאָס איז אַ מאָנומענט געווידמעט דעם געוועזענעם וויצע־פּאָרזיצער פון פראַנצויזישן סענאַט, שערער־קעסטנער, וועלכער איז געווען דער ערשטער, וואָגיקער נישט־יידישער פראַנצויזישער פּאָליטישער טוער, וואָס האָט זיך איבערצייגט אין דער אומשולד פון דרייפוס׳ן און געשפּילט אַן ערשט־ראַנגיקע ראָלע אין קאַמף פאַר זיין באַפרייאונג און רעהאַביליטאַציע.

אויף דעם מאָנומענט זעען מיר, אַ חוץ דעם מעדאַליאָן פון פּאָליטיקער, צוויי פרויען־געשטאַלטן, איינע אַ נאַקעטע, וואָס סימבאָליזירט דעם ריינעם אמת, און די צווייטע מיט אַ שווערד אין האַנט, וואָס פאַרטיידיקט די גערעכטיקייט. ער איז געפורעמט פון באַרימטן פראַנצויזישן סקולפּטאָר דאַלו.

און נאָך אַ מאָנומענט זעען מיר אין דעם גאָרטן, וואָס האָט אַ... שייכות צו אונדז יידן: ס׳איז אַ בראָנדז־סקולפּטור וואָס איז געווידמעט די סטודענטן־ווידערשטאַנדלער, געפאַלענע אין קאַמף קעגן די נאַציס און וואָס איז דאָ אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1956, און אויב מיר ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם מאָנומענט, טוען מיר עס דערפאַר, וואָס דער סקולפּטאָר פון מאָנומענט, וואַטקין, איז אַ געטויפטער ייד [5].

האָבן מיר דאָ זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ צאָל מאָנומענטן וואָס דערציילן וועגן יידישע קינסטלערס און וועגן ווייט נישט פריילעכע יידישע געשעענישן אין פראַנקרייך.

ביבליאָגראַפיע:

זע נומער:

5, 16, 29, 58, 61, 66, 79, 90, 92, 107, 110, 131, 134, 139.

---

5) דער סקולפּטאָר וואַטקין איז אויך דער מחבר פון מאָנומענט וועלכן מיר זעען אין דער שטאָט אַמסטערדאַם און וואָס איז געווידמעט דעם האָלענדישן פּאָלקס־מענטש, וואָס האָט פּראָטעסטירט קעגן די נאַציסטישע יידן־פאַרפאָלגונגען און קעגן איינפירן פאַר זיי אין האָלאַנד די געלע לאַטע.

## 3.

# יידיש פאַרמעגן

אין האַרץ פון פאַריז, אין אַ סקווער וואָס געפינט זיך האַרט ביים אַזוי באַלעבטן פלאַץ שאַטלע, זעען מיר אַ פרעכטיק גאָטישן טורעם, וואָס איז באַקאַנט ווי דער טורעם סען־זשאַק.

די דאָזיקע זעלטן שיינע קאָנסטרוקציע, וואָס איז דאָ אויפגעבויט געוואָרן צווישן די יאָרן 1508 און 1522 איז אַ לעצטע איבערבלייבעניש פון אַמאָליקער קירכע סען־זשאַק לאַ בושערי, וואָס האָט זיך דאָ געפונען זינט דעם עלפטן י.ה. ביז צום יאָר 1797.

די געשיכטע פון דעם טורעם פון דער שוין פאַרשוווּנדענער קירכע, דערמאָנט וועגן אַ באַרימטן פאַריזער פילאַנטראָפ, אַ געוויסן ניקאָלאַ פלאַמעל, וואָס האָט דאָ געלעבט אין 14־טן י.ה. און געשטאָרבן אין יאָר 1417, וועמענס נאָמען איז פאַרבונדן מיט געשעענישן וואָס האָבן זיך אָפגעשפילט מיט די יידן אין פראַנקרייך, וועלכע זענען אייניקע מאָל פאַרטריבן געוואָרן און אין יאָר 1394 ווידער אַמאָל, דאָס שוין אויף זייער לאַנג, אַרויסגעטריבן געוואָרן פון לאַנד.

ביי דעם בנין פון דער אַמאָליקער קירכע, וואָס אירע מויערן האָבן זיך געפונען אין דער הייַנטיקער רי דע ריוואָלי, האָבן אין 14־טן י.ה. זיך געפונען הייזלעך און סטאַנדן אין וועלכע עס זענען געווען באַשעפטיקט פאַריזער בריוו־שרייבערס. צווישן זיי האָט זיך ביז גאָר אַרויסגערוקט דער פריער דערמאָנטער געשווירענער בריוו־שרייבער ניקאָלאַ פלאַמעל, וועלכער האָט געהאַט זיין וווינונג און אַרבעטס־אָרט ביים ראָג פון דעם דערנעבנדיקן געסל, וואָס טראָגט טאַקע הייַנט צו טאָג, דעם נאָמען פון בריוו־שרייבער און וואָס געפינט זיך אַנטקעגן דעם טורעם סען־זשאַק.

ניקאָלאַ פלאַמעל זאָל זיין אַ געבוירענער אין יאָר 1340 אין דעם נישט וויַיטן פון פאַריז שטעטל פאָנטואַז. ער איז אַ חוץ אַ בריוו־שרייבער, אויך געווען אַ קאַליגראַף, אַ צייכענער, אַ מחבר פון אילומינען, פון עפּיטאַפן אויף מצבות און אויך אַ בוכהענדלער. צווישן זיינע קליענטן האָבן זיך געפונען וויכטיקע לייט פון זיין צייט.

ניקאָלאַ פלאַמעל און זיין פרוי פערנעל (אויך אויף איר נאָמען איז פאַראַן אַ דערנעבנדיק געסל), האָבן צו ביסלעך אָנגעהויבן ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זייערע פילאַנטראָפישע מעשים, דורך שפּענדן פיל געלט לטובת

דער שטאָט. אין דער פּאַריזער רי מאָנטמאָרענסי נ׳ר 51, שטייט נאָך ביז היינט צו טאָג, אַ הויז — איינס פון די ווייניק אָפּגעשוינטע בנינים פון אָנהויב 15־טן יאָרהונדערט — וואָס ניקאָלאַ פלאַמעל האָט געלאָזט אויפבויען אין יאָר 1407 און וואָס האָט דאַן געדינט ווי אַן אומזיסטער נאַכט־אַזיל פאַר אָרעמע לייט. ער האָט געשפּענדעט געלט אויף בויען שפּיטעלער, קירכעס און אויך געשענקט פיל געלט אויף די בוי־אַרבעטן פאַר דער אַמאָליקער, היינט שוין פאַרשווּנדענער קירכע סען־זשאַק לאַ בושערי, ביי וועמענס מויערן עס האָבן זיך געפונען די הייזלעך פון די בריוו־שרייבערס און אויך זיין אייגן הויז.

קלישע נומער 9



נאַכט־אַזיל אין דער רי מאָנמאָראַנסי נ׳ר 51.

דאָס דערוואָרבענע רייכטום פון דעם באַשיידענעם בריוו־שרייבער ניקאָלאַ פלאַמעל האָט פון טאָג צו טאָג, אַלץ מער אינטריגירט די פּאַריזער איינוווינער און עס האָבן אָנגעהויבן קורסירן פאַרשידענע געשיכטעס: אַז ער פאַרנעמט זיך מיט אַלכעמישע זוכערייען, אַז ער זאָל האָבן געקויפט אַ ייִדיש קבלה־ספר וואָס האָט אַנטהאַלטן אין זיך דעם סוד פון... פאַבריצירן גאָלד, אַז ער זאָל לאַנג האָבן שטודירט דאָס דאָזיקע ייִדישע בוך און אפילו האָבן געמאַכט אַ רייזע קיין שפּאַניע, כדי ביי די דאָרטיקע ייִדן, לערנען און זיך פערפעקציאָנירן אין דעם

העברעאישן לשון און אין קבלה. פון דעם דאָזיקן ספר האָט ער טאַקע געלערנט דעם סוד פון פאַבריצירן גאָלד און דערפון זאָל זיך נעמען זיין רייכקייט, די געל־טער וועלכע ער שענקט פאַר קירכעס, שפּיטעלער א.א. צוועקן.

ווי וווייט דער עולם האָט געגלייבט אין די געשיכטעס פון ניקאָלאַ פלאַ־מעל׳ס גאָלד־פאַבריקאַציע, באַשטעטיקן אויך אַ ריי פּרווון וואָס זענען געמאַכט געוואָרן שוין נאָכן טויט פון פילאַנטראָפּ, אַריינצוקריגן זיך אין זיין וווינונג דורך מענטשן, וואָס האָבן געהאָפט דאָרט נאָך צו געפינען פאַרבאַהאַלטענע אוצרות, אַ האַנדלונג וואָס האָט אויך איבערגעחזרט אַ פראַנצויזישער אונטערנעמער, וועל־כער האָט דריי הונדערט יאָר שפּעטער, אין יאָר 1756 אָפּגעקויפט דאָס אַלטע הויז און עס אַדורכגעטרייסלט פון אונטן ביז אַרויף, צעבראָכן די ווענט, דעם באָדן, די סופיטן, זוכנדיק פאַרבאַהאַלטן גאָלד, אָדער אפשר טאַקע דאָס יידישע ספר, וואָס זאָל אויך אים אַנטפּלעקן דעם סוד פון ניקאָלאַ פלאַמעל׳ס גאָלד־פאַבריקאַציע.

דאָס דאָזיקע הויז אין וועלכן עס האָט געלעבט ניקאָלאַ פלאַמעל און וואָס האָט געצויגן צו זיך אַמאָל אין דער האָפענונג אויף געפינען דאָרט פאַרבאַ־האַלטן גאָלד, האָט זיך דערהאַלטן ביז צום פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און איז ענדגילטיק צעוואָרפן געוואָרן אין יאָר 1852.

ס׳ווערט אויך דערציילט, אַז דאָס קבלה־ספר וואָס האָט רייך געמאַכט דעם בריוו־שרייבער ניקאָלאַ פלאַמעל, זאָל אין 17־טן י.ה. זיך האָבן געפונען אין די הענט פון... אַלמעכטיקן קאַרדינאַל רישעליע און זינט דאַן, איז יעדע שפור פון דעם ספר פאַרלוירן געגאַנגען.

צי איז דאָס נאָר וואָס דערציילטע, וועגן דעם גלויבן וואָס האָט אָנגעהאַלטן צווישן די פאַריזער, מכוח ניקאָלאַ פלאַמעל׳ס גאָלד־פאַבריקאַציע, לויט דעם סוד פון אַ יידיש ספר, אַ פשוטע, באַנאַלע מעשה ? אַ פאָלקס־פאַנטאַזיע, וואָס האָט געזוכט צו פאַרשטיין, צו פאַרענטפערן זיך גופא, די סיבה פון רייך־געוואָרענעם בריוו־שרייבער, אָדער איז אין דער געשיכטע, אַ חוץ פאַנטאַזיע, פאַראַן אויך אַ געוויסער אמת ?

לויט אונדזער טיפער איבערצייגונג, איז די מעשה פון ניקאָלאַ פלאַמעל׳ס רייך ווערן אין רעזולטאַט פון אַ געפונענעם סוד, וועלכן עס האָט אַנטהאַלטן אין זיך אַ יידיש ספר, אַ ביז גאָר ערנסטע. אָבער דאָס האָט אינגאַנצן נישט צו טאָן מיט קיין שום גאָלד־פאַבריקאַציע און נישט מיט וועלכע ס׳איז אַלכעמישע זוכערייען מיט וועלכע דער בריוו־שרייבער זאָל זיך האָבן פאַרנומען. אַז ניקאָלאַ פלאַמעל האָט זיך נישט פאַרנומען מיט קיין אַלכעמישע זוכערייען, איז אויך קלאָר דערפון, וואָס אין אַלע מעשיות וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען וועגן ניקאָלאַ פלאַמעל — און זייער צאָל איז זייער גרויס — איז נישט פאַראַן קיין איינציק וואָרט אפילו,

אַז מען זאָל האָבן געזען, אָדער אפילו אָנגעטראָפן עפּעס אַ סימן, אַז אין זיין היים, ווּהין ס׳זענען געקומען פיל מענטשן, זאָל זיך געפינען אַ וועלכע ס׳איז לאַבאָראַטאָריע פאַר אַזעלכע זוכערייען, ווי קעסלען, טעפּ, ברען־אויוונס, פאַרשידענע כלים און מכשירים פאַר די נייטיקע עקספּערימענטן.

עס ווערט אפילו אויך געברענגט, אַז אַ טאָג איז צו ניקאָלאַ פלאַמעל געקומען אַ מאַן, אַ הויכער מלוכה־באַאַמטער, אַ געוויסער סיר קראַמואַזי, געשיקט פון קעניג שאַרל דעם זעקסטן גופא, צו ווּעמען עס זענען דערגאַנגען די מעשיות וועגן זיין גאָלד־פאַבריקאַציע, כדי אויפקלערן, אויספאָרשן די סיבות פון זיין רייך ווערן. אויך פון דער דאָזיקער אויספאָרשונג איז נישט אַרויסגעקומען קיין וועלכע ס׳איז ידיעה, קיין איינציק וואָרט אפילו, אַז זיין רייכקייט זאָל זיין אַ רעזולטאַט פון וועלכער ס׳איז גאָלד־פאַבריקאַציע. נישט נאָר האָט דער שליח פון קעניג נישט איבערגעגעבן וועגן האָבן געזען, אָנגעטראָפן ביי ניקאָלאַ פלאַמעל וועלכע ס׳איז סימנים פון אַן אַלכעמישער לאַבאָראַטאָריע, פון האָבן דאָרט געזען וועלכע ס׳איז כלים וואָס האָבן געקענט דינען פאַר אַזאַ צוועק, נאָר ער האָט גאָר איבערגעגעבן, אַז ער האָט ביי ניקאָלאַ פלאַמעל אין דער וווינונג געטראָפן ממש אָרעמקייט און אַז דאָס פּאָרפאָלק, דער בריוו־שרייבער און זיין פרוי פּערנעל (זיי האָבן נישט געהאַט קיין קינדער), האָבן אפילו געגעסן אין פּשוטע ליימענע כלים.

אוודאי ווערט אויך דערציילט, אַז ניקאָלאַ פלאַמעל זאָל האָבן... איבערגעקויפט דעם קעניגלעכן שליח.

די אַלכעמישע זוכערייען און גלייבונגען צו קענען געפינען דעם גרויסן סוד פון פאַבריצירן גאָלד, האָט כסדר, לאַנגע, לאַנגע יאָרהונדערטער באַשעפטיקט פיל מענטשן. אָט וואָס מיר לייענען וועגן דעם ענין אין דער יידישער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע״:

„אַלכעמיע איז אַ געהיימע וויסנשאַפט, וואָס ציט זיך פון מיטלאַלטער ביז אין 17־טן י.ה. און וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס ציל: 1) צו מאַכן גאָלד; 2) צו געפינען דעם „פילאָזאָפישן שטיין״, וואָס דאַרף אַנטפּלעקן פאַר דעם וואָס האָט אים, אַלע סודות פון דער נאַטור; 3) צוגרייטן דעם „לעבנס־עלעקסיר״, וואָס האָט דעם כוח צו פאַרלענגערן דעם מענטשנס לעבן אומבאַגרענעצט 1).

1) אַ געוויסער רייזענדער, פּאול לוקאַ, וואָס האָט געלעבט אין 17־טן י.ה. האָט בעת זיינס אַ רייזע אין אַזיע, זיך אויסגעשמועסט מיט אַ דערוויש, ווּעמען ער האָט דערציילט וועגן דעם באַזיצער פון סוד צו פאַבריצירן גאָלד, דעם פראַנצויז ניקאָלאַ פלאַמעל, וואָס האָט געלעבט און געשטאָרבן אין פּאַריז אין 15־טן יאָרהונדערט. דערהערנדיק ניקאָלאַ פלאַמעל׳ס נאָמען, האָט זיך דער דערוויש פונאַנדערגעלאַכט און פאַרזיכערט דעם רייזענדן, אַז ניקאָלאַ פלאַמעל און זיין ווייב פּערנעל לעבן כסדר און אַז זיי געפינען זיך אין אינדיע... און אַז די מעשה וועגן זייער טויט און דאָס

„מיט אַלכעמיע — לייענען מיר אין דער ענציקלאָפּעדיע — האָבן זיך פאַר־נומען נאָך די אַלטע עגיפּטער, שפּעטער האָט מען ידיעות וועגן אַלכעמישע פּרוּוון פון די גריכן, זוכנדיק צו דערגרייכן די אויבן־דערמאָנטע צילן, דער עיקר דורך פאַרשידענע מאַגישע, אַסטראָלאָגישע א.א. מאַניפּולאַציעס, האָבן די אַלכעמיקער דאָך געמאַכט וויכטיקע כעמישע אַנטדעקונגען, וואָס זענען שפּעטער אַריין אין דער וויסנשאַפט. זינט דעם אָנהייב פון דער קריסטלעכער צייט, האָבן זיך פאַר־נומען מיט אַלכעמיע די גריכן אין דער ביזאַנטישער אימפּעריע און האָבן פאַר־פאַסט אַ סך ביכער אויף דעם געביט. דער געדאַנק אַז מען קען פון אַנדערע מע־טאַלן מאַכן גאָלד, האָבן זיי אין אַ געוויסער מאָס געשטיצט אויף דער גריכישער פילאָזאָפיע”.

און ווייטער:

„די גריכיש־קריסטלעכע אַלכעמיקער האָבן געזוכט אַ באַשייד פון אַלע סו־דות אין דער ביבל, אין די יידישע מיסטישע אגדות, פונקט ווי די שפּעטערדיקע אַלכעמיקער פון אייראָפּע, האָבן די אַלכעמיע פאַרבונדן מיט קבלה. מען האָט גע־זוכט און געפונען רמזים אין תנ״ך, מען האָט געמאַכט פאַר אַלכעמיקער משהן, דודן, שלמהן, אליהו הנביא א.א. נביאים. מען האָט אין זייער נאָמען אַרויסגעגעבן אַלכעמישע שריפטן. דאָס זעלביקע האָבן אויך שפּעטער געטאָן די אַלכעמיקער פון אייראָפּע. די אַלכעמישע שריפטן פון די גריכן האָבן איבערגענומען די אַראַ־בער און דערביי האָבן געשפּילט אַ ראָלע אויך יידישע איבערזעצערס”.

און לסוף געפינען מיר די ביז גאָר אינטערעסאַנטע שורות, אַז: „פון יידישע אַלכעמיקער איז באַוווּסט אַ געוויסע „מאַריאַ” פון 1־טן י.ה. נ׳קר. אויך אין מיטל־אַלטער ווערן אייניקע אַלכעמיקער באַצייכנט ווי יידן. פיל באַרימטע יידישע גע־לערנטע האָבן געהאַלטן פון אַלכעמיע און צווישן זיי, בחיי אבן פקודא, דער מחבר פון „חובות הלבבות”, אברהם אבן עזרא, שפּעטער דער דאָקטאָר און לעקסיקאָגראַף בנימין מוספיא, י. ש. דעלמעדיגא (יש״ר מקנדיא) און אַנד. אַלכעמישע שריפטן געדרוקטע און מאַנוסקריפּטן זענען פאַראַן אויך אין העברעאיש”.

פון די געברענגטע שורות, זעען מיר ווי ווייט דער דאָזיקער מערקווירדיקער געביט, די אַלכעמיע, האָט געשפּאַנט און באַשעפטיקט אויך יידישע מענטשן, וואָס האָבן געגלייבט און געזוכט אויסצוגעפינען דעם סוד פון גאָלד־פאַבריקאַציע. דער פאַרדאַכט אין זיין אַן אַלכימיסט איז אויך געפאַלן אויף דעם פאַריזער בריוו־שרייבער, צוליב זיין אומגעריכטן רייך ווערן.

---

קומען צו קבורה אין דער (היינט שוין נישט עקסיסטירנדיקער קירכע סען־זשאַק לאַ בושערי), איז געווען אַן אַדורכגעפירטע קאָמבינאַציע, אויף צו פאַרבאַהאַלטן דעם סוד וועגן אייביקן לעבן. אַזוי ווייט זענען אַוועק די מעשיות וועגן דעם פאַריזער גאָלד־פּראָדוצירער ניקאָלאַ פלאַמעל.

און אויב מיר האַלטן פאַר זייער ערנסט די געשיכטע וועגן אַ יידיש ספר וואָס זאָל האָבן אַריינגעפאַלן צו ניקאָלאַ פלאַמעל, און האָבן אַ שייכות צו זיין רייך ווערן, זענען מיר אָבער זייער ווייט פון גלייבן אין דער געשיכטע פון זיין רייזע קיין שפּאַניע, ווי עס דערציילן עס אַזוי פיל מחברים, כדי דאָרט אויסצוגעפינען דעם יידישן מענטשן וואָס זאָל אים העלפן אַדורכדרינגען דעם סוד פונעם ספר.

אין יענע טעג פון 14־טן י.ה. איז דאָס אונטערנעמען אַזאַ רייזע, שוין ווייט נישט געווען אַזאַ פשוטער ענין. די רייזע (ס׳רוב צו פוס) און דאָס געפינען, אָנקו־מענדיק שוין אַהין, דעם פּאַסיקן יידישן מענטש, האָט געפאָדערט לאַנגע, זייער לאַנגע וואָכן און אפשר חדשים, און דאָך זענען אין אַלע פאַראַנענע מאַטעריאַלן וואָס דערציילן וועגן ניקאָלאַ פלאַמעלס פּאָפּולאַריטעט און אַקטיוויטעט, איז נישט צו געפינען קיין איינציק וואָרט, אַז דער בריוו־שרייבער זאָל האָבן געפעלט ביי זיין באַשעפטיקונג, אַפילו איין טאָג!

און נאָך אַ וויכטיקער מאָמענט:

כדי זיך לאָזן אין אַזאַ ווייטער און אין יענע טעג אפילו אַ ריזיקאַלישע רייזע, האָט דאָך דער ביז דאַן, נאָך נישט רייכער ניקאָלאַ פלאַמעל געדאַרפן מיט זיך מיטפירן אַ סך געלט און טאַקע אין גאָלד... און אַזאַ אונטערנעמונג וואָלט גע־האַט אַ זין, אויב ער וואָלט געהאַט די פולע זיכערקייט, אַז די רייזע איז אַ... זי־כער לוינבאַרע אונטערנעמונג, אַז דאָס יידישע ספר אַנטהאַלט טאַקע דעם אַזוי געזוכטן סוד פון דער גאָלד־פאַבריקאַציע...

און ווי שוין פריער אָנגעוויזן, האַלטן מיר פאַר ווייט נישט אויסגעשלאָסן די געשיכטע, אַז דאָס האָט טאַקע אַ יידיש ספר רייך געמאַכט דעם בריוו־שרייבער ניקאָלאַ פלאַמעל.

וועלן מיר דאָ אַ בליק טאָן אויף דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יידישן לעבן אין פראַנקרייך אין 14־טן און ספּעציעל אויך אין לעצטן פערטל פון דאָזיקן יאָרהונדערט; ד.ה. אין די טעג פון ניקאָלאַ פלאַמעל׳ס שרייבער־פּראָפעסיע:

דאָס איז געווען איינס פון די סאַמע שווערסטע און טראַגישסטע יאָרהונדערט פאַר די יידן פון פראַנקרייך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1306, ווען פיליפּ דער פערטער, דער שיינער, האָט אַרויסגעטריבן די יידן פון לאַנד, רואינירנדיק און באַרויבנדיק זיי זייער שווער.

צען יאָר שפּעטער, אין יאָר 1315, דערלויבט מען זיי, אונטער שווערע באַ־דינגונגען, צוריק אַריינצוקומען קיין פראַנקרייך אויף אַ... טערמין פון נאָר 12 יאָר.

אַ סך פאַרטריבענע, שווער בדלות־געוואָרענע יידישע משפחות, וואָס האָבן בעתן אַרויסטרייבן זיי, געהאַט פאַרלוירן זייערע פאַרמעגנס, זענען צוריקגעקומען אין לאַנד אַריין, ווו זיי האָבן פּראָבירט אויף דאָס ניי אויפצושטעלן זייערע היימען,

וואָס איז אָבער, דאָס מאָל, ווייט נישט געווען פון די „פשוטע" זאַכן, ווייל דער מצב פון פראַנקרייך האָט זיך קאַטאַסטראָפאַל פאַרערגערט, צוליב דער דויערנדי־קער פראַנצויזיש־ענגלישער מלחמה. די צוריקגעקומענע יידן האָבן געהאַט אויס־צושטיין שווערע געוואַלד־מעשים, עלילת־דם־בלבולים, שווערע איבערפאַלן פון דער פאַנאַטישער „פאַסטאָראַלער" באַוועגונג וואָס האָט געבושעוועט אין לאַנד, איבערפאַלן וואָס זענען פאַראורזאַכט געוואָרן אין רעזולטאַט פון דער „שוואַרצער פעסט־עפּידעמיע", וואָס האָט דאַן אומגעברענגט טויזנטער מענטשן. מען האָט „געגלייבט", אַז די יידן פאַרסמען די ברונעמער און דעריבער זענען איבערן לאַנד און אין פּאַריז דאַן פאָרגעקומען שווערע פּאָגראָמען אויף יידן. דאָ דערמאָנען מיר בלויז די טראַגעדיע וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יאָר 1321 אין דער שטאָט שינאָן, ווו מען האָט לעבעדיקערהייט פאַרברענט 160 יידן.

צווישן די יאָרן 1322 — 1352 זענען אין פיל צענטראַלע ערטער פון פראַנק־רייך, כמעט נישט געבליבן מער קיין יידישע קהילות.

ס'איז נאָכגעקומען אַ פרישע פאַרלענגערונג פון די רעכט פאַר יידן צו בלייבן נאָך צוואַנציק יאָר אין לאַנד, וואָס האָט זיך געדאַרפט ענדיקן אין יאָר 1380 און וואָס האָט זיך געצויגן ביז 1394, ווען זיי זענען ענדגילטיק, דאָס מאָל שוין אויף הונדערטער יאָרן, אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פראַנקרייך.

אָבער אין דערמאָנטן יאָר 1380, ווען ס'האָט זיך געדאַרפט ענדיקן די רעכט פאַר יידן צו בלייבן אין לאַנד, איז אין פּאַריז פאָרגעקומען אַ שווערער פּאָגראָם: מען איז באַפאַלן זייערע היימען, גערויבט און געמאָרדעט יידן, כאַפּנדיק דערביי יידישע קינדער, וועלכע מען האָט אַוועקגעפירט אין קלויסטערס אויף אָפּצושמדן און צוויי יאָר שפּעטער, אין יאָר 1382 האָט זיך אין פּאַריז ווידעראַמאָל איבערגע־חזרט אַזאַ פּאָגראָם און אין יאָר גופא, פונעם ענדגילטיקן אַרויסטרייבן די יידן, האָט זיך אין פּאַריז אָפּגעשפּילט אַ לעצטע שווערע דראַמע, צוליבן באַשולדיקן די יידן אין האָבן אומגעבראַכט אַ געשמדטן ייד, אַ געוויסן דעניס דע מאַשאָ 2).

גלייך נאָכן אַרויסטרייבן די יידן פון פּאַריז און פון לאַנד, האָט זיך דער המון געלאָזט איבער די יידישע וווינונגען רויבן וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און זוכן דאָרט באַהאַלטענע אוצרות.

טראַגיש ריכטיק זענען די שורות פון מאַרטירער שמעון דובנאָוו, וואָס האָט געשריבן: „אַזוי אָרום זענען די יידן, וואָס זענען אין יאָר 1306 פאַרטריבן גע־וואָרן פון פראַנקרייך, געוואָרן צוריקגערופן נאָר צוליב דעם, כדי דאָס פאָלק זאָל האָבן וועמען צו הרגענען און די רעגירונג וועמען צו באַרויבן".

פון דעם אויבן דערציילטן, זעען מיר וויפל מאָל די יידן אין פראַנקרייך

2) זע „יידן אין פּאַריז", קאַפּיטל „דער שאַנד־סלופּ ביי די האַלעס", ערשט בוך.

האָבן געפּאַקט זייערע פּעקלעך ביים פאַרלאָזן דאָס לאַנד צוליב די שחיטות און אַרויסטרייבונגען און דערנאָך זיי פונאַנדערגעפּאַקט, ביים צוריקקומען אין לאַנד אַריין. ס׳איז אָבער באַוווסט און אויך טראַגיש קלאָר, אַז ביי דעם אַזוי אָפטן אַנט־לויפן פון לאַנד, האָבן יידן אויך איבערגעלאָזט ביי שכנים און בכלל ביי באַקאַנטע קריסטן, פיל פון זייער האָב און גוטס און ווארשיינלעך אויך באַגראָבן, באַהאַלטן אויף דער גיך, געלט און ווערטפולע חפצים, אין דער האָפענונג עס צוריק צו באַקומען, אָדער צוריק געפינען אַ טאָג, ביים אומקערן זיך, אויף וואָס פאַראַ ס׳זאָל נישט זיין אופן, אין לאַנד אַריין; אַ מעגלעכקייט וואָס איז נישט אָפט און נישט אַלעמען באַשערט געווען, צוליב די טראַגישע באַדינגונגען פון יענער צייט און פיל פון די איבערגעלאָזטע אָדער פאַרבאַהאַלטענע זאַכן און פאַרמעגנס זענען קיינמאָל מער נישט אומגעקערט געוואָרן צו די געפּלאָגטע און דערמאָרדעטע יידן.

און אויב אין די דערציילטע געשיכטעס וואָס האָבן קורסירט אין פּאַריז וועגן דעם בריוו־שרייבער ניקאָלאַ פלאַמעל, אַז דאָס רייכטום איז צו אים געקומען אין רעזולטאַט פון קויפן אין יענע טעג אַ יידיש ספר, וואָס האָט פאַר אים אַנט־פּלעקט דעם סוד פון פאַבריצירן גאָלד, האָבן מיר די פולע רעכט צו טראַכטן און גלייבן, אַז דאָס יידישע בוך וואָס איז אַריינגעקומען אין זיין האַנט האָט אין זיך אַנטהאַלטן, נישט דעם אַלכעמישן סוד פון פאַבריצירן גאָלד, אַ סוד וועלכן עס האָט נישט געוווּסט און נישט געקענט קיינער ביז אים און אויך קיינער נאָך אים. נאָר אַז דאָס איז געווען אַ ספר אין וועלכן אַ יידישער מענטש האָט אַריינגעשריבן דעם סוד פון אָרט, ווו ער האָט בעת אַ טראַגישן מאָמענט, פאַרבאַהאַלטן זיינס אַ פאַרמעגן און לאָמיר אין דעם מאָמענט געדענקען, אַז דאָס פאַרשרייבן אין ספרים, באַשטימטע משפחה־געשעענישן, איז פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן צוריק, שוין געווען אַ יידישע פירונג, וואָס האָט אָנגעהאַלטן און גייט נאָך אפשר אָן אין געוויסע יידי־שע משפחות, ביז היינט צו טאָג.

און אַריינבאַקומענדיק אין זיינע הענט אַזאַ יידיש ספר, האָט ניקאָלאַ פלאַ־מעל אַבסאָלוט נישט געדאַרפן זיך לאָזן אין וויטן שפּאַניע זוכן יידישע מענטשן, כדי לערנען ביי זיי די שפּראַך פון ספר, וואָרעם ביז דעם יאָר 1394 און אויך דערנאָך, נאָכן פאַרטרייבן די יידן פון לאַנד, האָבן זיך אין פראַנקרייך געפונען אַ סך יידן־משומדים. זיי האָבן זיך געשמדט, ווייל זיי האָבן שוין נישט געהאַט מער קיין כוח צום כסדרדיקן נע ונד.

פון אַזאַ יידישן ספר, וואָס איז אַריינגעפאַלן צום בריוו־שרייבער ניקאָלאַ פלאַמעל, האָט זיך פּאַקטיש גענומען זיין רייכקייט, אַן אויספיר צו וועלכן ס׳זענען אויך געקומען אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אין 1832 און אין 1854 אייניקע פאָרשער פון יידישן לעבן פון פראַנקרייך פון יענע ווייטע טעג.

**און אויב אין פּאַריז איז ביז היינט צו טאָג, קאָנסערוויִרט געוואָרן אין דער רי מאָנטמאָרענסי נ׳ר 51, אַ הויז, אגב דאָס סאַמע עלטסטע פון די פּאַריזער פּריי־וואַטע הייזער וואָס די שטאָט פאַרמאָגט, איז עס דער בנין וואָס ניקאָלאַ פלאַמעל האָט געבויט פאַר יידיש געלט.**

ביבליאָגראַפיע :

**זע נומער:**

16, 31, 38, 41, 48, 55, 61, 66, 78, 79, 89, 90, 98, 111, 112, 133, 136, 140, 157.

## 4.

### „דער טאַנץ"

פּאַריז איז רייך אין סקולפּטורן, וואָס באַפּוצן די גערטנער, פּלעצער און בנינים, אָבער צו די וויכטיקסטע און שענסטע קונסטווערק געהערט אָן ספק די סקולפּטור־גרופּע, וואָס איז באַרימט מיטן נאָמען „דער טאַנץ", פון פראַנצויזישן קינסטלער זשאַן־באַטיסט קאַרפּאָ, וואָס איז איינגעמויערט אין דער רעכטער זייט פאַסאַד פון דער פּאַריזער אָפּערע.

די סקולפּטור שטעלט פאָר דעם יונגן פּרעכטיק־שיינעם גריכישן גאָט אַפּאָ־לאָן, ווי ער פירט אָן אַ טאַנץ־קאַראַכאָד מיט די טעכטער פון באַכוסן, דעם גאָט פון שיכרות.

די גרופּע „דער טאַנץ" איז נישט נאָר פון די סאַמע שענסטע ווערק וואָס דעקאָרירן די פּאַריזער אָפּערע־געביידע, נאָר זי איז אויך פון די סאַמע שענסטע וואָס פּאַריז פאַרמאָגט. אַוועקגעשטעלט אויפן אָרט אין יאָר 1869, ציט זי אומ־אויפהערלעך צו זיך מבינים און טוריסטן, ליבהאָבער פון קונסט, וואָס זאַמלען זיך כסדר ביי דער סקולפּטור־גרופּע און באַוווּנדערן איר שיינהייט.

די סקולפּטור־גרופּע „דער טאַנץ" האָט אַ חוץ איר גרויסן קינסטלערישן אינטערעס, אויך אַ רייכע געשיכטע, וואָס האָט אַ שייכות צום מאָדעל, וואָס האָט געדינט דעם קינסטלער פאַרן קאָפּ פון אַפּאָלאָנען. אין דעם פּרעכטיק־שיינענדיקן פּנים פון גריכישן גאָט, האָט דער סקולפּטאָר קאַרפּאָ פאַראייביקט איינע פון די פּאַטאַלסטע ראָמאַנטישע פרויען־געשטאַלטן, וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע פון 19־טן י.ה. און איז באַקאַנט אונטערן נאָמען העלענע דאָנינג.

און אויב מיר שטעלן זיך דאָ אָפּ אויף דער דאָזיקער סקולפּטור־גרופּע, טוען מיר עס דערפאַר, ווייל העלענע דאָנינג, דער מאָדעל פון אַפּאָלאָן־קאָפּ, איז געווען אַ קינד פון אַ יידישער מוטער.

זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ וויכטיקן בייערישן דיפּלאָמאַט און זיין יידי־שער פרוי, וואָס איז אויך געווען אַ קרובה פון היינריך היינע. געבוירן אין יאָר 1845, האָט העלענע דאָנינג פון איר סאַמע פריסטע קינדער־יאָרן געצויגן אַלע־מענס אויפמערקזאַמקייט מיט איר אויסערגעוויינטלעכער שיינקייט. צוליב דער וויכטיקער דיפּלאָמאַטישער ראָלע פון איר פאָטער און איר קינדערישער שיינ־קייט, זענען פיל פון אירע קינדער־יאָרן פאַרביי אין מינכענער קעניגלעכן הויף, ווו זי האָט זיך געשפּילט מיטן צוקונפטיקן לודוויק דעם צווייטן. אָפטמאָל פלעגט

זי זיך שלאָגן מיטן פּרינץ, און איינמאָל, בעת אַזאַ געשלעג צוליב עפּעס אַ שיינעם אַלבאָם, האָט ער איר אויסגעריסן אַ בונט געל־גאָלדענע האָר.

קלישע נומער 10



„טאַנץ־גרופּע״ (פון קאַרפּאָ).

די עלטערן פון העלענע דאָנינג זענען געווען מענטשן מיט אַ סך קולטור און זייער היים איז געווען אַ באַרימטער סאַלאָן, וואָס פלעגט באַזוכט ווערן דורך פיל פון די סאַמע באַדייטנדיקסטע פּערזענלעכקייטן פון דער פּאָליטישער און קינסטלערישער וועלט. די קליינע העלענע איז געווען אַלעמענס ליבלינג. דער באַרימטער שרייבער אַנדערסען, בעת זיינע באַזוכן אין מינכען, פלעגט איר דער־ציילן די סאַמע שענסטע מעשיות און אויסשניידן איר פון פּאַפּיר בלומען און זו־מערפייגעלעך. דער באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר אַנטאָן רובינשטיין פלעגט פאַר איר שפּילן זיינע קאָנצערט־נומערן אויף דער פּיאַנע.

צוליב איר איבערראַשנדיקער שיינקייט, האָט מען דאָס קינד גערופן „די קליינע סירענע״.

איר יידישע מוטער, אַ זייער לייכטזיניקע פרוי, האָט זי צו צוועלף יאָר געמאַכט פאַר אַ כלה פון איר אייגענעם געליבטן, אַן איטאַליענישן אָפיציר אין דער האָפענונג אים צו דערהאַלטן נעבן זיך. העלענען איז פון אָנהויב געפעלן געוואָרן די שפּיל אין חתן־כלה, אָבער גיך איז איר דאָס נמאס געוואָרן און פון שידוך איז, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט געוואָרן. אַלס פערצן־פופצניעריק מיידל קומט זי מיט איר מוטער אין דער פראַנצויזישער ריוויערע, אין ניצע און דאָרט, פאַרליבט זי זיך, צום ערשטן מאָל אין איר לעבן, אין אַ רוסישן פלאָט־אָפיציר. זיין פריינט, דער באַראָן קאָצעבו, דער שפּעטערדיקער רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין, האָט וועגן דער דאָזיקער ליבע פון דעם יונגן מיידל דערציילט: „דריי געוואַלדיק גרויסע זאַכן האָב איך געזען אין מיין לעבן: דעם טייפון אויפן כינע־זישן ים, אַן אויסבראָך פון אַ ווולקאַן און דעם אויפרייס פון העלענע דאָניגעס ערשטער ליבע״. דער רוסישער אָפיציר פאָרט גיך אָפּ פון ניצע און העלענע באַ־רואיקט זיך לאַנגזאַם.

אין ניצע זייענדיק, באַקענט זי זיך מיט אַ יונגן רומענישן פירשט, יאַנקאָ ראַקאָוויצאַ, וואָס פאַרליבט זיך אין איר און וויל זי זאָל ווערן זיין פרוי; העלענע איז אָבער נאָך ווייט פון חתונה־האָבן. איר חלום איז דאָס טעאַטער, זי וויל ווערן אַ שוישפּילערין און זאָגט אים:

— אפשר שפּעטער!

דער יונגער פירשט האַלט זיך פאַר געבונדן מיט זיין וואָרט און דערקלערט, אַז „ער וועט וואַרטן אויף איר״.

אין יאָר 1863, ווען העלענע דאָנינג ווערט אַלט אכצן יאָר, באַגעגנט זי אין בערלין אויף אַ באַל, דעם דאַן זייער באַרימטן יידיש־סאָציאַליסטישן אַגיטאַטאָר פערדינאַנד לאַסאַל. ער איז דאַן אַכט און דרייסיק יאָר אַלט און איז נישט נאָר אַ הערשער איבער די אַרבעטער־מאַסן, נאָר אויך — אַ גרויסער גאַלאַנט, אַ זעלטן שיינער מאַן, אַ באַצווינגער פון פיל פרויען־הערצער. לאַסאַל ווערט איבערראַשט פון דער דאָזיקער שיינהייט; ער פאַרברענגט מיט איר כמעט די גאַנצע צייט פון באַל און ביים געזעגענען זיך, זאָגט איר לאַסאַל, וואָס קען דעם כוח פון זיין אייגענער שיינקייט:

— מאָרגן וועל איך זיין ביי אייערע עלטערן בעטן אייער האַנט!

אירע עלטערן זאָגן זיך אָפּ אים צו געבן זייער טאָכטער פאַר אַ ווייב. עס געפעלט זיי נישט צו האָבן אַלס איידעם אַ רעוואָלוציאָנער, אַ מענטש וואָס וויל צעשטערן די הערשנדיקע אָרדענונג. העלענע איז טאַקע באַגייסטערט פון דער באַקאַנטשאַפט מיט לאַסאַלן אָבער זי איז נישט פאַרליבט אין דעם אָדלער, כדי

האַנדלען קעגן די עלטערן. ער איז פֿאַר איר גיכער אַ קאַפּריז און זי וואָרנט אים: „פֿאַרגעסט נישט, אַז איך בין אַ פֿרוי, די סאַמע ווייבלעכסטע אויף דער וועלט, און דאָס מיינט, אַ נישט־דעציִדירטע, אַ קאַפּריז־פֿולע"; דאָך געפֿעלט איר דער שידוך און זי שרייבט אים, אַז זי איז גרייט מיט אים חתונה־האָבן, אויב ער וועט עס פּועלן ביי אירע עלטערן. גלייכצייטיק שרייבט זי אויך צום פֿירשט ראַקאָ־וויצאַ, אַז זי ליבט אַן אַנדערן.

לאַסאַל מיט העלענען האָבן זיך געזען אין געהיים און פֿאַרבליבן צוויי טעג הינטער זשענעווע; דאָס זענען געווען צוויי טעג פֿול מיט גליק פֿאַר דעם רעוואָ־לוציאָנער פֿערדינאַנד לאַסאַל, אָבער דערוויסנדיק זיך וועגן דער פֿאַרגעקומענער זעאונג, האָבן די עלטערן זי בוכשטעבלעך פֿאַרשלאָסן אין זייער וווינונג, כדי שטערן די פֿאַרבינדונג.

דער קעמפֿער און רעוואָלוציאָנער פֿערדינאַנד לאַסאַל איז געווען פֿאַר־צווייפֿלט און אומפֿעאיק זיך צו פֿאַרנעמען מיט די אַרבעטער־פּראָבלעמען וואָס האָבן אים באַשעפֿטיקט. ער לאָזט פֿאַלן זיין גאַנצע אַקטיוויטעט; „איך שלאָג מיך פֿאַר אַ פֿרוי, אין וועלכער איך בין משוגע פֿאַרליבט און נאָך מער משוגע, ווייל זי ליבט מיך אויך. איך מוז זי באַקומען, וואָס פֿאַראַ קרבנות דאָס זאָל מיך נישט קאָסטן" — שרייבט ער צו זיינעם אַ פֿריינט, נישט אַנענדיק, אַז ער וועט טאַקע באַצאָלן פֿאַר דער דאָזיקער ליבע, דעם סאַמע טייערסטן פּרייז, זיין לעבן!

לאַסאַל רינגלט אַרום דאָס הויז ווו העלענע וווינט, מיט זיינע מענטשן, וואָס זוכן איר איבערצוגעבן זיינע בריוו, נאָר העלענע שווייגט, ענטפֿערט נישט. „איך פֿאַר קיין קאַרלסרוהע און וועל ברענגען אין באַוועגונג דעם הימל און די ערד, כדי דער בייערישער קעניג זאָל אינטערווענירן ביי העלענעס עלטערן" — שרייבט לאַסאַל צום זעלבן פֿריינט, פֿאַרגעסנדיק זיך שוין אינגאַנצן.

דערווייַלע האָבן די עלטערן אָוועקגעפֿירט זייער טאָכטער אין אַן אומבאַ־קאַנט אָרט. לאַסאַל איז אויסער זיך. ער לעבט ווי אין אַ פֿיבער; זוכנדיק דאָס מיידל, האָט ער אין איין טאָג פֿונאַנדערגעשיקט זעכציק בריוו צו זיינע פֿריינט, מכוח העלפֿן אים געפֿינען די געליבטע פֿרוי. ער האָט ווידער אַ מאָל בדעה זיך צו ווענדן צום בייערישן קעניג און ריכאַרד וואַגנער, מיט וועמען לאַסאַל איז זייער נאָענט, זאָגט אים צו זיין פֿאַרמיטלונג. ענדלעך באַקומט ער דעם 21־טן אויגוסט 1863 אַ בריוו פֿון העלענען אין וועלכן זי שרייבט אים:

„פֿיל געשעצטער הער לאַסאַל! איך האָב מיך איבערגעגעבן מיט מיין חתן יאַנקאָ ראַקאָוויצאַ... און טייל אייך מיט גאַנץ פֿריי, אַז עס קען נישט זיין קיין רייד מכוח אַ שידוך צווישן אונדז; איך האַלט מיך פֿאַר פֿולשטענדיק פֿריי אין באַצוג צו אייך און האָב פֿעסט באַשלאָסן אָפּצוגעבן מיין חתן מיין ליבע און טריי־הייט".

לאַסאַל לעבט אין אַ טראַנס. דער בריוו האָט אים גאָרנישט אויסגעניכ־טערט. „איצט דאַרף איך אויף דאָס ניי אָנהייבן געווינען העלענען" — שרייבט ער. ער האָפט נאָך אַלץ, אַז דער עניך מיטן יונגן רומענישן פּירשט איז אַ שפּאַס, אַ קאַפּריז, און ער שיקט צו העלענעס פּאָטער זיין אַדוואָקאַט, פּאָדערנדיק אַ זע־אונג מיט דער טאָכטער וואָס האָט „געבראָכן איר וואָרט". דאָ שווימט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך אַ נאַטאַר: העלענע שיקט אים אַ נאָטאַריעלן אָפּזאָג פון זעען זיך מיט אים און לאַסאַל פאַרלירט פולשטענדיק דעם קאָנטראָל איבער זיך; אַ קעגנער פון דועלן, רופט ער אַרויס העלענע דאָנינגס פאָטער אויף אַ דועל. אָבער דער יונגער פּירשט יאַנקאָ ראַקאָוויצאַ שלאָגט זיך פאַר צו פאַרטרעטן דעם פאָ־טער. לאַסאַל באַשטייט און דער דועל קומט פאָר דעם 28־טן אויגוסט אין אַ קליינעם דאָרף אין דער שווייץ. יאַנקאָ שיסט דער ערשטער און פאַרוווּנדעט לאַ־סאַלן אין בויך. לאַסאַל באַווייזט נאָך אויסצושיסן, אָבער זיין קויל טרעפט נישט. פיר טעג שפּעטער, שטאַרבט פערדינאַנד לאַסאַל פון דער באַקומענער וווּנד.

דער ייִדיש־דייטשער קעמפער, וואָס איז גרייט געווען אָפּצוגעבן זיין לעבן פאַרן סאָציאַליזם, פאַרלירט זיין לעבן אין רעזולטאַט פון זיין אויפגעשטורעמטער ליבע צום אַכצן יאָריקן מיידל העלענע דאָנינג, אַ קינד פון אַ ייִדישער מוטער.

דער טויט פון לאַסאַלן מאַכט אַן אומגעהייערן איינדרוק און רופט אַרויס אַ געוואַלדיקן אויפברויז קעגן דער פאַמיליע דאָנינג, קעגן דעם יונגן פּירשט ראַ־קאָוויצאַ, און קעגן דער יונגער אָבער פאַטאַלער שיינקייט. זיי זענען געצוווּנגען צו וואַנדערן פון אָרט צו אָרט און אויסצובאַהאַלטן זייערע נעמען. דער פּירשט פאָרט אָפּ קיין רומעניע און דאָרט, אין יאָר 1864, האָט ער חתונה מיט העלענען, אָבער קורץ נאָך דער חתונה אַנטפּלעקט זיך ביי אים אַ לונגען־קראַנקהייט און ער שטאַרבט סוף 1865. אַזוי אַז צו צוואַנציק יאָר איז שוין העלענע דאָנינג אַן אלמנה.

זי קומט דאַן אין דעם זיך וויילנדיקן פּאַריז פון דער צווייטער אימפּעריע, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דערנענטערן צום אונטערגאַנג, און זי פאַרברענגט דאָ אין דער געזעלשאַפט פון קינסטלערס, שרייבערס און אַקטיאָרן, אַ מיליע אין וועלכער זי איז דערצויגן געוואָרן און צו וועלכער עס האָט זי כסדר געצויגן. דאָ באַקענט זי זיך מיטן קינסטלער קאַרפּאָ, ביי וועמען מען האָט שוין געהאַט באַ־שטעלט די סקולפּטור־גרופּע „דער טאַנץ" און ער פועלט ביי איר, צו זיין דער מאָדעל פאַר זיין אַפּאָלאָן.

אָבער נאָך איידער די סקולפּטור איז געווען געענדיקט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע קעגן דעם ווערק אַלס „נישט אָנשטענדיקע" גרופּע און אַז „דער טאַנץ" האָט זיך ענדלעך באַוויזן אויף דעם היינטיקן אָרט, האָט זיך די קאַמפּאַניע ביז גאָר פאַרשטאַרקט. איין מאָל ביי נאַכט, האָט מען די פּרעכטיקע סקולפּטור באַגאָסן מיט טינט. גרופּן פון סאָציאַליסטיש־געשטימטע אַרבעטער האָבן זיך אויך

כסדר געזאַמלט פאַרן קונסט־ווערק און געפאָדערט מען זאָל דאָס ווערק אָוועקנע־מען פון דעם אָרט און אַפילו אויך די „צניעותפולע" פאַריזער באַלערינעס האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער סקולפּטור־גרופּע און ווער ווייסט ווי אַזוי די קאַמפּאַניע וואָלט זיך געענדיקט, ווען עס ברעכט נישט אויס די פראַנצויזיש־פּרייסישע מלחמה פון יאָר 1870. די אַלע באַכקומענדיקע אומגליקן, ווען איטלעכער איז געווען אַרייַנ־געצויגן אין די אויפטרייסלענדיקע געשעענישן פון דער פאַרשפּילטער מלחמה און די קאָמונע־טעג אין פּאַריז האָבן געמאַכט פאַרגעסן די „נישט אָנשטענדיקע" גרופּע.

אַ חוץ דורכן סקולפּטאָר קאַרפּאָ, איז העלענע דאָנינג אויך פאַראייביקט גע־וואָרן אין די ווערק פון אַ ריי מאָלערס און גאָר ספּעציעל דורכן קינסטלער מאַ־קאַרט, ווי אַ באַכוס־טאָכטער און אַ ווענעציאַנערין. אויך אין דער ליטעראַטור האָט איר לעבן געדינט אַלס פּראָטאָטיפּ פון אַ ריי וואָגיקע ראָמאַנען, אָבער גאַנץ ספּע־ציעל איז זי פאַראייביקט געוואָרן דורך דעם גרויסן שרייבער־קריטיקער געאָרג בראַנדעס, אין זיין אַרבעט געווידמעט פערדינאַנד לאַסאַל.

איר לעבן איז געווען זייער רייך אין געשעענישן; קורץ נאָך דער פראַנצוי־זיש־פּרייסישער מלחמה, הייבט זי אָן איר אַרטיסטישע קאַריערע, צו וועלכער זי האָט שוין לאַנג געשטרעבט און דאַן האָט זי אויך חתונה מיטן רעזשיסאָר פון דער טרופּע, אַ געוויסער זיגוואַרד פרידמאַן (לויטן נאָמען, וואַרשיינלעך אַ ייד), מיט וועמען זי צעשיידט זיך אויף אַ פריינטלעכן אופן, נאָך פינף יאָר צוזאַמענלעבן און וואַנדערן איבער שטעט און שטעטלעך. זי פאָרט אויס גאַנץ דייטשלאַנד און אַמע־ריקע, אָבער ליידט איין דורכפאַל נאָכן אַנדערן. זי איז כסדר בלענדנדיק שיין, אָבער זי פאַרמאָגט נישט דעם נייטיקן סצענישן טאַלאַנט. אין ברעסלאַו, אין דער געבורט־שטאָט פון לאַסאַלן, פייפט מען זי אויס און ביים פאַרלאָזן דאָס טעאַטער, געלינגט עס איר קוים זיך צו ראַטעווען פון נישט געשלאָגן ווערן. אין אַמעריקע זייענדיק, שפּילט זי אפילו פּיעסן וועגן לאַסאַלס לעבן און טויט, אָבער דאָס אַלץ קען נישט ראַטעווען איר סצענישע אומפעאיקייט און אָפט ליידט זי נויט, אָפּזאָגנ־דיק זיך אָבער פון אוצרות, וואָס פיל רייכע מענער האָבן איר פאָרגעשלאָגן, כדי זי צו האָבן ווי אַ געליבטע.

אַלט ווערנדיק דרייסיק יאָר, באַקענט זי זיך מיט אַ רוסישן פּאָליטישן עמי־גראַנט, סערגעי שעוויטש, אַ געוועזענער סענאַט־באַאַמטער, וואָס האָט געמוזט אויסוואַנדערן צוליב זיינע לינקע איבערצייגונגען; זי פאַרליבט זיך אין אים ביז גאָר שטאַרק. דאָס מאָל איז עס ביי איר געווען ערנסט, ערנסט ביז צום טויט. העכער דרייסיק יאָר לעבן זיי צוזאַמען אַ גליקלעך לעבן, מאַכן דורך אַמאָל שווע־רערע און אַמאָל לייכטערע טעג, לעבן אין ניצע, אין פלאָרענץ און אין מינכען, און תמיד אין לינקע קרייזן און אין דער וועלט פון קינסטלערס. ווען איר מאַן

שטאַרבט אין יאָר 1911, קען העלענע דאָניִנג דאָס נישט איבערלעבן; זי האָט פאַרלוירן דעם איינציקן באמת געליבטן מענטשן, און זעקס טעג שפּעטער, באַגייט זי זעלבסטמאָרד דורך אָפּסמען זיך.

מען האָט זי מקבר געווען אין אַ ווינקל פּאַר זעלבסטמערדער פון מינכענער בית עולם, וווּ איר קבר געפינט זיך ביז היינט צו טאָג, אָבער פאַרגעסן פון דער גאַנצער וועלט.

די דאָזיקע פּאַטאַלע פּרויען־שיינהייט, וואָס איז געווען אַ קינד פון אַ ייִדישער מוטער און אַ קרובה פון היינריך היינע, און צוליב וועלכער ס׳איז אומגעקומען דער באַרימטער דייטש־ייִדישער אַרבעטער־טוער פערדינאַנד לאַסאַל, וועט אָבער לאַנג לעבן אין די בילדער פון מאָלער מאַקאַרט, אין די ווערק פון געאָרג בראַנדעס, און אין דער וווּנדערלעכער סקולפּטור פון גרויסן קאַרפּאָ ווי אַפּאָלאָן 1).

ביבליאָגראַפיע:

זע נומער:

24, 33, 48, 60, 79, 84, 86, 101, 118.

1) די סקולפּטור־גרופּע „דער טאַנץ" וואָס דעקאָרירט היינט צו טאָג דעם פּאַסאַד פון אָפּערע־בנין, איז נאָר אַ גוטע און געטרייע קאָפּיע פון אָריגינאַל, וואָס געפינט זיך זינט אייניקע יאָר אין לוווּר־מוזיי, אין פּאַוויליאָן פלאָר און ס׳איז אַזוי געשען, כדי אָפּצוראַטעווען דאָס פּרעכטיקע קונסט־ווערק פון די היינטיקע צעשטערונגס־באַדינגונגען.

5.

## יידישע קינסטלערס און מעצענאַטן

פּאַריז איז רייך אין קונסט־מאָנומענטן וואָס באַצירן אירע גאַסן, פּלעצער און פּאַרקן. די שטאָט איז אויך ביז גאָר רייך אין מוזייען וואָס האָבן אָנגעזאַמלט קאָלאָסאַלע אוצרות.

איז כדאי צו דערציילן, אַז מיר יידן האָבן אַ באַשטימטן חלק אין אָנזאַמלען די אוצרות. אויף איין געביט איז אונדזער אָנטייל קלענער, אויף אַ צווייטן געביט גרעסער, אָדער אפילו גאָר גרויס.

עס וועט דאָ, אפשר צום ערשטן מאָל, דערציילט ווערן וועגן יידישן אָנטייל אין אויפשטעלן דעם גרויסן קונסט־ און קולטור־צענטער, וואָס שמ׳ט איבער דער וועלט אַלס די „שטאָט פון ליכט״.



אין קליינעם גערטנדל וואָס טראָגט דעם נאָמען „סקוואַר דע ל׳אַרשעוועשע״ וואָס רינגלט אַרום די קאַטעדראַלע „נאָטר דאַם״, זעען מיר אַ שיינעם גאָטישן פּאָנטאַן, וואָס געפינט זיך דאָ זינט דעם יאָר 1843. אָבער מיט 111 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1954, איז דער פּאָנטאַן באַצירט געוואָרן מיט דריי שטיין־פיגורן פון מלאכים, אַ ווערק פון יידישן סקולפּטאָר קרעטז.

אויף דעם זעלבן סיטע־אינדזל, אין דער רי האַרלע, ביי די מאָנומענטאַלע שטיגן פון מערב־פּאַסאַד פון יוסטיץ־פּאַלאַץ, זעען מיר סקולפּטורן פון צוויי ליגנ־דיקע גרויסע לייבן, אַ שאַפונג פון יידישן סקולפּטאָר איזידאָר באָנהער.

דער דאָזיקער סקולפּטאָר שטאַמט פון אַ משפחה וואָס האָט אַרויסגעגעבן פינף קינסטלערס, מאָלערס און סקולפּטאָרן: דער ראש פון דער פאַמיליע, דער סקולפּטאָר ריימאָנד באָנהער, פון באָרדאָ (געשטאָרבן אין 1849) און זיינע צוויי זין און צוויי טעכטער. דער סאַמע באַרימטסטער קינסטלער־נאָמען פון דער משפּחה איז געווען די טאָכטער, די מאָלערין ראָזאַ באָנהער (1822 — 1899), אַ שוועסטער פון סקולפּטאָר פון די דערמאָנטע צוויי לייבן 1).

---

1) איר קבר געפינט זיך אויפן בית־עולם פּער־לאַשעז.

אין קאַפּיטל „דער לוקסענבורגער גאָרטן" האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף ווערק פון די קינסטלערס זכריה אַסטריק, זשאַן באַפּטיסט קלעזאַנזשע (שלעזינ־גער), דעם סקולפּטאָר משומד וואַטקין און גאָר ספּעציעל אויפן סקולפּטאָר אויגיסט קען.

אויגיסט קען איז געבוירן און געשטאָרבן אין פּאַריז (1822 — 1894). אַ גע־וועזענער שילער פון באַרימטן סקולפּטאָר ריד, גייט ער אַוועק אויפן וועג פון אַרויספירן אין זיינע סקולפּטור־ווערק, דער עיקר חיות און ער האָט באַצירט פּאַריז מיט אַ ריי פּרעכטיקע סקולפּטורן פון דעם זשאַנר. אַזוי זעען מיר אין טור־ליערי־גאָרטן, ביים טויער וואָס געפינט זיך אַנטקעגן דער רי קאַסטיליאָן, צוויי גרויסע סקולפּטור־ווערק זיינע, וואָס שטעלן פאָר אַ קאַמף צווישן לייבן, טיגערן, קראָקאָדילן א. א. חיות און נעבן דעם פּאַוויליאָן פלאָר, אין זעלבן טוליערי־גאָרטן, זעען מיר גאַנצע פיר טיגער־סקולפּטורן פון קינסטלער, וואָס וואַלטן ווי געהיט דעם אַריינגאַנג אין מוזיי. אַזוי אויך זעען מיר, נאָענט פון טראָקאַדעראָ־בנין, ביי דער פאָנטאַנע וואָס געפינט זיך אין גאָרטנדיקן טייל, זיינס אַ גרויסן מערקווירדיק דע־קאָראַטיוון קאָפּ פון אַן אָקס־סקולפּטור. אין דער קליינער רי לאָבאָ[2], ביים צפון - אַריינגאַנגס - טויער צום „האָטעל דע וויל", זעען מיר צוויי סקולפּטור־ווערק פון לייבן. דער קינסטלער האָט אויך דעקאָרירט דעם פּאַסאַד פון האָטעל דע וויל גופא, מיט צוויי ביז גאָר אינטערעסאַנטע כימערע־פיגורן וואָס געפינען זיך גאַנץ אויבן, ביי ביידע זייטן פון טורעמל.

אויגיסט קען האָט אויך געשאַפן אַ ריי ווערק וואָס געפינען זיך מחוץ פּאַריז און אין אויסלאַנד. ער האָט געהערט צו די גאָר גרויסע סקולפּטאָרן פון 19־טן י..ה און נאָך זיין טויט, האָט די שטאָט פּאַריז אָנגערופן איר'ס אַ גאַס אויפן נאָמען פון קינסטלער[3].

אין דער רי די ד"ר רו נ'ר 25, געפינט זיך דער בנין פון פּאַסטער־אינסטי־טוט און דאָ, ביים פּאַסאַד, זעען מיר דעם פּרעכטיקן מאָנומענט פונעם געלערנטן, וואָס איז געשאַפן דורכן קינסטלער נחום אַראָנזאָן. דער ביוסט פון פּאַסטערן, גע־פינט זיך אויף אַ סאָקל, און מאַכט אַ גרויסן רושם.

---

2) די אַמאָליקע סנהדרין־גאַס, אין די יאָרן 1807 — 1809.

3) אויגיסט קען האָט געהאַט צוויי זין: זשאַרזש קען, אַ באַגאַבטער מאָלער, שרייבער און היסטאָריקער פון פּאַריז, געוועזענער קאָנסערוואַטאָר פון מוזיי קאַרנאַוואַלע. זיין צווייטער זון, העברי, איז פּונקט ווי זיין ברודער, אויך געווען אַ מאָלער, אַן אָנגע־זעענער דראַמאַטורג און ליברעטיסט.

אַזוי זעען מיר אויפן בית־עולם מאָנפּאַרנאַס, אויפן קבר פון רייזענדן און עקספּלאָראַטאָר לואי בינגער, זיינס אַ מעדאַליאָן, אויך געשאַפן פון קינסטלער נחום אַראָנזאָן.

קלישע נומער 11



פּאַסטער־ביוסט (פון נחום אַראָנזאָן).

אויפן בית־עולם באַניע (הינטער פּאַריז), אין דער יידישער אָפּטיילונג, אין דער 23־טער דיוויזיע, זעען מיר אויפן קבר פון יידיש־רוסישן שרייבער סעמיאָן יושקעוויטש, אַ זעלטן שיינעם באַרעליעף מיטן פּאָרטרעט פונעם שרייבער, געשאַפן פון זעלבן קינסטלער, וואָס האָט אויך דעקאָרירט מיט אַ מעדאַליאָן דאָס קבר פון שרייבער אַנרי באַרביס אויפן בית־עולם פּער־לאַשעז (97־טע דיוויזיע). אין דער 89־טער דיוויזיע זעען מיר אַ מערקווירדיק ווערק, אַ סקולפּטור געשאַפן דורכן גרויסן יידיש־ענגלישן קינסטלער יעקב עפּשטיין, וואָס באַצירט דאָס קבר פון שרייבער און דיכטער אָסקאַר אוויילד.

אויפן שוין דערמאָנטן בית־עולם באַניע, אין דער אַלטער יידישער אָפּטיילונג (1־טע דיוויזיע), געפינט זיך אַ גרויסע סקולפּטור־מאָנומענט פון קינסטלער

נתן ראַפּאָפּאָרט, וואָס דעקאָרירט דאָ אַ ברידער־קבר פון 65 ייִדישע קעמפער, זעלנער, געפאַלענע פאַר פראַנקרייך אין דער מלחמה 1939 — 1945, וואָס זענען דאָ געקומען צו קבר ישראל 4).

אין בנין פון פאַנטעאָן זעען מיר אַ גרויסע לייוונט פון ייִדישן מאָלער האַנרי לעווי, געווידמעט דער „קרוינונג פון שאַרלעמאַן אין רוים". אַ ווערק וואָס אָטעמט מיט אַ גאָר גרויסן קינסטלערישן כוח.

האַנרי לעווי שטאַמט פון דער שטאָט נאַנסי (1839 — 1904). ער איז אַ מחבר פון אַ ריי ביבל־סיוזשעטן, ווי „חוה מיטן עפּל", „שמשון" און אויך פון לייוונט „די געפאַנגענע העברעער וויינען אויפן חורבן פון ירושלים". אין יאָר 1900 האָט האַנרי לעווי באַקומען אַ גאָלדענע מעדאַל אויף דער אויסשטעלונג געווידמעט דער „פּראַנצויזישער קונסט". ה. לעווי האָט אויך דעקאָרירט דעם גרויסן פייע־רונגס־זאַל (דער א.ג. סאַל דע פעט), פון פּאַריזער האָטעל דע וויל (דער שטאָט־ראָט־בנין), מיט אַ פּרעכטיק־סימבאָליש ווערק א.ג. „די שעה'ען פון טאָג און נאַכט„. זיבט אייניקע יאָר, געפינט זיך אין זעלביקן האָטעל דע וויל אַ לייוונט פון קינסטלער בען, געווידמעט דער שטאָט פּאַריז („האָמאַזש אַ פּאַרי").

אַזוי זעען מיר אויך אין דער גרויסער פּאַריזער אָפּערע (דער א.ג. פּאַלע גאַרני־ע) דעם פּלאַפאָן (סופיט) וואָס איז דעקאָרירט דורכן מאָלער מאַרק שאַגאַל. ס'איז אַ ווערק וואָס ווערט געזען דורך די מאַסן באַזוכער פון דער אָפּערע.

פאַראַן אויך אין פּאַריז בנינים וואָס זענען געבויט געוואָרן לויט די פּלע־נער פון ייִדישע אַרכיטעקטן; דאָס איז דער בנין פון דער ראָטשילד־סינאַגאָגע אין דער רי דע לאַ וויקטואַר, פון אַרכיטעקט אַלפרעד אַלדאָרף (1834 — 1895). דער זעלבער אַרכיטעקט האָט אויך איבערגעבויט דעם האָטעל דע טיער (דאָס הויז פון פּרעמיער אין די מלחמה־יאָרן 1870 — 1871), וואָס די פּאַריזער קאָמו־נאַרן האָבן אין יאָר 1871 טיילווייז צעשטערט. אַלדאָרף האָט אויך אויסגעבויט אַ ריי פּאַלאַצן אין דער פּראַנצויזישער פּראָווינץ.

אַזוי איז אויך דער אינסטיטוט פאַר מענטשלעכער פּאַלעאָנטאָלאָגיע, אין דער רי רענע פּאַנהאַרד, געבויט געוואָרן לויט די פּלענער פון ייִדישן אַרכיטעקט עמנואל פּאָנטרעמאָלי.

אין פּאַריז געפינען זיך אַ ריי קונסט־מוזייען, געגרינדעטע דורך ייִדישע

---

4) נתן ראַפּאָפּאָרט איז דער קינסטלער פון מאָנומענט אין וואַרשע, געווידמעט דעם חורבן פון וואַרשעווער און פּוילישן ייִדנטום בכלל.

קאָלעקציאָנערן. זיי האָבן די דאָזיקע אוצרות אַוועקגעשענקט, ווערביים לעבן און ווער בירושה, פאַר דער שטאָט.

קלישע נומער 12



די סינאַגאָגע אין דער רי דע לאַ וויקטואַר.

אין דער אַוועני פאָש נ׳ר 59 געפינט זיך דער מוזיי פון כינעזיש־יאַפּאַנישער קונסט, געשאַפן דורך דער רייכער קאָלעקציע פון יידיש־פראַנצויזישן שרייבער אַדאָלף דענערי (ד׳ענערי, 1811 — 1891), וועלכער איז ביז גאָר רייך געוואָרן אַ דאַנק דעם געוואַלדיקן דערפאָלג, וואָס עס האָבן אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געהאַט זיינע פילצאָליקע טעאַטער־ווערק; צום מערסטן באַרימט איז געווען זיין מעלאָדראַמע „די צוויי יתומים״.

אַן אַנדערער מוזיי געפינט זיך אין דער רי מאָנסאָ נ׳ר 63 און איז באַקאַנט א.נ. „ניסים דע קאָמאָנדאָ״. דער מוזיי, וואָס איז געעפנט געוואָרן אין יאָר 1936, איז געגרינדעט געוואָרן דורכן באַנקיר גראַף מאָיס (משה) דע קאָמאָנדאָ,

אויפֿן נאָמען פון זיין זון, אַן אַוויאַטאָר, וואָס איז אומגעקומען אין אַ לופט־שלאַכט אין יאָר 1917. דער מוזיי שטעלט מיט זיך פאָר אַ ביז גאָר רייכע זאַמלונג פון סטיל־מעבל, וואַזעס, בראָנדז־חפצים, טעפּיכער, מאָלעריי און סקולפּטור־ווערק פון באַרימטע מייסטערס און דעקאָראַטיווע קונסט־ווערק פון 18־טן יאָרהונדערט.

אין דער רי דע סאָל נ׳ר 42 געפינט זיך אויך אַ קליינער „מוזיי פון יידישער קונסט״ וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1948, געגרינדעט אויף דער איניציאַטיוו פון אַ פּאַריזער „אָרט״־טוער, אינזשעניר פּרענקעל. ס׳איז אַ מוזיי פון יידישן אייגנאַרט און שטייגער־לעבן : כאַראַקטעריסטישע יידישע קליידונג, צירונג, זעלטן דעקאָראַטיווע אַלטע כתובות, פּרוכתן, מיניאַטור־מאָדעלן פון אומגעברענגטע יידישע שולן, הויך־אינטערעסאַנטע שול־מאָלערייען און שניצערייען פון ארון־קודשן, קאָפּיעס פון אַלטע יידישע מצבות א. אַנד. יידישע קעגנשטאַנדן און ווערק. דער מוזיי פאַרמאָגט אויך מאָלערייען פון מאַקס ליבערמאַן, קאַמיל פּיסאַראָ, הערמאַן שטרוק, פּאַסקין, בען, שאַגאַל און אויך סקולפּטורן פון נחום אַראָנזאָן, און אַנד. ווערק.

אין מוזיי פון דער „מאָדערנער קונסט״ זעען מיר די ווערק פון חנה אָרלאָוו, בען, זאַדקין, ליפּשיץ, סימאָן לעווי, מאָדיליאַני, פּאַסקין, מאַנע קאַץ, מאַרק שאַגאַל און אַנד. יידישע קינסטלערס.

נאָך אַ מוזיי פאַרמאָגט פּאַריז, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך אַ ייד, דעם באַנקיר אַלבערט קאַהאַן. דאָס מאָל האַנדלט זיך עס אין אַ מערקווירדיקן מוזיי, וואָס פּאַריזער יידן קענען אים כמעט אין גאַנצן נישט : ס׳איז אַ גאָרטן וואָס טראָגט דעם נאָמען „זשאַרדען קאַהאַן״. ער איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1900 און געפינט זיך נ׳ר 6 רי די קאַטר־סעפּטעמבער, אין דער פּאַריזער פאָרשטאָט בולאָן. ס׳איז אַ זעלטענע זאַמלונג פוןביימער און געוויקסן, פאַרפלאַנצט לויט פאַרשידענע גאָרטן־סטילן. פאַראַן דאָרט אַ פראַנצויזישער און ענגלישער סטיל־גאָרטן, אַ זעלטענער מוסטער פון וואָגעזן־וואַלד און אויך אַ יאַפּאַנישער גאָרטן, וואָס כישופט אין די זומער־חדשים. דער גאָרטן פאַרמאָגט אויך אַ „פּאָטאָטעקע״ מיט 72.000 קלישעס פון פלאַנצן פון גאָר דער וועלט.

און נאָך אַ ווינקל איז פאַראַן אין פּאַריז, געשאַפן דורך אַ יידישן מענטשן : אַ שטעטל, וואָס איז באַקאַנט א.נ. סיטע אוניווערסיטער, געגרינדעט דורכן יידישן אינדוסטריעלער און פילאַנטראָפּ עמיל דויטש דע לאַ מערטער (1827 — 1924), וועלכער האָט אין יאָר 1922 געשאָנקען צען מיליאָן פראַנק אויף צו שאַפן די סיטע אוניווערסיטער פאַר 350 נישט־פאַרמעגלעכע סטודענטן.

פאַראַן אויך פיל צו דערציילן וועגן די אומגעהויער רייכע מתנות, וואָס

ייִדישע מעצענאַטן האָבן געשאָנקען די פּאַריזער מוזייען און בכלל אויף צו באַ־שיינען די שטאָט.

דער לוווער האָט אַ ריי זאַלן אויסגעפּילטע נאָר מיט מתנות פון דער משפּחה ראָטשילד, פון מאָיס (משה) קאָמאַנדאָ, פון דער פאַמיליע אָזיריס, פון דאַוויד וייל און אַנד. מעצענאַטן. די דאָזיקע זאַלן טראָגן טאַקע די נעמען פון די שפּענ־דערס.

אַ חוץ די שוין אויסגערעכנטע נעמען, איז כדאי צו פאַרצייכענען נאָך אַ ריי נעמען פון ייִדישע מעצענאַטן וואָס האָבן ביז גאָר באַרייכערט די פאַריזער מוזייען, שפּענדנדיק זיי זעלטענע קונסט־ווערק, דאָס זענען:

באַראָן מאַקס פאָן אָפּענהיימער, בערנהיים דע ווילע, קאַרל דרייפוס, גאָלד־שמיד־ראָטשילד, עריק האַלעווי, ניקאָלאַ לאַנדאו, פּיער לעווי, פּרוי מילשטיין, באַטאַנעל דע ראָטשילד, די קינדער פון באַראָן ראָבערט דע ראָטשילד, דאַוויד וייל און פרוי, אַרטור וייל־פּיקאַר, מאַקס קאַגאַנאָוויטש, דער ברודער פון ייִדישן שרייבער דער נסתר, זשאָרזש ווילדענשטיין, און פּיל, פּיל אַנדערע. זשאָרזש ווילדענשטיין איז עס געווען דער יעניקער וועלכער האָט אויך געשאָנקען דעם לוווער דאָס ביז גאָר באַרימטע בילד „דאָס מיטאָג אויפן גראָז" פון עדואַרד מאַנע (געשאַפן אין יאָר 1863) און וואָס מיר באַוווּנדערן היינט צו טאָג אין מוזיי פון די אימפּרעסיאָניסטן אין טוליערי־גאָרטן.

אויסרעכענען די נעמען פון אַלע ייִדישע מעצענאַטן וואָס האָבן באַרייכערט די פאַריזער מוזייען, איז אַבסאָלוט נישט מעגלעך, אָבער אַדורכלאָזן דאַרף מען אוודאי נישט דעם נאָמען פון באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד, וועלכער האָט אַוועק־געשאָנקען די פאַריזער מוזייען און דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק קאָלאָסאַלע זאַמ־לונגען, גראַווירן פון וועלט־מייסטערס, זעלטענע מאַנוסקריפּטן און ביכער, וואָס זייער ווערט איז גאָרנישט אָפּצושאַצן.

אַ חוץ די אויסגערעכנטע (און נישט אויסגערעכנטע) גרויסע צאָל נעמען פון פראַנצויזיש־ייִדישע מעצענאַטן, זענען אָבער זייערע פילפאַכע געשאנקען פון אַזאַ געשיכטלעך־קולטורעלן ווערט און קינסטלערישער באַטייט, אַז אָן זיי, וואָלט דער לוווער, טראָץ זיין רייכקייט און רענאָמע, ווייט, ווייט נישט געווען דאָס, וואָס ער איז געוואָרן און שטעלט מיט זיך פאָר היינט צו טאָג.

שפּענדונגען פון ייִדישע מעצענאַטן האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף נאָך אַ וויכטיקן געביט: דער שוין דערמאָנטער דאַניעל אָזיריס האָט פינאַנסירט דאָס אויפשטעלן אין פאַריז מערערע מאָנומענטן פון באַרימטע און פאַרדינסטפולע פּערזענלעכקייטן. פּיל פאַריזער געדענקען נאָך די סטאַטוע פון דיכטער אַלפרעד דע מיסע, וואָס האָט זיך געפונען האַרט ביי דער מויער פון דער „קאָמעדי פראַנ־

סעז״ (ביים ראָג רי דע רישעליע) און וואָס איז באַזייטיקט געוואָרן נאָך דער לעצטער מלחמה, צוליב דער שטאַרק־אויסגעוואַקסענער באַוועגונג אין יענעם ווינקל.

דאַניעל אָזיריס האָט אויך פינאַנסירט אין סקווער בוסיקאָ אַ מאָנומענט געווידמעט צוויי פרויען־געשטאַלטן, וואָס האָבן געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער שטאָט: די פרוי בוסיקאָ און די באַראָנעסע קלאַראַ הירש, די פרוי פון באַרימטן יידישן פילאַנטראָפּ באַראָן הירש.

אויך דער דאָזיקער מאָנומענט איז פאַרלויפיק באַזייטיקט געוואָרן פון זיין אָרט, צוליב גרויסע אַרכיטעקטור־ענדערונגען.

אין די ניינציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט דאַניעל אָזיריס אויך סובסידירט דאָס רעסטאַווירירן אַ ריי קברים פון באַרימטע פערזענלעכקייטן אויפן בית־עולם פּער־לאַשעז.

ביים דערמאָנען די באַראָנעסע קלאַראַ הירש (1833 — 1899) דאַרף דערציילט ווערן, אַז צו די פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע מעשים אירע, געהערט אויך דאָס אויפבויען דעם בנין פון „אינסטיטוט פאַר ביאָלאָגישער כעמיע״ אין דער רי די ד״ר רו, וואָס געהערט צום פּאַסטער־אינסטיטוט.

דאָס אויסרעכענען די נעמען פון יידישע מעצענאַטן, וועלן מיר פאַרענדיקן מיטן דערמאָנען דעם נאָמען פון דער אַמעריקאַנער יידישער פרוי פלאָרענס בלומענטאַל, וועלכע האָט ביז גאָר ליב געהאַט פּאַריז. אין יאָר 1927 האָט זי פינאַנסירט דאָס רעסטאַווירירן די. א. ג. „גאַלערי מאַנסאַרד״, דעם פּרעכטיקן זאַל פון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, אַ זאַל וואָס איז געבויט געוואָרן אין יאָר 1654 דורכן אַרכיטעקט מאַנסאַרד, וועמענס נאָמען די גאַלעריע טראָגט טאַקע ביז היינט צו טאָג.

זאָל לסוף אויך דערמאָנט ווערן דער סאַמע עלטסטער סימפאָנישער אָרקעסטער וואָס פּאַריז פאַרמאָגט, דער באַרימטער „קאָנצערט קאָלאָן״, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין 1871 דורך דעם יידישן מוזיקער עדואַר יהודה קאָלאָן (1838 — 1910) און וואָס טראָגט אויך ביז היינט צו טאָג, דעם נאָמען פון זיין גרינדער.

***

האָבן מיר דאָ דערציילט וועגן יידישע מאָלערס, סקולפּטאָרן, אַרכיטעקטן, מוזיקער, מעצענאַטן און פילאַנטראָפּן וועלכע האָבן ביז גאָר באַרייכערט די שטאָט

פּאַריז. און הגם מיר האָבן נישט די פולע זיכערקייט, צי אַלץ איז אויסגעזוכט און ס׳איז וועגן אַלעם דאָ דערציילט געוואָרן, זעען מיר אָבער, אַז דער יידישער טייל אין באַרייכערן די שטאָט פּאַריז אויפן געביט פון קונסט און קולטור, איז זייער און זייער אַ באַדייטנדיקער.

ביבליאָגראַפיע :
זע נומער:
16, 61, 66, 79, 90, 93.



## 6.

# דער פּער לאַשעז

דאָס בית־עולם פּער־לאַשעז, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך אַ נאַפּאָלעאָ־נישן דעקרעט אין יאָר 1804, איז דאָס סאַמע רייכסטע אין קברים פון פּערזענ־לעכקייטן, וואָס האָבן זיך ביז גאָר באַרימט געמאַכט אין דער פראַנצויזישער גע־שיכטע. עס געפינען זיך דאָ אויך מערערע יידישע קברים פון מענטשן, וועמענס לעבן און אַקטיוויטעט איז אויף פאַרשידענע אופנים פאַרשריבן און איינגעקריצט אין דער געשיכטע פון יידישן לעבן אין פראַנקרייך.

*****

**אַשיל פולד:**

אין דער פערטער דיוויזיע, אין דער הויפּט־אַלעע פון בית־עולם, געפינט זיך דאָס קבר פון געוועזענעם פינאַנציסט און פּאָליטיקער אַשיל פולד (1800 — 1867), וואָס האָט אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אונטער דער הערשאַפט פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן, געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע.

אַשיל פולד איז געווען אַ הויך־טאַלענטירטער פינאַנסיסט, אַ באַנקיר און פּאָליטיש האָט ער אָנגעהערט צו די קאָנסערוואַטיוו־מאָנאַרכיסטישע עלעמענטן אין לאַנד, וואָס האָט זיך זייער יונג אַריינגעטאָן אין דער פּאָליטיק. ער איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס איז אין יאָר 1834, אונטער דער הערשאַפט פון לואי־פּי־ליפּ, אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט, ווּהין ער איז אָבער נישט אַריינגעקומען, כדי צו פאַרטיידיקן דאָס יידישע לעבן; קורץ נאָך זיין גע־וויילט ווערן, האָט ער זיך געשמדט און נישט געהאַט מער קיין שייכות מיט אונד־זער פאָלק און אוודאי אויך נישט מיט די אָנגייענדיקע קאַמפן פאַר פולער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג אין לאַנד.

אונטער נאַפּאָלעאָן דעם דריטנס הערשאַפט, האָט אַשיל פולד פאַרנומען איי־ניקע מאָל מיניסטער־פּאָסטנס, אָבער ספּעציעל האָט ער זיך אויסגעצייכנט אויפן פינאַנציעלן געביט, אַדורכפירנדיק אין לאַנד אַ ריי, ביז גאָר וויכטיקע און גע־לונגענע רעפאָרמען.

## הרב לאַזאַר איזידאָר:

אין דער 7־טער דיוויזיע, וואָס שטעלט מיט זיך פּאַקטיש פאָר די אַלטע און סאַמע ערשטע יידישע אָפּטיילונג אויף אַ פּאַריזער בית־עולם, פאַרהאַלטן מיר זיך ביים קבר פון הרב לאַזאַר איזידאָר (1813 — 1888), געוועזענער רב פון סאַווערן (עלזאַס), וועלכער איז אין יאָר 1848 געוואָרן רב הראשי פון פּאַריז און זינט 1867 ביז 1888, רב הראשי פון פראַנקרייך.

קלישע נומער 13



הרב לאַזאַר איזידאָר.

דער רב הראשי לאַזאַר איזידאָר איז געווען אַ זעלטענע יידישע פּערזענלעכקייט, אַ פיינער רעדנער און אַ מענטש פול מיט ענערגיע. ער האָט נישט געשפּאָרט זיינע כוחות אויף מוטיקן יידן פאַר יידישקייט און מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער פאַרטיידיקט יידישקייט און יידיש לעבן.

ס׳איז געווען די צייט ווען אין פראַנקרייך האָט נאָך אָנגעהאַלטן אַ געזעץ פון אַ ספּעציעלער געריכטס־שבועה פאַר יידן, די א.ג. more judaico וואָס יידן האָבן געמוזט אָפּגעבן, בעת זייער אויפטרעטן אין די געריכטן. אַ שבועה קעגן וועלכער יידן האָבן געפירט אַ קאַמף אויף זי אָפּצושאַפן און צווישן די ענערגישע קעמפער פאַר אָפּשאַפן די דאָזיקע שבועה האָט זיך אויך געפונען דער רב לאַזאַר

איזידאָר קעגן וועמען ס׳איז פאַרפירט געוואָרן אַ משפּט, פאַרן אָפּזאָגן זיך מיט־צומאַכן די פּראָצעדור פון אָפּגעבן די דאָזיקע שבועה „מאָרע יודאַיקאָ״.

אַרום דעם משפּט קעגן רב לאַזאַר איזידאָר, אין יאָר 1839, האָט זיך דאַן פיל געטומלט. ווי אַ פּאַרטיידיקער פון רב איז אַרויסגעטרעטן דער דאַן שוין זייער באַרימטער אַדוואָקאַט אַדאָלף קרעמיע. אין זיין הויך־אינטערעסאַנטער פּאַרטיידי־קונגס־רעדע, האָט ער שטאַרק באַווירקט די ריכטערס, באַווייזנדיק דעם באַליי־דיקנדיקן כאַראַקטער פון דער פון ייִדן געפאָדערטער שבועה, אַז זיי האָבן אָנו־לירט די באַשולדיקונג קעגן רב לאַזאַר איזידאָר. אַ שבועה וואָס איז טאַקע נאָכן פאָרגעקומענעם משפּט, ענדגילטיק אָפּגעשאַפט געוואָרן 1).

## ראַשעל :

מיר פאַרלאָזן דאָס קבר פון רב הראשי לאַזאַר איזידאָר, און גלייך געפינען מיר זיך ביים קבר פון דער גרויסער אַקטריסע ראַשעל פעליקס, וואָס איז באַ־רימט בלויז מיט איר פאָרנאָמען ראַשעל, וואָס האָט געלעבט אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און איז געשטאָרבן אין עלטער פון נאָר 37 יאָר.

געבוירן אין יאָר 1820 אָדער 1821 אין אַן אָרעמער ייִדישער היים, ביי על־טערן וואַנדערנדיקע מאַרק־הענדלער, אַ קינד אַן וועלכער ס׳איז בילדונג, חוץ די לעקציעס (און קלעפּ) פון אייגענעם טאַטן, באַווייזט זי צו דעביוטירן אויף דער סצענע אין עלטער פון 16 יאָר און שוין ביי אירע 18 יאָר, האָט זי זיך אַרויס־געדרוקט און באַרימט געוואָרן ווי אַ פענאָמענאַלע בינע־קינסטלערין, וואָס האָט מיט איר שפּילן (און אפילן אויך מיט איר אינטעליגענץ), איבערראַשט די צושויער און איז אַריין אין דער געשיכטע ווי איינע פון די סאַמע גרעסטע טעאַטער־קינסט־לערינס.

ראַשעל האָט נישט חתונה געהאַט, און טראָץ איר קורץ לעבן, האָט זי געהאַט מערערע ראָמאַנטישע פאַרבינדונגען און געווען אַ מוטער פון צוויי קינדער, זין, וואָס דער עלטערער האָט געהאַט ווי אַ פאָטער, נאַפּאָלעאָנס... זון, דעם גראַף וואַלעוווסקי, וועלכער האָט צוגענומען פון ראַשעלן דעם זון, ווען ער איז אינגאַנצן אַלט געווען אַנדערהאַלבן יאָר, אים אַדאָפּטירט און אים פאַרוואַנדלט אין אַ גראַף וואַלעוווסקי.

די פאַרבינדונג פון דער ייִדישער טאָכטער ראַשעל מיטן גראַף וואַלעוווסקי איז פון פיל שטאַנדפּונקטן, אַ שטוינענדיקער ענין, וואָרעם ראַשעלס זון איז אַזוי

---

1) זע „ייִדן אין פּאַריז״, זייט 219 (ערשט בוך).

אַרום געווען דאָס איינציקע אייניקל, וואָס דער קיסר נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט בכלל געהאַט...

קלישע נומער 14



ראַשעל אין יאָר 1844.

אָבער טראָץ ראַשעלס מערערע ראָמאַנטישע פאַרבינדונגען מיט נישט־יידישע מענער, איז זי געווען און פאַרבליבן אַן איבערגעגעבענע יידישע טאָכטער, וואָס האָט אָפּגעשטויסן אַלע פּרווון און באַמיאונגען וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורך אירע פראַנצויזישע פריינט און פאַרערער אויף שמדן זיך און ווען זי האָט זיך דערפילט קראַנק, אַ לונגען־ליידנדיקע, האָט זי בפירוש אָנגעזאָגט, אַז נאָך

איר טויט, זאָל זי האָבן אַ יידישע לוויה, אַז מען זאָל איר קובר זיין אויף אַ יידיש בית־עולם.

ראַשעל איז געשטאָרבן דעם 3־טן יאַנואַר 1858, ביים סאָמע קלאָרסטן באַ־ וווסטזיין, דאַנקנדיק מיט אירע בליקן, איר שוועסטער שרה, פּאַרן ברענגען אַ מנין יידן, וואָס האָבן אין שכנותדיקן צימער, געזאָגט תהילים ביי אָנגעצונדענע ליכט. ווען אייניקע יידן האָבן זיך דערנענטערט צו איר בעט, האָט מען זי געהערט נאָכזאָגן זייערע תפילות. דאָס זענען געווען אירע לעצטע ווערטער.

מיר האָבן זיך שוין אָפּגעשטעלט דערויף, וואָס אין דער ערשטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז אין פראַנקרייך (און אויך אין דייטשלאַנד) אָנגעגאַנגען אַ גאָר גרויסע שמד־באַוועגונג צווישן די דורך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע עמאַנסיפּירטע יידן און ס'האָבן דאַן קורסירט קלאַנגען, אַז אויך ראַשעל זאָל זיך האָבן געשמדט. ווען די קינסטלערין איז געשטאָרבן, האָבן צווישן דער גרויסער צאָל ביז גאָר באַרימטע פּערזענלעכקייטן, וואָס זענען געקו־ מען צו דער לוויה פון דער קינסטלערין, זיך אויך געפונען אַ סך סתם נייגעריקע, וואָס האָבן געוואָלט וויסן אויף זיכער, צי די געשטאָרבענע איז טאַקע געווען געשמדט און צו זייער שטוינונג, האָבן זיי געזען, אַז דאָס קובר זיין די אַקטריסע, קומט פאָר אויף אַ יידישן אופן אין דער יידישער אָפּטיילונג פון בית־עולם.

אין דער לוויה פון ראַשעלן, האָט זיך אויך באַטייליקט דער דעמאָלטיקער רב הראשי פון פּאַריז, לאַזאַר איזידאָר, וואָס איז געווען פול מיט פּאַרדראָס צוליב דעם ווידער־אויפגעהויבענעם טומל, שמועסן און צווייפל אין ראַשעלס יידישקייט, און ער האָט פאַרן אָפּריכטן די געהעריקע תפילות, געזאָגט ביים אָפענעם קבר:

„מיט מיין אָנוועזנהייט און מיט מיינע רייד, בין איך אויסן אָפּצולייקענען די קלאַנגען וואָס זענען געוואָרן פאַרשפּרייט אויפן חשבון פון דער געשטאָרבע־ נער. איך האָב געהאַט אָפטע רעליגיעזע אונטערהאַלטונגען מיט ראַשעלן; איר פיינע אינטעליגענץ האָט פאַרשטאַנען צו געפינען אין איר רעליגיע, די ערשטע און די מוטער פון אַלע רעליגיעס, געגונג באַפרידיקונג פאַר איר האַרץ און פאַר־ שטאַנד, און זי האָט קיינמאָל נישט געטראַכט אָפּצוזאָגן זיך פון איר גלויבן. זי האָט פאַרמאָגט גענוג כבוד כדי נישט צו דעזערטירן פון גלויבן פון אירע זיידעס. ראַשעל איז געבוירן אַ יידיש קינד און איז געשטאָרבן אַ יידיש קינד".

די רייד פון רב הראשי לאַזאַר איזידאָר האָבן דאַן געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף די צוהערער און אַ סוף געמאַכט צו די קורסירנדיקע קלאַנגען וועגן דעם, אַז די קינסטלערין איז געווען געטויפט.

ראַשעלס גרויסער קינסטלערישער טאַלאַנט און איר עקשנותדיקע יידיש־ קייט, האָבן ביז גאָר געררייצט די אַנטי־יידישע וועלט און זי האָט געהאַט אויף זיך

אויסצוטראָגן דעם סאַמע שווערסטן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט נישט געקענט שלום־מאַכן מיט די אַזוי גרויסע דערגרייכונגען פון דער פּשוטער יידישער טאָכ־טער. אַ מערקווירדיק־אינטערעסאַנטער מאָמענט איז פאַרבונדן מיטן קבר אין וועלכן עס רוט די קינסטלערין ראַשעל:

ראַשעלס עלטערן האָבן געהאַט זעקס קינדער; איין זון און פינף טעכטער. האָבן די טעכטער געהייסן: שרה, רבקה, רחל (ראַשעל) און לאה, און אַז עס איז געבוירן געוואָרן אַ פינפטע טאָכטער, האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן... דינה.

דער איינציקער זון איז געקומען צו קבר ישראל אין לאָנדאָן, ווו ער איז געשטאָרבן און די סאַמע יינגסטע טאָכטער דינה, וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1909, איז געקומען צו קבר ישראל אויפן פּאַריזער בית־עולם פּאַסי.

דאָס מערקווירדיקע איז דאָס, וואָס אין קבר אויפן פּער־לאַשעז, געפינען זיך, אַ חוץ ראַשעלס עלטערן, אויך אַלע אַנדערע טעכטער; מיט איין וואָרט, דער גורל האָט געוואָלט, אַז שרה, רבקה, רחל (ראַשעל) און לאה, זאָלן זיך געפינען אין איין און דעם זעלבן קבר [1].

## מאַיס (משה) שוואַב:

אין דער זיבעטער דיוויזיע געפינט זיך אויך דאָס קבר פון יידישן געלערנטן און פאָרשער פון יידישער געשיכטע און יידישן לעבן אין פראַנקרייך, מאַיס (משה) שוואַב, געבוירן אין יאָר 1839 און געשטאָרבן אין יאָר 1918 אין פּאַריז.

מאַיס שוואַב האָט זיך ביז גאָר ספּעציאַליזירט אין פאָרשן אַלטע שטיינער־אויפשריפטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט יידיש לעבן און יידישער פאַרגאַנגענהייט אין פראַנקרייך.

ס'איז באַוווּסט, אַז אין די ערשטע פריע יאָרהונדערטער פון דער היינטי־קער צייט־רעכענונג, זענען יידן אין פראַנקרייך גוט באַהאַנדלט געוואָרן דורך דער באַפעלקערונג אין לאַנד, דאַקעגן זענען זיי מיט אַ סך ליידנשאַפט, באַקעמפט געוואָרן דורך דער נאָך יונגער קריסטלעכער קירכע.

מאַיס שוואַב האָט אַדורכגעפירט אַ ביז גאָר וויכטיקע פאָרשונג וועגן דער יידישער עפּיגראַפיק אין פראַנקרייך. ער האָט געפונען און געפאָרשט אַלטע יידישע מצבה־אויפשריפטן אין מערערע שטעט, ווי: נאַרבאָן, באַיאָן, אָש, אַרל, טולוז, ניס, מאַקאָן, אָרלעאַן, פּאַריז א״א ערטער, ווו ס'האָבן זיך אויפגעהאַלטן יידן. די סאַמע וויכטיקסטע פון אַלע דורך אים געפונענע און דורך אים דעשיפרירטע מצבה־אויפשריפט, געפינט זיך אין נאַרבאָן. ס'איז אַ טעקסט אין לאַטיין; אַ חוץ דריי ווערטער „שלום על ישראל״, וואָס איז אויסגעקריצט אויפן מצבה־שטיין אין

1) זע בוך פון יחזקאל קאָרנהענדלער „ראַשעל״, פּאַריז, 1958.

לשון קודש און איבער דעם טעקסט, איז אויסגעקריצט אַ מנורה מיט פינף רערן, ווי מען זעט עס אויף יידישע מצבות אין אַלטן רוים.

די איבערזעצונג פון לאַטייניש טעקסט אויף דער מצבה אין נאַרבאָן, דער־ציילט: „דאָ ליגן בשלום די דריי קינדער זכרונם לברכה פונעם האַר פּאַראַגאָרוס, דעם זון פון פאַרשטאָרבענעם האַר סאַפּאָודוס: דאָס זענען אַסטוס, מאַטראָנאָ און דולציאָרעלע; אַסטוס 30 יאָר אַלט, מאַטראָנאָ 20 יאָר אַלט און דולציאָרעלע 9 יאָר אַלט. שלום על ישראל. געשטאָרבן אין צווייטן יאָרהונדערט פונעם האַר עניקאנוס קעניג".

דער דערמאָנטער עניקאַנוס, איז געווען קעניג און איז אַרויף אויפן טראָן אין יאָר 687. די דריי קינדער פון דערמאָנטן פאראגארוס, זענען בכן געשטאָרבן אין יאָר 688.

דאָס אויסגעפינען צווישן אַ ריי אַנדערע, דעם דאָזיקן מצבה־שטיין אין נאַר־באָן, האָט אַרויסגערופן אַ גאָר גרויסן אינטערעס און האָט געהאָלפן אויפקלערן פיל וויכטיקע זייטן פון יידישן לעבן אין די פריע יאָרן פון יידישער אַנוועזנהייט אין פראַנקרייך.

מאָיס שוואַב האָט אויך אויסגעזוכט און פּובליצירט אַ ביבליאָגראַפיע פון אַרטיקלען אין שייכות מיט דער יידישער געשיכטע און יידישער ליטעראַטור, וואָס זענען דערשינען אין פאַרשידענע פּעריאָדישע זשורנאַלן, זינט 1865 ביז 1900. ער האָט אויך איבערגעזעצט אויף פראַנצויזיש, דעם גאַנצן תלמוד ירושלמי אין עלף בענד.

## זשאַן באַפּטיסט קלעזאַנזשע:

אין דער צענטער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון פראַנצויזישן סקולפּ־טאָר זשאַן־באַפּטיסט קלעזאַנזשע, געבוירן אין יאָר 1831 אין בעזאַנסאָן און גע־שטאָרבן אין פּאַריז, אין יאָר 1883.

אויב מיר שטעלן זיך אָפּ ביים קבר פון דעם זייער פיינעם קינסטלער, טוען מיר עס דערפאַר, ווייל מיר טראַכטן, אַז ער איז געווען פון יידישער אָפּשטאַמונג; דער פאָרנאָמען זיינער, באַפּטיסט, קען אפשר זיין אַן אָנווייזונג, אַז ער איז געווען געטויפט, אַן אַקט וואָס האָט געקענט געשען לויט דעם ווילן פון זיין פאָטער, זשאָרזש־פיליפּ קלעזאַנזשע, געבוירן אין בעזאַנסאָן אין יאָר 1788, וואָס איז אויך געווען אַ סקולפּטאָר און אַ שעפער פון מערערע ווערק אויף קריסטלעכע סיזשעטן.

אונדזער טראַכטן אַז דער סקולפּטאָר זשאַן־באַפּטיסט קלעזאַנזשע זאָל זיין פון יידישער אָפּשטאַמונג, באַזירן מיר אויף דעם, וואָס טראָץ דעם אַזוי עכט פראַנ־

צויזישן קלאַנג פון נאָמען, האָבן מיר אָבער אויך די רעכט אים צו לייענען אַלס... שלעזינגער [3], אַ נאָמען וועלכן עס טראָגן פיל יידן [4].

די ווערק פון סקולפּטאָר זשאַן־באַפּטיסט קלעזאַנזשע געפינען זיך אין מע־רערע מוזייען און אין קולטור־אינסטיטוציעס. ביי דער געלעגנהייט, האַלטן מיר אויך פאַר וויכטיק אָנצווייזן, אַז אין אָזיריס־פּאַוויליאָן (אין מאַלמעזאָן־מוזיי), זעען מיר אַ פּרעכטיקן ווייס־מירמלשטיינערנעם ביוסט פון דער גרויסער יידישער קינסטלערין ראַשעל, געשאַפן דורך דעם זעלבן קינסטלער.

אויפן זעלבן בית־עולם פּער־לאַשעז, ווו עס רוט דאָס אַש פון סקולפּטאָר קלעזאַנזשע, זעען מיר אויך זיינס אַ פּרעכטיק ווערק „די וויינענדיקע מוזע", וואָס דעקאָרירט דאָס קבר פון קאָמפּאָזיטאָר שאָפּען און אויך אַ דורך אים געשאַפענעם מעדאַליאָן פון מוזיקער (עלפטע אָפּטיילונג), מיט וועמען דער סקולפּטאָר קלעזאַנ־זשע איז געווען זייער נאָענט באַפריינדעט.

## אַדאָלף פיליפּ דעננערי (ד'עננערי):

אין דער 25־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון יידיש־פראַנצויזישן שרייבער און דראַמאַטורג אַדאָלף פיליפּ דעננערי, געבוירן און געשטאָרבן אין פּאַריז (1811 — 1899).

דער שרייבער דעננערי איז געווען אַ קינד פון אַן עלזאַסער יידישער משפחה און געווען אַ מחבר פון ראָמאַנען און גאַנצע דריי הונדערט טעאַטער־פּיעסעס: דראַמעס, קאָמעדיעס, און וואָדעווילן, ס'רוב באַאַרבעטע פון פיל באַרימטע ראָ־מאַנען. אַ ריי פּיעסעס האָט ער סצעניזירט צוזאַמען מיט די מחברים פון די ווערק גופא, ווי מיט: אַלעקסאַנדער דיומאַ, אייזשען סי, זשיל ווערן א.א.

דעננערי האָט נישט פאַרמאָגט קיין זייער גרויסן שרייבערישן טאַלאַנט. אָבער געווען אַ גאָר גרויסער מייסטער אויף סצעניזירן ווערק און געווען אויף דעם גע־ביט דער סאַמע דערפאָלגרייכסטער דראַמאַטורג וואָס די פראַנצויזישע ליטעראַטור און טעאַטער האָט ווען ס'איז געהאַט. ער האָט געקענט די נשמה פון פּובליקום און אָפּגעהאַלטן קאָלאָסאַלע דערפאָלגן.

---

3) Clesinger.

4) אונדזער מיינונג וועגן דער יידישער אָפּשטאַמונג פון קינסטלער האָבן מיר שוין אַרויסגעזאָגט אין אונדזער קאַפּיטל „דער לוקסעמבורגער גאָרטן", ווו עס געפינען זיך אייניקע סקולפּטור־ווערק פון קינסטלער, אַ קאַפּיטל אין וועלכן מיר האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט אויף דער גרויסער שמד־באַוועגונג אין פראַנקרייך, סוף 18־טן און אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. אַ באַוועגונג וואָס האָט מעג־לעך אויך באַווירקט דעם פאָטער פון קינסטלער.

צווישן די דורך אים סצעניזירטע ווערק וואָס ווערן געשפּילט ביז היינט צו טאָג, זענען די פּיעסע „מישעל סטראָגאָף", „דער אייביקער ייד", „טויזנט און איין נאַכט", „די הייזקע פון פעטער טאָם", „די צוויי יתומים", „די רייזע אַרום דער וועלט אין 80 טעג", און פיל, פיל אַנדערע פּיעסעס.

דער דערפאָלג פון דעננעריס פּיעסעס איז געווען אַזוי גרויס, אַז די דורך אים געשריבענע און סצעניזירטע ווערק פלעגן געשפּילט ווערן אין זעלבן אָוונט, אָפטמאָל אין פינף טעאַטערס.

דעננערי האָט געהאַט אַ גרויסע און זעלטענע קאָלעקציע פון כינעזישע און יאַפּאַנישע קונסטווערק, וואָס איז נאָך זיין טויט, אָוועקגעשאָנקען געוואָרן דער שטאָט פּאַריז, וואָס האָט געשאַפן אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטן מוזיי אין בנין אין וועלכן דער שרייבער האָט געוווינט בעת זיין לעבן, אין דער אַווענו פּאָש נ״ר 59 5).

דער שרייבער אַדאָלף פיליפּ דעננערי (ד'עננערי) האָט אויך געהאַט אַ ברו־דער, יונה דעננערי, וואָס איז אין יאָר 1849 געווען דעפּוטאַט אין פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט און ווי פיל אַנדערע, געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, צוליב זיין אָפּאָזיציע קעגן נאַפּאָלעאָן דעם דריטן. ער איז געשטאָרבן אין ברישל, אין יאָר 1863.

אַזוי איז אויך אַ נאָענטער קרוב פון שרייבער, מאַרשע דעננערי (1792 — 1852) געווען דער רב הראשי פון פּאַריז.

**לודוויג בערנע:**

אין דער 29־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון יידיש־דייטשן שריי־בער לודוויג בערנע.

געבוירן אין יאָר 1786 אין פראַנקפורט אַם מיין, איז ער געשטאָרבן אין פּאַ־ריז, אין יאָר 1837.

אַ קינד פון פרומע אָרטאָדאָקסישע עלטערן, האָט ער זיך פריִ דערוווייטערט פון יידישן לעבן און ווייניק וואָס געוווּסט פון יידישקייט און יידישן אינהאַלט, אַ חוץ וועגן די צרות וואָס יידן און אויך ער גופא, האָבן געהאַט אויסצושטיין און אַדורכצומאַכן אין די געטאָ־באַדינגונגען אין אַנטיסעמיטישן דייטשלאַנד.

ביז גאָר באַווירקט פון די אידעען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט דער שרייבער, נאָך זייער יונג, זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף פאַר אַ ליבעראַלער, פרייהייטלעכער און יושרדיקער וועלט און ממילא אויך פאַר יושר און גלייכהייט פון יידן.

---

5) דער נאָמען פון שרייבער איז דורך פיל אָנהענגער זיינע, אַריסטאָקראַטיזירט געוואָרן און ווערט אויך געשריבן אַלס ד'עננערי.

נישט קענענדיק כמעט דאָס יידישע לעבן, האָבנדיק פאַר זיינע אויגן בלויז דאָס קליינלעכע און אָפּשטויסנדיקע, וואָס דאָס געטאָ־לעבן האָט באַשאַפן, אָן צו קענען דאָס שיינע און דערהויבענע פון דער גייסטיק־יידישער וועלט, איז ער ביז גאָר געווען אַריינגעטאָן אין דעם אָנגייענדיקן אַלגעמיינעם קאַמף, וועלכן ס'האָבן געפירט די קולטורעלע און דעמאָקראַטישע כוחות אין דייטשלאַנד. דער קאַמף וואָס דער שרייבער האָט מיטגעמאַכט איז, פאַרשטייט זיך, געווען אויך ביז גאָר וויכטיק פאַר יידן.

לודוויג בערנע האָט זיך געפילט און זיך באַטראַכט פאַר אַ גלייכן מיטן פאָלק צווישן וועלכן ער האָט געלעבט, ד.ה. מיט די דייטשן און וואָס האָט גע־האַלטן און געגלייבט אַז „דער יידן־האַס איז אַ פאַנאַטישע בלאָטע, וואָס פאַר־פעסטיקט די פרייהייט פון אונדזער שיין פרילינג־לאַנד״ און אַז אַלץ וואָס ס'איז נייטיק, איז דאָס אויסקעמפן די שיינע ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע געזעצן.

אַזוי לאַנג ווי אין פראַנקרייך האָט געהערשט נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, האָט זיך דער פראַנצויזישער איינפלוס און מאַכט, אָפּגעפילט אין גאַנץ צענטראַל־איי־ראָפּע און אויך די יידן אין דייטשלאַנד האָבן אָפּגעאָטעמט פון דעם פריערדיקן רעאַקציאָנערן און אַנטי־יידישן רעזשים. די דייטשע יידן האָבן זיך דאַן, אין אַן אַלץ גרעסערער צאָל, אָנגעהויבן באַטייליקן אינעם אַלגעמיינעם לעבן אין לאַנד און צווישן זיי, אויך לודוויג בערנע, וואָס האָט שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פון בערלין, האַלע און היידעלבערג און אין יאָר 1811 איז ער אפילו ווי אַ יוריסט, אַנגאַזשירט געוואָרן אין דער... פראַנקפורטער פּאָליציי.

אָבער נאָכן פאַלן פון נאַפּאָלעאָנען און דעם פאַרגעקומענעם ווינער קאָנגרעס אין יאָר 1815, האָט דער פראַנקפורטער סענאַט אויף דאָס ניי אָנגעהויבן איינצו־פירן דעם אַלטן רעזשים פאַר יידן; אויפלעבן דעם געטאָ, איינפירן חתונה־באַר־מעס, פראָפעסיאָנעלע און אַנד. באַגרענעצונגען. דאַן האָט לודוויג בערנע, נישט געקוקט וואָס ער איז געווען ווייניק ייד, דאָך דערפילט דעם צוריקקום פון דער אַנטי־יידישער וועלט: ער ווערט באַזייטיקט פון זיין יורידישן אַמט אין דער פּאָליציי.

די יידישע קהילה פון פראַנקפורט איז דאַן אַרויסגעקומען מיט אַ שטאַרקן פּראָטעסט קעגן דעם אַריינפיר אויף דאָס ניי, די מיטלאַלטערלעכע אַנטי־יידישע באַגרענעצונגען און דערלאַנגט דעם בונדעסטאַג אַ גרעסערן מעמאָראַנדום (אין נאָוועמבער 1816) וועמענס מחבר ס'איז געווען לודוויג בערנע. ער איז כסדר אָנ־געגאַנגען מיט זיין אומדערמידלעכן קאַמף פאַר אַ פרייער וועלט, אָבער ווייל ער האָט געזוכט צו ווייזן, אַז טראָץ דאָס זיין אַ קינד פון יידישע עלטערן, איז ער נישט קיין פרעמדער, נאָר אַן אייגענער מיטן דייטשן פאָלק, האָט ער, אויף דער

שוועל פון זיינע דרייסיק יאָר, קורץ נאָכן האָבן געווען דער מחבר פון פּראָטעסט־מעמאָראַנדום פון דער פראַנקפורטער קהילה, טראָץ דאָס האָבן אַדורכגעמאַכט אַ שווערע יוגנט אין געטאָ, אַ סוף געמאַכט צו דער, ווי ער האָט עס געגלייבט, לעצ־טער מניעה, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם וועג, זיך געטויפט אין יאָר 1818, גע־וואָרן אַ לוטעראַנער, כדי ער זאָל קענען קעמפן פאַר דער פרייהייט אין זיין דייטש פאָטערלאַנד ווי אַן עכטער דייטש...

מען האָט אים אָבער כסדר און אומעטום דערמאָנט פון וואַנען ער שטאַמט.

און נאָר איין יאָר נאָכן טויפן זיך, האָט אין דייטשלאַנד זיך צעשפּילט אַ שווערע פּאָגראָם־באַוועגונג, וואָס האָט דערפירט דערצו, אַז נאָכן האָבן איבער־געלעבט ווי פיל אַנדערע יידן, אַ פּאַטריאָטישן פיבער, האָט זיך לודוויג בערנע אָנגעהויבן אויסניכטערן פון זיינע גלייבונגען און אַרויסגעקומען מיט זיין זאָג, אַז „ס'איז אַ שאָד געווען די קאָסטן פון זיין טבילה".

די דאָזיקע שווערע אַנטוישונג פון לודוויג בערנע האָט לסוף דערפירט דעם שרייבער צו פאַרלאָזן זיין דייטש „פאָטערלאַנד" און זיך צו באַזעצן אין יאָר 1832 דעפיניטיוו אין פּאַריז, וווּ ער איז אויך באַרימט געוואָרן אַ דאַנק זיינע „פּאַריזער בריוו".

לעבנדיק אין פראַנקרייך, אין פּאַריז, האָט דער שרייבער געהאַט אָפּטע, אָבער נישט קיין זייער גראָטענע, קאָנטאַקטן מיט זיין קאָלעגע היינריך היינע.

שווער אַנטוישט אין זיין לעבנס־וועג, איז אָבער לודוויג בערנע, ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן, פאַרבליבן דער גרויסער ליבהאָבער פון אַ פרייער און יושרדיקער וועלט; פון פרייהייט פאַר אַלע מענטשן. ער שרייבט: „כ'האָב נישט ליב דעם קריסט און נישט דעם ייד. כ'האָב זיי נאָר אויף אַזוי פיל ליב, אויף וויפל זיי זענען מענטשן געבוירן צו זיין פריי".

אויפן קבר פון שרייבער, זעען מיר זיינס אַ פיינע קאָפּ־סקולפּטור, אַ ווערק וואָס איז געשאַפן פון גרויסן פראַנצויזישן קינסטלער דאַוויד ד'אַנזשע.

## סאַראַ בערנהאַרדט:

אין דער 44־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון דער גרויסער בינע־קינסטלערין, די אַקטריסע סאַראַ בערנהאַרדט, וואָס איז געווען אַ קינד פון אַ יידישער מוטער, און וועגן ווענענס לעבן און קינסטלערישער אַקטיוויטעט מיר האָבן שוין געווידמעט אַ גרעסער קאַפּיטל 6).

דאָס לעבן פון דער קינסטלערין סאַראַ בערנהאַרדט, וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1923, אין עלטער פון 79 יאָר, אינטערעסירט ביז גאָר. כסדר דערשיינען

6) זע: „יידן אין פּאַריז", זייט 224, ערשט בוך.

אָפּהאַנדלונגען, ביכער און אפילו אויך פילמען וועגן איר לעבן און דאָס קבר פון דער קינסטלערין אויף וועלכן מיר זעען אַ גרויסן צלם, געהערט צו די שטאַרק באַזוכטע.

צו דער גרעסערער אָפּהאַנדלונג וועלכע מיר האָבן געווידמעט דער אַרטיסטין, אין וועלכער מיר האָבן געזוכט וואָס גענויער צו אינפאָרמירן און קלאָר צו מאַכן די זייער פאַרנעפּלטע מאָמענטן פון איר לעבן און אָפּשטאַמונג, בלייבט אונדז נאָר צוצוגעבן:

די ערשטע פּערזאָן וואָס איז געוואָרן אויפמערקזאַם אויף סאַראַ בערנ־האַרדטס אַרטיסטישער פעאיקייטן, איז געווען דער פירשט דע מאָרני, אַ נישט־אָפיציעלער ברודער פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן (1811 — 1865).

איר ערשטן סצענישן דערפאָלג, האָט די קינסטלערין אָפּגעהאַלטן אין יאָר 1869, שפּילנדיק אין דער פּיעסע „דער קעניג ליר". די באַרימטע שרייבערין זשאָרזש זאַנד האָט איר גערופן „די קליינע מאַדאָננע" און דער שרייבער טעאָדאָר בענוויל האָט וועגן איר זיך אויסגעדרוקט, אַז „זי רעציטירט פּערזן, גלייך ווי אַ סאָלאָוויי וואָלט געזונגען" און ווען זי איז אין יאָר 1872 אויפגעטרעטן אין וויק־טאָר הוגאָ'ס טעאַטער־ווערק „רי בלאַס", האָט דער דיכטער, אַ ביז גאָר גערירטער, איר נישט אויפגעהערט אויסצודריקן זיין „מערסי, מערסי".

וואָס שייך דעם טאָוול וועלכער הענגט אויף דער מויער פון הויז נ'ר 5 אין דער רי דע ל'עקאָל דע מעדיסין, וואָס אינפאָרמירט די פאַרבייגייער, אַז דאָ, אין דעם הויז, איז אין יאָר 1844 געבוירן געוואָרן סאַראַ בערנהאַרדט, איז די אויפ־שריפט, געשיכטלעך, ווייט נישט קיין זיכערע, אַ זאַך אויף וואָס מיר האָבן זיך גענויער אָפּגעשטעלט אין אונדזער שוין פּובליצירטער אָפּהאַנדלונג וועגן דער קינסטלערין.

## קבר וואַלעווסקי:

אין דער 66־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס פאַמיליע־קבר פון גראַף וואַ־לעסקי.

ס'איז באַוווּסט די פאַרבינדונג וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1806, צווישן נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן און דער גרעפין מאַריאַ וואַלעווסקאַ, פון וועלכער די גרע־פין האָט אין יאָר 1810 געבוירן אַ זון, דעם גראַף אַלעקסאַנדער וואַלעווסקי. ער האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין פראַנקרייך און זיך דאָ אויסגעצייכנט אויפן די־פּלאָמאַטישן געביט; ער איז געווען פראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר אין שפּאַניע און אין ענגלאַנד. אויסגעפירט מערערע דיפּלאָמאַטישע מיסיעס און אין פאַרלויף פון

פינף יאָר צייט, אונטער דער הערשאַפט פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן, געווען פראַנ־צויזישער אויסערן־מיניסטער.

דער גראַף וואַלעסקי האָט דאָ, אין פּאַריז, געהאַט אַ ראָמאַנטישע פאַרבינ־דונג מיט דער גרויסער ראַשעל, וואָס האָט געדויערט אַ דריי יאָר צייט, פון וועל־כער ראַשעל האָט אין יאָר 1844 געבוירן איר ערשטן זון, וועמען דער גראַף האָט געזעצלעך אָנערקענט אַלס זיין קינד און שפּעטער, ווען ס׳איז איבערגעריסן געוואָרן זייער פאַרבינדונג, האָט דער גראַף וואַלעווסקי צוגענומען פון ראַשעלן דאָס קינד, זיין זון, וואָס איז דאַן אַלט געווען אַנדערטהאַלבן יאָר.

ראַשעל׳ס זון, דער גראַף אַלעקסאַנדער־אַנטואַן־זשאַן וואַלעווסקי, איז פּונקט ווי זיין פּאָטער, אויך אַוועק אויף דעם דיפּלאָמאַטישן וועג; געווען פראַנצויזישער קאָנסול אין איטאַליע און אין אַנדערע לענדער. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין יאָר 1870, אין דער מלחמה מיט דייטשלאַנד, בעת וועלכער ער איז אויך געווען פאַרוואונדעט.

אין דאָזיקן פאַמיליע־קבר פון דער משפחה פון גראַף וואַלעווסקי, רוט אויך דער זון פון דער גרויסער יידישער קינסטלערין ראַשעל.

ראָזאַ באָנהער:

אין דער 74־טער דיוויזיע, אין קבר פון דער משפחה מיקאַס 7), געפינט זיך אויך דאָס אַש פון דער יידישער טאָכטער, די ביז גאָר באַרימטע מאָלערין, פּיי־זאַזשיסטין און אַנימאַליסטין ראָזאַ באָנהער, געבוירן אין יאָר 1822 אין באָרדאָ און געשטאָרבן אין יאָר 1899 אין בי, ביי פּאַריז.

ראָזאַ באָנהער איז געווען אַ קינד פון אַ מאָלער־משפחה: איר פּאָטער רייַ־מאָנד באָנהער איז געווען אַ מאָלער און געהאַט פיר קינדער, צוויי טעכטער און צוויי זין, אַלע זענען זיי געווען קינסטלערס; דריי קינדער, אויגוסט, זשיליעט און ראָזאַ, זענען געווען מאָלערס און דאָס פערטע קינד, דער זון איזידאָר, איז געווען אַ סקולפּטאָר 8), אָבער פון זיי אַלע, האָט זיך ביז גאָר אַרויסגערוקט און דערגרייכט אַ וועלט־רום די מאָלערין ראָזאַ (מאַרי־ראָזאַלי), וועמענס לייוונטן גע־פינען זיך אין די באַרימטסטע וועלט־מוזייען.

וועגן פאַמיליע־נאָמען פון דער קינסטלער־משפחה, איז אָנגעגאַנגען אַ באַ־שטימטע דיסקוסיע. מען האָט געהאַלטן אַז די פאַמיליע זאָל פריער האָבן געהייסן גליק, אָדער... מזל־טוב.

---

7) Micas.

8) זע קאַפּיטל „יידישע קינסטלער און מעצענאַטן".

ראָזאַ באָנהער האָט זייער פרי אָנגעהויבן ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף איר שעפערישן דרך; שוין אין עלטער פון 18 יאָר איז אירס אַ לייוונט אַריינגענומען געוואָרן אין פּאַריזער סאַלאָן און אין יאָר 1848, אין עלטער פון נאָר 26 יאָר איז זי שוין אויסגעצייכנט געוואָרן מיט אַ מעדאַל, וואָס איז געווען איר ערשטע גרויסע אויסצייכענונג. אין יאָר 1855 איז אירס אַ בילד געווען דער גרויסער טריאומף פון דער דאַן פאָרגעקומענער גרויסער פּאַריזער אויסשטעלונג.

ראָזאַ באָנהער האָט באַקומען מערערע אויסצייכענונגען און אין יאָר 1894 האָט זי באַקומען די אויסצייכענונג אַלס הויכער אָפיציר פון ערן־לעגיאָן, וואָס איז געווען די סאַמע ערשטע אויסצייכענונג וואָס איז אין פראַנקרייך דאַן צוגעטיילט געוואָרן אַ פרוי, און וואָס איז אין יענער צייט, ביז גאָר אויסגעניצט געוואָרן דורך פרויען־אָרגאַניזאַציעס, אין זייער אָנגעהויבענעם קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע.

ראָזאַ באָנהער איז געווען אַ זעלטענע אַנימאַליסטין און אירע דאָרף־לאַנדשאַפטן און פּייזאַזשן בכלל, ווערן ביז היינט צו טאָג, באַטראַכט פאַר נישט איבערגעשט־גענע קונסטווערק.

אין פּאַריז, אין 15־טן אַראָנדיסמענט, געפינט זיך, זינט 1900, אַ גאַס אויפן נאָמען פון דער קינסטלערין.

## רענאַלדאָ האַהן:

אין דער 85־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון וועלט־באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר רענאַלדאָ האַהן, וואָס איז געבוירן דעם 9־טן אויגוסט 1874 (אָדער 1875) אין קאַראַקאַס, ווענעצועלאַ, פון אַ מוטער אַ ווענעצועלערין און פון אַ פאָטער, אַ ייד פון דייטשלאַנד.

ווי אַ קינד פון איין יאָר ווערט רענאַלדאָ האַהן געטויפט און געברענגט קיין פּאַריז אין עלטער פון דריי יאָר. דאָ בלייבט ער, ווערט נאַטוראַליזירט און זייער יונג הייבט ער אָן זיין מוזיקאַלישע אַקטיוויטעט.

ער רוקט זיך פרי אַרויס אַלס פּיאַניסט, זינגער, קאָמפּאָזיטאָר און ווערט אויך שפּעטער מוזיק־קריטיקער אין דער צייטונג „לע פיגאַראָ", אונטערן פּסעוודאָנים קלאַרעדאָן. אין יאָר 1945 ווערט ער דירעקטאָר פון דער פּאַריזער אָפּעו"ע, אַן אַמט אויף וועלכן ער בלייבט נישט לאַנג, וואָרעם ער שטאַרבט אין יאָר 1947.

רענאַלדאָ האַהן איז געווען דער קאָמפּאָזיטאָר פון מערערע מוזיקאַלישע ווערק, ווי „סיבולעט", „דאָס אינדזל פון חלומות", „דער בלויער גאָט", „ברימעל", „מאַלווינאַ" און פון די אָפּערעס „לאַ קאַרמעליט" און פון „קויפמאַן פון ווענעדיג", וועמענס פּרעמיערע איז פאָרגעקומען אין דער פּאַריזער אָפּערע אין יאָר 1935.

רענאַלדאָ האַהן האָט אויך געשאַפן מוזיק פאַר פיל פּאָעמען פון ווערלען, לעקאָנט דע ליל און אַנד. דיכטער.

דער קאָמפּאָזיטאָר איז געווען אַ שיינער און ביז גאָר עלעגאַנטער מאַן. געווען זייער באַליבט ביי דער פּאַריזער אַריסטאָקראַטיע און געווען ביז גאָר באַ־פריינדעט מיט דער אַקטריסע סאַראַ בערנהאַרדט און מיטן שרייבער מאַרסעל פּרוסט. די גרויסע נאָענטקייט מיט די צוויי קינסטלערס איז אָן ספק געווען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס אַלע דריי זענען זיי געווען פון ייִדישער אָפּשטאַמונג, ווער פון אַ ייִדישן טאַטן און ווער פון אַ ייִדישער מאַמען.

רענאַלדאָ האַהן איז אויך געווילט געוואָרן אין דער אַקאַדעמיע פאַר שיינער קונסט.

אָבער טראָץ דעם גרויסן נאָמען וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט זיך געמאַכט, שטעלט פעסט די קריטיק, אַז זיינע טעאַטראַלע ווערק, האָבן נישט מער היינט צו טאָג, די זעלבע ווירקונג און צוציאונגס־קראַפט ווי בעת דעם לעבן פון קאָמ־פּאָזיטאָר.

אין 20־טן אַראָנדיסמענט איז אויך פאַראַן אַ גאַס אויפן נאָמען פון קאָמפּאָ־זיטאָר רענאַלדאָ האַהן.

אַמעדעאָ מאָדיליאַני:

אין דער 86־טער דיוויזיע, ווו עס געפינט זיך אַ ייִדישע אָפּטיילונג פון בית־עולם, געפינט זיך דאָס קבר פון וועלט־באַרימטן קינסטלער אַמעדעאָ מאָדיליאַני, וואָס איז געווען אַ קינד פון אַן אַלטער און אַסימילירטער ייִדיש־איטאַליענישער פאַמיליע.

געבוירן דעם 12־טן יולי 1884 אין ליוואָרנאָ, איז ער געקומען אין יאָר 1906 קיין פּאַריז און דאָ, אין עלטער פון 22 יאָר אָנגעהויבן זיין קינסטלערישע אַקטי־וויטעט, אויסשטעלנדיק דאָ צום סאַמע ערשטן מאָל, אין יאָר 1908 אין „סאַלאָן דעז אַנדעפּאַנדאַן". א. מאָדיליאַני האָט אַדורכגעמאַכט אַ שוין ווייט נישט קיין לייכט לעבן און געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1920, אין עלטער פון נאָר 35 יאָר.

אָבער דער אָנהייב פון אַ יונגן מאָלער, וועלכער שפּאַנט דערצו נאָך, מיט אַן אייגענעם וועג, איז שוין ווייט נישט קיין פּשוטער. דער קינסטלער האָט געליטן נויט, הונגער, גיך רואינירט זיינע כוחות און יונג פאַרלוירן זיין לעבן.

שוין אין עלטער פון 14 יאָר, האָט דער יונגער מאָדיליאַני אָנגעהויבן ליידן אויף די לונגען און געמוזט איבעררייסן דאָס לערנען. ער האָט אַ געוויסע צייט, זיך אויפגעהאַלטן אין קאַפּרי, אין ניצע און אין אַנדערע ערטער ביים מיטללענ־

דישן ים, ביז ער האָט זיך אָנגעהויבן פילן בעסער, אָבער נישט פולשטענדיק אויסגעהיילט.

קלישע נומער 15



אַמעדעאָ מאָדיליאַני (פון חיים סוטין).

דער שפּעטערדיקער שווערער מאַטעריעלער מצב זיינער אין פּאַריז וועקט אויף די קראַנקהייט פון זיינע נישט־פאַרהיילטע לונגען און דערפירט דערצו, אַז ביי זיינע 30 יאָר הייבט ער אָן זוכן אַ באַרואיקונג און א . . . פאַרלייכטערונג אינעם אַלקאָהאָל; ווייל ער האָט געפילט דאָס פּראָגרעסירן פון זיין טובערקולאָז — פאַר וועלכער ער האָט נישט געהאַט קיין היילונג.

אין די יאָרן 1916 — 1917 פאַראינטערעסירט זיך מיטן מערקווירדיק־קינסט־לערישן וועג פון מאָלער אַ דאַן באַקאַנטער בילדער־הענדלער, לעאָפּאָלד זבאָראָוו־סקי, וואָס הייבט צו ביסלעך אָן פאַרקויפן מאָדיליאַניס שאַפונגען, אָבער דעם סאַמע גרעסטן פּרייז צו וועלכן מאָדיליאַני דערשלאָגט זיך דאַן, איז די סומע פון 50 פראַנק פאַר אַ לייוונט . . .

אַמעדעאָ מאָדיליאַני האָט אין זיינע ערשטע רואיקע און נישט־הונגעריקע צייטן אין פּאַריז, אַרויסגערופן פיל סימפּאַטיע צוליב זיין עלעגאַנץ און זעלטן שיינער האַלטונג און אויסזען, אַ זאַך וואָס איז ביז גאָר געפעלן און וואָס האָט גאָר ספּעציעל, שטאַרק באַווירקט די פרויען. אָבער זיין מאַטעריעלע לאַגע, וואָס

איז כסדר געוואָרן שווערער, דאָס אַלץ עפּטערע הונגערן און די קעלט וואָס האָט געהערשט אין זײַן אַטעליע, האָט זיך אַלץ שווערער אָפּגערופֿן אויף זײַן געזונט־צושטאַנד. דאָס אומאויפֿהערלעכע הוסטן האָט אים דערפֿירט דערצו, אַז מאָלנדיק, האָט ער כסדר געהאַט נעבן זיך שטיין אַ פֿלעשל אַלקאָהאָל, פֿון וועלכן ער פֿלעגט אָפּט, זייער אָפּט אַ שלונג טאָן . . . און „אַז ער האָט געטרונקען, האָט ער פֿאַר־לוירן דעם קאָפּ", האָט וועגן אים דערציילט, דער אים אַזוי איבערגעגעבענער לעאָפּאָלד זבאָראָווסקי.

דער דאָזיקער טראַגישער מצב פֿון הונגער, נויט און פּראָגרעסירנדיקן טו־בערקולאָז, האָט דערפֿירט דערצו, אַז דער קינסטלער איז אַ טאָג אַוועקגעפֿאַלן, און צוויי טעג שפּעטער, איז ער געשטאָרבן אין אַ פּאַריזער שפּיטאָל.

אין יאָר 1917 האָט דער קינסטלער באַקענט די 19־יאָריקע פֿראַנצויזקע זשאַן העביטערן; זיי האָבן זינט דאַן געלעבט ווי מאַן און ווייב. זי האָט אים אויך געבוירן אַ קינד, אַ מיידעלע, אָבער אין יאָר 1920, קומענדיק צו אים אין שפּיטאָל און דערזעענדיק דעם קינסטלער טויט, איז זי אויסגעבראָכן מיט אַ שרעקלעך געוויין, געקושט זײַן טויט געזיכט און אויף צומאָרגנס, האָט די פֿאַרצווייפֿלטע יונגע פֿרוי, וואָס האָט זיך געפֿונען אין אַ ווייטערדיקן שוואַנגערנדיקן צושטאַנד, זיך אַרויסגעוואָרפֿן פֿון אַ פֿינפֿטן שטאָק.

דער רושם פֿון זייער ביידנס טויט, פֿון קינסטלער און זײַן פֿרוי, איז געווען אַזוי גרויס, אַז פֿרײַנט האָבן זיך צונויפֿגעלייגט מיט זייערע לעצטע געלטער און געקויפֿט פֿאַרן פּאָרל אַ בשותּפֿותדיק קבֿר אויפֿן בית־עולם פּער־לאַשעז, וווּ זיי רוען אונטער אַ מצבֿה־שטיין, וואָס דערציילט וועגן אַמעדעאָ מאָדיליאַני און זײַן פֿרוי. די אויפֿשריפֿטן זענען נאָר אין איטאַליעניש.

אַמעדעאָ מאָדיליאַני איז געווען אַן איבערגעגעבענער און שטאָלצער זון פֿון זײַן ייִדיש פֿאָלק, וואָס פֿלעגט ביי געלעגנהייטן פֿון רעדן וועגן זײַן איטאַליע־נישער נאַציאָנאַליטעט, זיך אויפֿקאָכן און ממש שרייען: „איך בין אַ ייִד און די קונסט מײַנע איז אַ ייִדישע". מאָדיליאַני איז געווען ביז גאָר שטאָלץ פֿון פֿאַקט, וואָס זײַן מוטער איז געווען אַ ווייטע קרובֿה פֿון ספּינאָזאַ. אויף אַ צייכענונג וועל־כע ער האָט אַמאָל געמאַכט פֿון דער קינסטלערין חנה אָרלאָוו, האָט ער צוגעשריבן „חנה בת ישׂראל".

טראָץ דעם וואָס דער קינסטלער איז נישט געווען קיין מאַן פֿון גרויסן פּיזי־שן כּוח, האָט ער אַ טאָג, געפֿינענדיק זיך אין אַ פּאַריזער קאַפֿע און הערנדיק אַנטי־ייִדישע רייד פֿון אַ גרופּע רעכט־געשטימטע יונגע מענטשן, זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן און איינער אַליין, זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ געשלעג מיט דער חבֿרה, זוכנדיק צו פֿאַרטיידיקן דעם ייִדישן כּבֿוד.

ווען מאָדיליאַני איז געשטאָרבן, האָבן זיינע פריינט, קענענדיק זיין הייסע צוגעבונדנקייט צו זיין יידיש פאָלק, איינגעלאַדן אַ רב, וואָס האָט אָפּגעריכט די געהעריקע תפילות.

דער פאַמיליע־נאָמען פון קינסטלער מאָדיליאַני איז אַ טראַנספאָרמאַציע פון „מודה אני״.

## פּאָל דיקאַ :

אין דער 87־טער דיוויזיע, וואָס נעמט אַרום די קרעמאַטאָריע און קאָלומבאַ־ריום, געפינט זיך אויך דאָס אַש פון קאָמפּאָזיטאָר פּאָל דיקאַ, אַ ייד פון עלזאַסער אָפּשטאַמונג, געבוירן אין יאָר 1865 אין פּאַריז און געשטאָרבן אין יאָר 1935.

פּאָל דיקאַ געהערט צו די סאַמע באַדייטיקסטע פראַנצויזישע קאָמפּאָזיטאָרן פון דער קלאַסישער מוזיק. ער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע סימפאָניעס און באַלעטן. ער איז געווען דער מחבר פון די ווערק : „אַריאַן ע באַרבע בלע״, „דער כישופמאַכער אויף דער לערן״, „לאַ פּערי״ און אַנד. ווערק

פּאָל דיקאַ איז געווען פּראָפעסאָר אין דער קאָנסערוואַטאָריע און געווען אויך אַ — מוזיק־קריטיקער.

פאַראַן אויך אַ פראַנצויזישע פּאָסט־מאַרקע מיטן פּאָרטרעט פון קאָמפּאָזיטאָר.

## טאָרעס אַנרי :

צווישן די קברים וואָס געפינען זיך אין דער 89־טער דיוויזיע אין דעם א. ג. קאָלומבאַריום (אַרום דעם בנין פון דער קרעמאַטאָריע), געפינט זיך אויך דאָס אַש פון גרויסן יידישן מענטשן, דער אַדוואָקאַט אַנרי טאָרעס, וואָס איז געווען אַ גרויסער קעמפער קעגן יעדע אומרעכט. ער איז געווען אַ סאָציאַליסט, אַ קאָמוניסט זינט דעם אויסברוך פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, אַ באַ־וועגונג אין וועלכער ער האָט זיך גאָר גיך אַנטוישט און שוין אין יאָר 1921 פאַרלאָזט זייערע רייען. אַנרי טאָרעס איז עס אין יאָר 1927 געווען דער פאַרטיי־דיקער פון שלום שוואַרצבאַרד, וואָס האָט אין מאַי 1926 דערשאָסן אין פּאַריז דעם אוקראַינישן אַטאַמאַן סימאָן פּעטלוראַ.

וועגן אַנרי טאָרעסן האָט אַנאַטאָל פראַנס געשריבן : „מען קען זיך נישט פאָרשטעלן אַ וועלכע ס׳איז יושרדיקע זאַך, צו וועלכער ער זאָל זיך נישט האָבן אָנגעשלאָסן״. אַ מענטש מיט אַ קעמפערישן כאַראַקטער, איז אַנרי טאָרעס, אַ חוץ אַן אַדוואָקאַט, אויך געווען אַ זשורנאַליסט, אַ שרייבער און אפילו אויך אַ מחבר פון טעאַטער־ווערק. אַנרי טאָרעס איז געשטאָרבן אין חודש יאַנואַר 1966.

## עדואַרד קאָלאָן :

אין דער 89־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון באַרימטן מוזיקער

און דיריגענט עדואַרד (יהודה) קאָלאָן, אַן אָפּשטאַמיקער פון איטאַליענישע יידן, געבוירן אין באָרדאָ אין יאָר 1838, איז ער געשטאָרבן אין פּאַריז, אין יאָר 1910.

אַ דערוויטערטער פון יידנטום איז ער מיט לייב און לעבן געווען אַריינגעטאָן אין דער מוזיק און געווען דער גרינדער פון באַרימטן פּאַריזער סימפאָנישן אָר־קעסטער, וואָס טראָגט אויך זיין נאָמען.

עדואַרד קאָלאָן איז געווען דער פּאָפּולאַריזאַטאָר פון דער מוזיק פון די קאָמפּאָזיטאָרן בערליאָז, וואַגנער, רימסקי־קאָרסאַקאָוו, טשייקאָווסקי און אַנד.

אויף זיין קבר זעען מיר אַ ביוסט פון מוזיקער, געשאַפן פון סקולפּטאָר טע־רענסען ריגי און אין ערשטן אַראָנדיסמענט, געפינט זיך אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

## הענרי (אַנרי) דיווערנואַ:

אין דער זעלבער 89־טער דיוויזיע געפינט זיך אויך דאָס קבר פון זייער באַקאַנטן פראַנצויזישן שרייבער, דראַמאַטורג און ראָמאַניסט אַנרי דיווערנואַ, וועמענס אמתער נאָמען איז געווען סימאָן שוואַבאַכער און וואָס איז געבוירן אין פּאַריז אין יאָר 1875 און דאָ אויך געשטאָרבן אין יאָר 1936.

אַ חוץ מערערע טעאַטער־פּיעסעס איז ער אויך געווען דער מחבר פון אַ ביז גאָר דערפאָלגרייכן ראָמאַן, „עדגאַר", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1919 און אַ ריי שפּאַנענדיקע נאָוועלן און צווישן זיי, די זייער באַרימטע דערציילונג „דער צוריקגעקומענער".

טראָץ דעם וואָס אַ יידיש־דייטשער לעקסיקאָן באַצייכנט דעם שרייבער מיטן טיטל „יידיש און פּאַריזעריש", מוז געזאָגט ווערן, אַז אין די ווערק פונעם שריי־בער, קומט זיין יידישקייט אַבסאָלוט נישט צום אויסדרוק.

פּאַריז פּאַרמאָגט אויך אַ גאַס (אין 20־טן אַראָנדיסמענט) אויפן נאָמען פון שרייבער.

## מוניע נאַדלער:

די 97־טע דיוויזיע פון בית־עולם שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָפּטיילונג אין וועלכער ס'געפינען זיך מערערע מאָנומענטן געווידמעט די אומגעקומענע אין די נאַצישע לאַגערן פון אָראַניענבורג, ראַווענסברוק, מאַטהאַוזען און אַנד. לאַגערן, און אויך אַ קבר אין וועלכן ס'געפינט זיך אַש פון אוישוויץ, מערערע קברים פון אומגעקומענע ווידערשטאַנדלער און ערובניקעס, דערשאָסענע דורך די נאַציס צווישן די יאָרן 1941 — 1945. צווישן די אומגעקומענע קדושים געפינט זיך אויך דאָס קבר פון יידישן זשורנאַליסט און מאַרטירער מוניע נאַדלער, וואָס איז דער־שאָסן געוואָרן אויפן וואַלעריאַן־באַרג, ביי פּאַריז, דעם 10־טן אויגוסט 1942.

געבוירן אין יאָר 1908 אין גאַליציישן שטעטל גליניאַני, האָט ער ווי דאָס רוב יידישע קינדער, געלערנט אין חדר און אין אַ ישיבה און דערנאָך, האָט ער מיטגעאַרבעט אין דער אגודה׳שער פּרעסע אין פּוילן און זינט דעם יאָר 1934, געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער פּאַריזער יידיש־קאָמוניסטישער טאָג־צייטונג די „נייע פּרעסע״.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך, איז ער געווען אַקטיוו אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און רעדאַקטאָר פון דער אומלעגאַלער יידישער פּרעסע.

מוניע נאַדלער איז געווען אַ מחבר פון דער „בעש׳ט־סימפּאָניע״ וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אין יאָר 1933 9).

## זשאַן רישאַרד בלאָק (בלאָך):

אין דער 97־טער דיוויזיע געפינט זיך אויך דאָס קבר פון פראַנצויזיש־יידישן שרייבער, דעם ראָמאַניסט, דיכטער און דראַמאַטורג זשאַן רישאַרד בלאָק (בלאָך), געבוירן אין פּאַריז אין יאָר 1884 און געשטאָרבן אין יאָר 1947.

אַ שרייבער מיט אַ פיינער פעדער, האָט ער אין זיינס אַ דערציילונג, „לעווי״, אַרויסגעפירט אויף אַ זייער אינטערעסאַנטן אופן, די טעג פון די דרייפוס־געשעענישן אין פראַנקרייך און אין זיינס אַ ראָמאַן, „עט קאָמפּאַני״, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1918, האָט ער אויף אַ זייער מעכטיקן אופן, באַהאַנדלט די שווערע איבערלעבענישן פון די אויסגעוואָרצלטע און צערודערטע עלזאַסער יידן, וואָס האָבן נאָך דער מלחמה פון יאָר 1870, נישט געוואָלט ווערן קיין „דייטשן״ און האָבן פאַרלאָזט זייערע היים־שטעט און שטעטלעך און אַריבער קיין פראַנקרייך, וואָס זיי האָבן באַטראַכט פאַר זייער פאָטערלאַנד.

שווער פאַרוווּנדעט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914 — 1918), איז אים בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געלונגען אויסצומיידן די דייטשע אָקופּאַציע און אין זיינס אַ ראַדיאָ־רעדע פון ענגלאַנד, אין יאָר 1943, האָט ער צווישן אַנדערן געזאָגט: „נאָר די טינט פון שרייבער, וואָס באַשטייט פון בלוט און טרערן, באַקומט דעם ווערט פון אומשטערבלעכקייט״.

אַ מענטש פון לינק־געשטימטן לאַגער, האָט דער שרייבער, אין זיינע פּובליצירטע קינדער־זכרונות דערציילט, אַז „אין מיין משפחה זענען די פּאַריזער קאָ־

9) מוניע נאַדלער איז געווען דער ערשטער יידישער שרייבער, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער שרייבערישער אַקטיוויטעט פון מחבר פון דאָזיקן בוך, אַרויסדימענדיק אין יאָר 1936 אויף די שפּאַלטן פון דער פּאַריזער „נייע פּרעסע״ מיט אַ רעצענזיע וועגן בוך „אַלט פּאַריז״.

מונע־געשעעענישן געווען אַ שרעקלעכע זאַך — גלייך ווי די געשעעענישן בעת די קאָמונע־טעג, וואָלטן געווען א... פאַרוויילונג און נישט געקאָסט דאָס בלוט פון אַזוי פיל מענטשן".

זשאַן רישאַרד בלאָק האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקן שרייבערישן טאַלאַנט און אין זיין ראָמאַן „עט קאָמפּאַני" האָט ער אויף אַ זייער סימפּאַטישן אופן דערציילט און געשילדערט די פראַנצויזישע ייִדן.

***

אוודאי געפינען זיך אויפן בית־עולם פּער־לאַשעז נאָך קברים פון ייִדישע און פון ייִדן־אָפּשטאַמיקע מענטשן, וואָס האָבן פאַר אונדז אַ באַשטימטן אינטערעס, ווי ס'איז דאָס קבר פון מישעל לעווי, וועלכער האָט צוזאַמען מיט זיינס אַ ברודער, געגרינדעט דעם אַזוי באַרימטן פראַנצויזישן פאַרלאַג „קאַלמאַן לעווי" (7־טע די־וויזיע).

אין דער זעלבער דיוויזיע, געפינט זיך אויך דאָס קבר פון דער אַזוי באַ־רימטער ראָטשילד־משפחה אין וועלכן ס'איז געקומען צו קבר ישראל דער ער־שטער, קיין פראַנקרייך געקומענער, דריטער זון פון ר' מאיר אַנטשל, דזשעמס דע ראָטשילד, געשטאָרבן אין יאָר 1863.

אַזוי אויך, געפינט זיך (אין דער 27־טער דיוויזיע) דאָס קבר פון אַמאָל באַרימטן פּיאַניסט הענרי הערץ (געשטאָרבן אין יאָר 1898), וועמענס נאָמען איז אויך פאַרבונדן מיט דער פרוי וואָס איז באַרימט אַלס די „לאַ פּאַיוואַ".

און אין דער 97־טער דיוויזיע, אין דעם אַזוי גערופענעם פּראָלעטאַרישן ווינקל, וואָס געפינט זיך ביי דער קאָמונאַרן־וואַנט, זעען מיר דאָס קבר פון לאורא לאַפאַרג, אַ טאָכטער פון קאַרל מאַרקס, וואָס האָט אין יאָר 1911, אין עלטער פון 71 יאָר, באַגאַנגען, צוזאַמען מיט איר מאַן פּאול לאַפאַרג, זעלבסטמאָרד, נישט וועלנדיק אויף זייערע עלטערע יאָרן, פאַלן קיינעם צו לאַסט.

ביבליאָגראַפיע :

**זע נומער:**

8, 16, 19, 20, 23, 29, 42, 3”, 58, 64, 66, 67, 74, 76, 80, 83, 90, 97,
102, 107, 110, 115, 119, 120, 126, 128, 1ת0, 152, 154, 157, 162,
163, 164.

## 7.

# דאָס בית־עולם מאַנפּאַרנאַס

אַדאָלף קרעמיע:

אין דער 5־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון דער גרויסער יידישער פערזענלעכקייט יצחק אַדאָלף קרעמיע, וואָס איז געבוירן אין יאָר 1794 אין דער שטאָט נים 1) און געשטאָרבן דעם 10־טן פעברואַר 1880.

גאַנץ יונג, אין עלטער פון 21 יאָר, צייכנט זיך שוין א. קרעמיע אויס ווי אַ פעאיקער אַדוואָקאַט און הויך טאַלאַנטירטער רעדנער פון עקסטרעמע ליבעראַל־דעמאָקראַטישע טענדענצן. פריי פון רעליגיעזע אַנשויאונגען און איינפלוסן, אָבער אַ מאַן מיט אַ סך יידישן שטאָלץ, האָט ער געפירט אַ שווערן קאַמף קעגן יעדער עוולה וואָס איז געטאָן געוואָרן צו די יידן פון זיין צייט סיי אין פראַנקרייך און אויך מחוץ דעם לאַנד.

שוין אין יאָר 1819 האָט ער, אַ יונגער אַדוואָקאַט, פאַרטיידיקט פאַרן גע־ריכט צוויי יונגע מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט מיט האָבן געזונגען די... „מאַרסעליעזע". די ריכטער זענען אַזוי שטאַרק באַווירקט געוואָרן דורך א. קרע־מיעס פאַרטיידיקונגס־רעדע, אַז די געמשפּטע דורכן קעניגלעכן־בורבאָנישן גע־ריכט זענען באַפרייט געוואָרן.

אַדאָלף קרעמיע רוקט זיך אויך אַרויס מיט זיין קאַמף קעגן דער ספּעציע־לער דאַן געפאָדערטער געריכטס־שבועה „מאָרע יודאַיקאָ", וואָס איז אין זיין צייט געווען איינגעפירט פאַר יידן. שוין אין יאָר 1827, האָט ער פאַרטיידיקט אַ ייד פאַרן געריכט, צוליב זיין האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָפּצוגעבן די דאָזיקע באַליי־דיקנדיקע שבועה. א. קרעמיעס הויפּט־אַרגומענט איז געווען, דאָס „די ריכטער דאַרפן זיך באַזירן אויפן געוויסן פון די גערופענע צום משפט און נישט אויף רעליגיע". אַדאָלף קרעמיע האָט דאַן בכלל אַפּעלירט צו די יידן פון גאַנץ פראַנק־רייך, זיך אָפּצוזאָגן, ביי געריכטס־פּראָצעסן, פון אָפּגעבן די דאָזיקע שבועה. ס'איז געווען אַ ביז גאָר קאָמפּליצירטער און שווערער קאַמף, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט אין יאָר 1836, מיטן ענדגילטיקן אָפּשאַפן פאַר יידן די דאָזיקע שבועה.

אַדאָלף קרעמיע איז אויך געווען אַקטיוו אין פּאָליטישן לעבן פון פראַנק־

---

1) אין פיל ערטער ווערט אָנגעגעבן דאָס געבוירן־יאָר 1796 און אויך 1797.

רייך. ער האָט געפירט אַ קאַמף קעגן יעדע אומרעכט בכלל און אין יאָר 1842, ווערט ער געוויילט ווי אַ דעפּוטאַט. ער איז אויך געוויילט געוואָרן אין די יאָרן 1869 און אין יאָר 1875. דאָס מאָל שוין ווי אַ לעבנסלאַנגער סענאַטאָר.

אין רעזולטאַט פון דער זיך געשאַפענער קעמפערישער פּאָזיציע פון אַ לינקן רעפּובליקאַנער, ווערט אַדאָלף קרעמיע גלייך נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָר 1848 יוסטיץ־מיניסטער פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג. ער פּראָקלאַ־מירט דאַן די עקזיסטענץ־פרייהייטן פאַר געזעלשאַפטן און פאַרזאַמלונגען. ער פירט איין דאָס געזעץ פון אַלגעמיינע וואַלן, שאַפט אָפּ טויט־שטראָף פאַר פּאָלי־טישע פאַרברעכנס און אין זעלבן יאָר 1848, שאַפט ער אָפּ די שקלאַפעריי אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס.

ס׳איז שוין ווייט נישט פּשוט זיך אָפּצושטעלן אויף דער רייכער אַקטיווי־טעט פון אַדאָלף קרעמיע. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַקציע פון משה מאָנטעפיאָרע אויף צו ראַטעווען די אין שווער־טראַגישע באַדינגונגען פאַרשפּאַר־טע און געפּייניקטע יידן אין דמשק, אין רעזולטאַט פון אַ שוידערלעכן בלוט־בלבול וואָס האָט זיך דאָרט אָפּגעשפּילט אין יאָר 1840, צוליבן פאַרשווונדן ווערן פון אַ מאָנאַך, אַ געוויסן פּאָטער טאָמאָס. אין בלוט־בלבול האָט זיך באַטייליקט דער דעמאָלטיקער פראַנצויזישער קאָנסול אין דמשק ראַטי־מענטאָן, אַ באַוווּס־טער אַנטיסעמיט.

אַדאָלף קרעמיע האָט דאַן געלאָזט פאַלן אַלע זיינע אַקטיוויטעטן אין לאַנד און אונטערגענומען די דאַן שווערע רייזע קיין דמשק, וואָס האָט ביי אים אַוועק־גענומען דריי חדשים צייט. ער האָט אויף אַ זעלטענעם אופן באַוויזן די פינצטערע ראָלע און שולד פון פראַנצויזישן קאָנסול אינעם בלבול און ער האָט אויסגע־פועלט ביים סולטאַן, אַז די איינגעזעצטע, שווער געפּייניקטע, אומשולדיקע יידן זאָלן נישט באַגנעדיקט ווערן, ווי מען האָט עס שוין געוואָלט טאָן, נאָר זיי זאָלן פולשטענדיק באַפרייט ווערן, ווי אומשולדיק פאַרשפּאַרטע מענטשן.

ס׳איז געווען אַ טראַגיש קאַפּיטל יידישע צרות, אין וועלכן אַדאָלף קרעמיע האָט באַוויזן זיין גרויסן גייסטיקן כוח. א. קרעמיע האָט אויך גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דעם אַזוי באַרימטן סקאַנדאַל וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין בולאָן, אין איטאַליע, אין יאָר 1858, ווען די פּויפּסטלעכע מאַכט האָט צוגענומען אַ זיבן־יאָריק יידיש יינגעלע, עדגאַר מאָרטאַראַ, פון זיינע עלטערן, אונטערן אויסרייד אַז דאָס דינסט־מיידל האָט אים, נאָך אַלס קינד פון איין יאָר, געלאָזט אָפּשמדן. טראָץ דעם טומל וואָס דער מאָרטאַראַ־סקאַנדאַל האָט דאַן אַרויסגערופן און טראָץ דעם וואָס דער עסטרייכישער קייזער פראַנץ־יאָזעף און נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָבן אינטערווענירט ביים פּויפּסט, האָט די קירכע נישט אומגעקערט דאָס קינד צו די

עלטערן, נאָר פּאַרבאַהאַלטן אים אין מאָנאַסטירן און אים דערצויגן אויף אַ געטרייען גלח. דער דאָזיקער סקאַנדאַל האָט דערפירט דערצו, אַז אַדאָלף קרעמיע האָט באַווירקט דאָס שאַפן פון דער יידישער וועלט־אָרגאַניזאַציע „כל ישראל חברים" 2).

א. קרעמיע האָט אויך געפירט אַן ענערגישע אַקטיוויטעט און קאַמף קעגן די אַנטיסעמיטישע געזעצן און געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער שווייץ, רומעניע און אין רוסלאַנד.

אַדאָלף קרעמיע האָט אויך פאַרמאָגט אַ צונאָמען: „דער אַפריקאַנער". עס איז אַזוי געשען, ווייל אין פאַרלויף פון 40 יאָר צייט, איז דער אומדערמידלעכער קעמפער פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, געפאָרן 17 מאָל קיין אַלזשיר, כדי צו פאַרטיידיקן די דאָרטיקע יידן אין געריכטן און פון פאַרשידענע צרות וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין פון דער דאָרטיקער אַראַבישער באַפעלקערונג. ס'איז אויך ווייט נישט פשוט צו דערציילן די קאָמפּליצירטקייט און שוועריקייט פון אַזעלכע רייזעס אין די באַדינגונגען פון יענער צייט, אָבער א. קרעמיע האָט זיך פאַר גאָרנישט אָפּגעשטעלט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין פאַרטיידיקן באַעוול־טע און באַדראָטע יידן.

אין יאָר 1870, נאָך דער דראַמע פון 2־טן סעפּטעמבער, וואָס האָט זיך אָפּגע־שפּילט ביי סעדאַן, און אַ סוף געמאַכט צו נאַפּאָלעאָן דעם 3־טנס הערשאַפט, ווען אַדאָלף קרעמיע איז אויף דאָס ניי געוואָרן דער יוסטיץ־מיניסטער אין דער ניי־געשאַפענער רעגירונג פון דער דריטער רעפּובליק, האָט ער טאַקע באַווירקט דאָס אַרויסקומען מיט דעם באַרימטן דעקרעט, וואָס טראָגט אויך זיין נאָמען, וואָס האָט צוגעטיילט פראַנצויזישע בירגערשאַפט די יידן פון אַלזשיר 3). ס'איז געווען אַ געזעץ, וואָס האָט אין אונדזער יאָרהונדערט, דערמעגלעכט מערערע טויזנטער יידן זיך צו ראַטעווען פון דער אַראַבישער הערשאַפט, בעת דער אַנטשטייאונג פון אַ זעלבסטשטענדיק אַלזשיריען.

די אומדערמידלעכע אַקטיוויטעט פון א. קרעמיע האָט אים געשאַפן פיל פריינט אין דער הומאַניסטישער וועלט און פיל שונאים אין דער אַנטי־דעמאָקראַ־טישער און אַנטי־יידישער וועלט, וואָס האָבן אין זייער קאַמף קעגן דעם גרויסן מענטשן זיך אויך באַנוצט מיט זיין ווייט נישט עסטעטישן אויסזען; א. קרעמיע איז געווען ווייט פון באַגריף „שיין". ער איז געווען קליין אין וווקס, דער קאָפּ נישט פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין פיגור. די דאָזיקע, נישט זייער געראָטענע אויסער־

2) « L'alliance Israélite Universelle ».

3) דאָס דאָזיקע געזעץ איז אין די יאָרן 1942 — 1943 אָפּגעשאַפט געוואָרן דורך דער ווישי־רעגירונג און צוריק איינגעשטעלט געוואָרן נאָך דער באַפרייאונג אין יאָר 1945.

לעכקייט זיינע, איז שטאַרק אויסגענוצט געוואָרן דורך זיינע שונאים אין דער קאַריקאַטוראַלער פאָרם. אָבער דער דאָזיקער וויט נישט עסטעטישער אויסזען פון דעם טוער, פלעגט מאָמענטאַל פאַרשווינדן ביי די, וואָס האָבן אים געהערט רעדן. זיין אָראַטאָרישער כוח איז געווען אַזוי מעכטיק, אַז ער פלעגט אויפרודערן זיינע צוהערער און געווינען זייערע הערצער.

צווישן זיינע גרויסע פריינט האָט זיך אויך געפונען וויקטאָר הוגאָ, וועמענס אַדוואָקאַט א. קרעמיע איז אייניקע מאָל געווען. עס זענען קאָנסערווירט געוואָרן אַ ריי רירנדיקע בריוו, וואָס דער דיכטער און קעמפער פאַר אַ בעסערער וועלט האָט געשריבן צום ייִדישן אַדוואָקאַט, בעת זיין געפינען זיך אויף אַן ענגליש אינדזל אין גלות; אָט וואָס מיר לייענען אין איינעם פון וויקטאָר הוגאָ׳ס אַ בריוו: „איך, אייער קליענט און מיין זון שאַרל, אויך אייערס אַ קליענט, רעדן מיר וועגן אייך אָן אויפהער. דאָס נישט קענען אייך זען, דאָס נישט הערן אייך מער... דאָס נישט קענען דערוואַרעמען דאָס האַרץ פון אייער אויסשטראַלונג, דאָס מיינט טאַקע גלות״.

אייניקע יאָר שפּעטער, האָט וויקטאָר הוגאָ, אין זיינס אַן ענטפער אויף א. קרעמיעס אַ בריוו, געשריבן: „איר שרייבט פּונקט ווי איר רעדט, מיט פלאַם אין אייערע איבערצייגונגען. אייער בריוו רופט אַרויס דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ. עס רעאַגירט אין מיר ווי אייער שטימע גופא״.

צווישן זיינע גרויסע פריינט וואָס האָבן אים הויך געשאַצט, איז אויך געווען די גרויסע טראַגיקערן ראַשעל. זי האָט אים אויך ליב געהאַט ווי אַ פאָטער און כ׳וועל מיר דערלויבן צו זאָגן, דאָס אויב ראַשעל האָט אָפּגעוואָרפן אַלע אונטער־גענומענע פרווון זיך צו טויפן, איז עס אָן ספק געווען די ווירקונג פון איר גייס־טיקן לערער, וואָס דער גרויסער ייִד איז פאַר איר געווען.

אַדאָלף קרעמיע, דער אינטערנאַציאָנאַלער באַשיצער פון ייִדן, האָט פאַר־נומען אַ ריי וויכטיקע בכבודיקע אַמטן אין ייִדישן לעבן אין פראַנקרייך. ער איז געווען דער פאָרזיצער פון דער צענטראַלער ייִדישער קאָנסיסטאָריע, אַן אַמט פון וועלכן ער האָט דעמיסיאָנירט אין יאָר 1845, נאָך דעם ווי זיין פרוי האָט אָן זיין וויסן, צוגעגרייט און געלאָזט אָפּשמדן זיינע צוויי טעכטער. אַ האַנדלונג וואָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר דעם שטאָלצן ייִדן.

צוריקציענדיק זיך פון זיין אַמט אין דער צענטראַלער ייִדישער קאָנסיסטאָ־ריע, איז ער אָבער געבליבן אַקטיוו אין ייִדישן לעבן און איז ביז צו זיין טויט (1880) געבליבן דער פאָרזיצער פון דער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע „כל ישראל חברים״.

זינט דעם יאָר 1897, פאַרמאָגט די שטאָט פּאַריז אַ גאַס (אין 12־טן אַראָנ־דיסמענט) וואָס טראָגט דעם נאָמען פון גרויסן יידישן טוער און קעמפער.

## רענע סאַמועל קאַסען :

אין דער זעלבער אָפּטיילונג, געפינט זיך אויך דאָס קבר פון גרויסן פראַנ־צויזישן ייד רענע סאַמועל קאַסען, אַ הומאַניסט און געלערנטער.

געבוירן אין יאָר 1887 אין באַיאָן, איז ער געשטאָרבן דעם 22־טן פעברואַר 1976 אין פּאַריז, אין עלטער פון 88 יאָר.

רענע קאַסען האָט אָנגעהויבן זיין לעבנס־קאַריערע ווי אַ יוריסט, אָבער זיין אַקטיוויטעט און פּערזענלעכקייט האָבן אים לסוף אַרויסגערוקט אויבן אָן אין מלוכה׳ש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד, ווו ער האָט אויסגעפירט אַ ראָלע וועגן וועלכער ס׳איז נישט אַזוי פשוט צו דערציילן.

לויט זיינע אייגענע רייד, זאָלן זיינע ווייטע אבות האָבן געקומען קיין פראַנק־רייך נאָך פאַרן חורבן פון בית שני. זיין פאָטער איז געווען אַ ייד פון ניצע און די מוטער פון באַיאָן.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געפינט ער זיך אין דער אַרמיי און צייכנט זיך אויס מיט זיין העלדישקייט. אין יאָר 1915 ווערט ער שווער פאַרווונדעט און טראָץ דעם גייט ער אָן מיט העלפן זיינע ליידנדיקע חברים־זעלנער. ער ווערט דאַן אויסגעצייכנט מיט דעם א.ג. קריגס־קרייץ.

ווידמענדיק זיך דער רעכט־וויסנשאַפט, ווערט ער לסוף איינער פון די אָנגע־זעענסטע ספּעציאַליסטן אויף דעם דאָזיקן געביט און ווערט פּראָפעסאָר פון אינ־טערנאַציאָנאַלן רעכט אין די אוניווערסיטעטן פון האַאַג, זשענעווע, ליל און אין פּאַריז. ער מאַכט זיך אויך אַ נאָמען ווי אַ פיינער אָראַטאָר. ער גייט לסוף אויך אַוועק אויפן געביט פון דיפּלאָמאַטיע און ווערט דער פראַנצויזישער דעלעגאַט אין פעלקער־בונד, אַן אַמט וועלכן ער פאַרנעמט פון יאָר 1924 ביז 1938.

ס׳ברעכט אויס די מלחמה פון 1939 — 1945 און דער צוזאַמענברוך פון דער פראַנצויזישער אַרמיי. גלייך אויף צומאָרגנס, נאָך דעם גענעראַל דע־גאָלס באַרימטן אַרויסקום מיט זיין רוף צום פראַנצויזישן פאָלק צו אַ ווידערשטאַנד, גע־האַלטן אין לאָנדאָן דעם 18־טן יוני 1940, שווימט אָפּ רענע קאַסען קיין ענגלאַנד, וווהין ער קומט אָן דעם 20־טן יוני. ער איז דאַן געווען דער סאַמע ערשטער צי־ווילער מענטש, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, כדי פאַרצוזעצן דעם קאַמף קעגן דער דייטשער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך און בכלל קעגן נאַציזם.

אין לאָנדאָן זייענדיק, ווערט רענע קאַסען דער פּערמאַנענטער סעקרעטאַר

פון פראַנצויזישן פּאַרטיידיקונגס־ראַט און דער יורידישער און דיפּלאָמאַטישער עצה־געבער פון גענעראַל דע־גאָל. דאַן האָט די ווישי־רעגירונג אָפּגענומען ביי רענע קאַסען זיין פראַנצויזישע בירגערשאַפט און אים אויך פאַרמשפּט צום טויט.

נאָך דער מלחמה איז רענע קאַסען דער וויצע־פּרעזידענט פון פראַנצויזישן מלוכה־ראַט. ער האָט די אויפגאַבע צוריקצושטעלן די צעטרעטענע אונטער די נאַציס מענטשלעכע רעכט און ער איז אין פאַרלויף פון צען יאָר צייט מיטגליד פון קאָנסטיטוציאָנעלן ראַט. ער איז אויך דער פּרעזידענט פון דער קאָמיסיע פאַר מענטשן־רעכט אין דער ניי־געשאַפענער „אונאָ" ווו ער איז אַקטיוו אַריבער צוואַנציק יאָר. אין יאָר 1948 איז ער איינער פון די שעפער פון דער אונאָ־דעקלאַראַציע וועגן אינטערנאַציאָנאַלע מענטשן־רעכט און איז אויך מיטשאַפער פון דער „אונעסקאָ". אַ געוויסע צייט, איז ער אויך מיניסטער פון יוסטיץ און מיניסטער פאַר דערציאונג.

קלישע נומער 16



רענע קאַסען.

פאַר זיין אַקטיוויטעט און גרויסע צאָלרייכע דערגרייכונגען אויף אַזוי פיל געביטן, פאַר פראַנקרייך בפרט און פאַר דער וועלט בכלל, איז רענע קאַסען באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ גרויסער צאָל טיטולן און אויסצייכענונגען פון וועלכע מיר וועלן נאָר אויסרעכענען אייניקע, ווי: „קאָמפּאַניאָן דע לאַ ליבעראַסיאָן" און גרויסן קרייץ פון ערן־לעגיאָן; געווען אַ באַזיצער פון אן אַקאַדעמישער פאַלמע,

מיטגליד פון אינסטיטוט (אַקאַדעמיע) און ערן־פּראָפעסאָר פון די אוניווערסיטעטן פון פּאַריז און ליל און דאָקטאָר האָנאָריס קאַוזאַ פון די אוניווערסיטעטן אין אָקס־פאָרד, מיינץ און ירושלים און אין יאָר 1968 ווערט אים צוגעטיילט דער נאָבעל־פּרייז פאַר שלום. ער איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס האָט באַקומען די דאָזיקע אויסצייכענונג. דאָס איז נאָר אַ קליינע צאָל פון די אויסצייכענונגען און ערן־טיטולן וואָס זענען צוגעטיילט געוואָרן דער זעלטענער יידישער פּערזענלעכקייט.

אַ פראַנצויזישער, פולשטענדיק אַסימילירטער ייד, דערנענטערט זיך רענע קאַסען, ערשט אין די נאַצי־יאָרן, צו זיין פאָלק און ווערט ביז גאָר אַקטיוו אויך אין יידישן לעבן.

דאָ איז וויכטיק צו דערציילן, אַז בעת רענע קאַסענס אַקטיוויטעט אין לאָנ־דאָן ביי דער זייט פון גענעראַל דע־גאָל, האָט ער אַ באַשטימטע צייט אָפּגעפּילט, אפילו געליטן פון זיין יידישן קאָמפּלעקס, מורא האָבנדיק, אַז זיין אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק, וואָס איז אויסגענוצט געוואָרן דורך די נאַציס אין זייער אַנטי־יידישער פּראָפּאַגאַנדע, קען שאָדענען דעם קאַמף פון פראַנקרייך. אַ קאָמפּלעקס פון וועלכן ער האָט זיך לסוף באַפרייט און מיט אַלע כוחות זיך אָנגעשלאָסן אין קאַמף קעגן אונדזערע שונאים, מאַניפעסטירנדיק זיין יידישקייט ביי יעדער געלעגנהייט.

אין די מלחמה־טעג האָט רענע קאַסען פאַרלוירן 28 פון זיינע קרובים, אומ־געקומענע אין דעפּאָרטאַציע.

רענע קאַסען איז געווען אַקטיוו און כסדר מאַניפעסטירט זיינע סימפּאַטיעס צו ישראל און באַרעכטיקט די „6־טאָגיקע מלחמה" און דערנאָך שאַרף אַרויסגע־טראָטן קעגן דער „אונאָ" און „אונעסקאָ", אינסטיטוציעס וועלכע ער האָט גע־האָלפן שאַפן, צוליב זייער אַנטי־ישראלדיקער פּאָליטיק און דאַן איז ער אויך געקומען אין אַ קאָנפליקט מיטן גענעראַל דע־גאָל, צוליבן אָפּשטעלן די הילף פאַר ישראל.

רענע קאַסען איז אין פאַרלויף פון 25 יאָר צייט געווען דער פּאָרזיצער פון דער יידישער וועלט־אָרגאַניזאַציע „כל ישראל חברים".

**צדוק כהן:**

אין דער 5־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון אַ געוועזענעם רב הראשי פון פראַנקרייך, צדוק כהן. געבוירן אין יאָר 1839 אין מאַמענהיים (נידער־ריין) און געשטאָרבן אין יאָר 1905 אין פּאַריז, איז ער צוערשט געווען רב הראשי פון פּאַריז און דערנאָך געוואָרן דער רב הראשי פון פראַנקרייך.

צדוק כהן האָט געהערט צו די גרויסע צענטראַלע פיגורן פון אייראָפּעאישן יידנטום פון 19־טן יאָרהונדערט. אַ געלערנטער, אַ פיינער רעדנער און שרייבער,

איז ער געווען מחבר פון אַ ריי וויכטיקע אַרבעטן, דערונטער אויך פון אַ ווערק א.ד.ט. „שקלאַפערייַ, לויטן תנ״ך און תלמוד״.

אין יאָר 1880 האָט ער צוזאַמען מיטן היסטאָריקער איזידאָר לעב, געשאַפן אין פראַנקרייך די וויכטיקע „געזעלשאַפט פאַר יידישע שטודיעס״ און אויך די דריי־חדשימדיקע אויסגאַבע, וואָס האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער וויסנשאַפט און האָט דערמעגלעכט דאָס פּובליצירן אַ ריי וויכטיקע ווערק 4).

ווען שלום־עליכם איז אין עלטער פון דרייסיק יאָר, געקומען צום ערשטן מאָל קיין פּאַריז, האָט ער זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פון ווען פערזענלעך באַקענען די גרויסע פירנדיקע פערזענלעכקייט פון רב הראשי צדוק כהן און ביי אים גע־בעטן אַ זעאונג. ס׳איז קאָנסערווירט געוואָרן אַ רירנדיקער בריוו־אויסטויש צווישן שלום־עליכמען און דעם רב הראשי צדוק כהן 5).

## אהרן צרויה:

אין דער זעלבער דיוויזיע, געפינט זיך אויך דאָס קבר פון פראַנצויזישן שריפטשטעלער, מאָדערנעם יידישן פילאָסאָף און גרויסן ערודיט אהרן צרויה, געבוירן אין יאָר 1895 און געשטאָרבן אין חודש אויגוסט 1968.

ער איז געווען אַ ספרדישער ייד, פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע, אַ מחבר פון אַ ריי טיף־אינטערעסאַנטע ווערק, געווידמעט יידישע דענקערס און דער יידישער מיסטיק, און אויך אַ מחבר פון אַ רמב״ם־מאָנאָגראַפיע און פון אַ גרויס ווערק, „די קבלה״, וואָס איז פּרעמירט געוואָרן דורך דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע. ער איז אויך דער מחבר פון אַ גאָר וויכטיק ווערק וועגן די איסיים.

וועגן זיין יידיש־פילאָסאָפישן דרך איז וויכטיק צו ציטירן זיינע אייגענע שורות אין וועלכע מיר לייענען: „טראָץ דעם באַרבאַריזם וואָס האָט אָנגעהאַלטן און האַלט אין אַ געוויסער מאָס נאָך אָן אין אונדזערע טעג, ווערט אַ געוויסנהאַפטער מענטש זיך נישט אָפּהאַלטן פון פאַרהערלעכן דעם אָנדענק פון אַ הילל, וואָס האָט דערקלערט, אַז די גאַנצע הייליקייט פון דער תורה רעזומירט זיך אין דער ליבע צום נאָענטן״.

## זשאַן־מישעל אַטלאַן:

אין דער 5־טער דיוויזיע געפינט זיך אויך דאָס קבר פון מאָלער זשאַן־מי־שעל אַטלאַן, וועמענס מאָלערישער וועג איז שוין ווייט נישט קיין פּשוטער.

---

4) « Revue des Etudes Juives ».

5) זע „יידן אין פּאַריז״, זייט 228, ערשט בוך.

געבוירן אין אַלזשיר אין יאָר 1913 אין אַ טיף רעליגיעזער היים, ווו ער האָט געירשנט אַ גרויסע נייגונג צו מיסטיק. זיין לעבן איז נישט געווען פּשוט. ער שטודירט אין דער סאָרבאָנע, איז אַ נאָענטער מענטש, אפילו אויך אַ שומר ביים קאָמוניסט טראָצקי, בעת זיין געפינען זיך אין פראַנקרייך. בעת דער מלחמה באַ־טייליקט ער זיך אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, ווערט אַרעסטירט, אינטער־נירט אין דראַנסי און ראַטעווועט זיך פון דעפּאָרטאַציע דורך סימולירן משוגעת. איבערגעשיקט אין שפּיטאָל סענט־אַן, דערוואַרט ער זיך אויף דער באַפרייאונג.

אַ זוכנדיקע נאַטור, שרייבט ער לידער און פּובליצירט אַ קליין ביכל פּאָע־מען. גיך ווידמעט ער זיך פולשטענדיק דער מאָלעריי, אָבער זיין ערשטער אויס־שטעלונג וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1946 אין פּאַריז, בלייבט אומבאַמערקט. ער זוכט פּרנסה אויף פאַרשידענע וועגן און מאַכט אַדורך אַ צייט פון נויט.

לסוף, פאַראינטערעסירט מען זיך מיט זיין מאָלעריי. ער ווערט באַקאַנט. מען הויבט אים אפילו אָן צו באַטראַכטן פאַר אַ גרויסן מאָלערישן כוח, וואָס שפּאַנט אין דעם וועג פון דער א.ג. אַבסטראַקטער קונסט.

אין יאָר 1959 איז אין פּאַריז שוין פאָרגעקומען זיינס אַ גרויסע אויסשטע־לונג, אָבער קורץ דערנאָך, זייענדיק שווער קראַנק אין רעזולטאַט פון די אַדורכ־געמאַכטע שווערע יאָרן, שטאַרבט ער אין יאָר 1960.

זיין מאָלערישער וועג רופט אַרויס שטוינונג און פרעג־צייכנס מכוח דעם אינהאַלט פון זיינע לייוונטן, און מכוח דעם וואָס דער מאָלער האָט געמיינט און געזוכט אַרויסצופירן.

זשאַן־מישעל אַטלאַן איז דער איינציקער יידישער מאָלער פון אַלזשיריאַנער אָפּשטאַמונג, וואָס האָט פאַראינטערעסירט די קריטיק און זיך געשאַפן אַ נאָמען פון אַן אינטערעסאַנטן קינסטלער, טראָץ דער אומפאַרשטענדלעכקייט און נישט קלאָרקייט וואָס רעדט אַרויס פון זיינע לייוונטן.

## אָסיפּ זאַדקין :

אין דער 8־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון וועלט־באַרימטן סקולפּ־טאָר, דעם געטויפטן אָסיפּ זאַדקין, געבוירן אין יאָר 1890 אין רוסלאַנד, אין ווי־טעבסק, און געשטאָרבן אין אַ פּאַריזער קליניק, דעם 25־טן נאָוועמבער 1967.

אָסיפּ זאַדקין איז געקומען קיין פּאַריז אין יאָר 1909, ווען ער איז סך־הכל אַלט געווען 19 יאָר און די שטאָט פון קונסט איז געוואָרן זיין היימשטאָט.

אין עלטער פון 24 יאָר האָט ער זיך אָנגעהויבן אַרויסרוקן מיט אַ ריי פון זיינע סקולפּטור־ווערק, וואָס ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט דעם אייגנ־אַרטיקן קינסטלערישן וועג.

ווען עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, אַנגאַזשירט זיך אָסיפּ זאַד־קין פֿריַיוויליק אין דער פֿראַנצויזישער אַרמיי און אין איינער פֿון די שלאַכטן, אין יאָר 1917 ווערט ער פֿאַרגאַזט. נאָך אַ לענגערן היילונגס־פּעריאָד ווערט אָסיפּ זאַדקין באַפֿריַיט פֿון דער אַרמיי. ער נעמט זיך צוריק צו דער איבערגעריסענער קונסט־אַרבעט און רוקט זיך אַלץ מערער אַרויס מיט זיין אייגנאַרטיקן און אָרי־גינעלן שאַפֿן. ער האָט אַ געניאַלע האַנט פֿון אַ שניצער מיט אַ מערקווערדיק־פֿאַנ־טאַסטישער וויזיע. די גרויסע מעלה פֿון אָסיפּ זאַדקין איז אויך באַשטאַנען אין דעם וואָס אַלע זיינע „מאָדנע" נישט־רעאַלע סקולפּטורן האָבן אַ חוץ מיט עפּעס אַ מיסטיציזם, אויך געאָטעמט מיט אַ זעלטענער שיינקייט.

זיינע ווערק געפֿינען זיך אין די גרויסע וועלט־מוזייען. ס'איז בכלל אַ שטאָלץ פֿאַר אַ מוזיי, זיך צו קענען באַרימען מיט פֿאַרמאָגן ווערק פֿון אָסיפּ זאַדקינען. זיינע סקולפּטורן באַפּוצן אויך אַ ריי עפֿנטלעכע פּלעצער און גאָר ספּעציעל איז אויך באַרימט זיין גרויסע סקולפּטור אין ראָטערדאַם, וואָס איז באַקאַנט א. נ. „די מאַרטירערשאַפֿט פֿון דער שטאָט" און וואָס איז געווידמעט דעם מערדערלעכן איבערפֿאַל פֿון דער דייטש־נאַצישער אַוויאַציע אויף האָלאַנד, בעת וועלכער זיי האָבן אין אייניקע שעהן חרוב געמאַכט דעם אַלטן היסטאָרישן צענטער פֿון ראָ־טערדאַם, פֿאַרניכטנדיק מערערע טויזנטער הייזער און אומברענגנדיק טויזנטער און טויזנטער לעבנס. דער מאָנומענט וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין יאָר 1953, מאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק, טראָץ זיין אולטראַ־מאָדערניסטישער פֿאָרם.

דער רום פֿון אָסיפּ זאַדקין ווערט אַלץ גרעסער. אין פֿראַנקרייך ווערט ער באַטראַכט ווי אַן אויסשליסלעך פֿראַנצויזישער קינסטלער. ביי געלעגנהייטן, פֿלעגט אויך אָנגעגעבן ווערן, אַז ער איז פֿון „רוסישער אָפּשטאַמונג" און אַ געבוירענער אין. . . סמאָלענסק, בעת פֿאַקטיש איז אָסיפּ זאַדקין געבוירן, ווי שוין דערמאָנט אויבן, אין וויטעבסק, ווו ער האָט אפילו געלערנט אין דער זעלבער שול און אין דער זעלבער צייט ווי מאַרק שאַגאַל.

דאָס אָנגעבן אין אַ ריי ביאָגראַפֿיעס און אָפּהאַנדלונגען אַז ער איז געבוירן אין סמאָלענסק, איז געווען אינספּירירט דורכן קינסטלער גופא און האָט געהערט צו זיינע ערשטע שריט אויף צו באַהאַלטן זיין אָנגעהעריקייט צום יידישן פֿאָלק און דערפֿאַר אויך זיין אויסבאַהאַלטן דעם נאָמען פֿון יידישן וויטעבסק, וואָס קען גלייך פֿאַראַטן... זיין אָפּשטאַמונג [6].

---

6) אַזוי ווי אין געוויסע ביאָגראַפֿישע נאָטיצן וועגן סקולפּטאָר, האָט פֿיגורירט דער נאָ־מען „וויטעבסק", וואַרשיינלעך אין די ערשטע ידיעות וואָס האָבן אינפֿאָרמירט איינ־צלהייטן וועגן דער פּערזענלעכקייט פֿון קינסטלער, האָבן זיך שפּעטער אָנגעהויבן באַוויזן שורות וואָס האָבן דערציילט, אַז אָסיפּ זאַדקין פֿלעגט פֿון צייט צו צייט זיין אין וויטעבסק, ווו... ער האָט געהאַט זיינעם אַ פֿעטער.

לסוף איז נאָכגעקומען זיין שמד, דורכן אַריבערגיין אין דער אָרטאָדאָקסיש־פּראַוואָסלאַוונער קירכע, אָבער ווען דאָס איז געשען, איז אונדז נישט באַוווּסט. דער קינסטלער האָט דאָס לאַנג אויסבאַהאַלטן. ער האָט עס אפשר געטאָן אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה, גלייבנדיק אַ מאָמענט, אַז אַריבערגייענדיק צום קריסטנטום, וועט ער זיך געפינען מחוץ וועלכן ס'איז געפאַר אין פאַל פון אַ נאַ־צישן נצחון ?

אָבער ווען די דייטשע אַרמיי האָט אין חודש מאַי 1940 אָנגעהויבן איר גרויסע אָפּענסיווע און זיך דערנענטערט צו פּאַריז, איז אָסיפּ זאַדקין, ווי אַ סך יידן (אפילו אויך משומדים), אַוועק קיין אַמעריקע, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו ער האָט באַקענט און זיך דערנענטערט צו אַ סך יידישע קינסטלערס, אויסבאַהאַל־טנדיק פאַר איטלעכן זיין שמד. ער האָט זיך דאָ אויפגעהאַלטן ביז 1945, ווען ער איז, נאָך דער באַפרייאונג פון פראַנקרייך, צוריק געקומען קיין פּאַריז 7).

גלייך נאָך דער מלחמה, ווען די אָפּגעראַטעוועטע יידישע קינסטלערס האָבן אָנגעהויבן אויפלעבן זייער פאַרבאַנד, האָט מען צום ערשטן צונויפקום, איינגעלאַדן אויך א. זאַדקינען, אָבער דער לעצטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון קומען, שרייבנ־דיק אַ בריוול צום פאָרזיצער פון קינסטלער־פאַרבאַנד, דעם סקולפּטאָר מרדכי פּערלמאַן ז"ל, „אַז מען זאָל אויף אים נישט רעכענען, ווייל ער איז נישט קיין ייד".

בעת אָסיפּ זאַדקין האָט אין די מלחמה־יאָרן זיך געפונען אין ניו־יאָרק, האָט ער זיך דאָרט אויך באַקענט און זייער באַפריינדעט מיטן שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו. דערוויסנדיק זיך, נאָך דער מלחמה, אַז דער סקולפּטאָר איז געטויפט, איז י. אָפּאַטאָשו, בעת זיין לעצטן באַזוך אין פּאַריז, אַוועק צו א. זאַדקינען און אָנגעקלינגען ביי דער טיר פון זיין וווינונג.

געעפנט האָט אים דער סקולפּטאָר גופא. יוסף אָפּאַטאָשו איז נישט אַריבער די שוועל פון דער וווינונג און אַנשטאָט אַ גוט־מאָרגן, אים גלייך געפרעגט:

— ס'איז אמת, ווי מען האָט עס מיר איבערגעגעבן, אַז איר זענט געטויפט ?

— ס'איז אמת — האָט זאַדקין שטיל באַשטעטיקט.

י. אָפּאַטאָשו האָט געלאָזט דעם קינסטלער ביי דער אָפענער טיר און אַוועק, נישט אַרויסרעדנדיק צו אים מער קיין איינציק וואָרט.

ליידער האָט אָסיפּ זאַדקין נישט נאָר אַלץ איבערגעריסן מיט זיין פאָלק, נאָר ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען, האָט ער אויך געמאַכט אַ באַשטימטן

---

7) קומענדיק צוריק קיין פּאַריז, האָט אָסיפּ זאַדקין געטראָפן זיין וווינונג ווי פיל יידישע וווינונגען בכלל, פאַרנומען דורך אַן אַנדערן לאָקאַטאָר און זיך געמוזט באַמיען, אויף זי צוריק באַקומען, אַ זאַך וואָס איז אים נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען.

זשעסט מיט וועלכן ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין די רייען פון די שונאי־ישראל און שונאי־ציון:

דאָס איז געווען סוף חודש יולי 1967. גלייך נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה האָבן יידישע אָרגאַניזאַציעס אין פּאַריז איינגעאָרדנט אַ גרויסן אויספאַרקויף פון געזאַמלטע קונסט־ווערק לטובת ישראל. אויף דער ווענדונג צו אָסיפּ זאַדקינען ער זאָל שענקען עפּעס פון זיינע ווערק לטובת דעם אויספאַרקויף, האָט דער קינסטלער זיך אָפּגעזאָגט עס צו טאָן. אָבער אייניקע וואָכן שפּעטער איז אין פּאַריז פאָרגעקומען אַזאַ ענלעכער אויספאַרקויף פון געזאַמלטע קונסט־ווערק, איינגעאָרדנט דורך די אַראַבער. דאָ האָט א. זאַדקין זיך יאָ באַטייליקט מיט זיינס אַ מתנה לטובת די פּאַלעסטינעזער.

אָסיפּ זאַדקין האָט באַקומען מערערע אויסצייכענונגען און אין יאָר 1960 האָט ער אויך באַקומען די סאַמע העכסטע „פראַנצויזיש־נאַציאָנאַלע אויסצייכענונג פאַר קונסט".

וועגן דעם פריער דערמאָנטן מאָנומענט, וואָס אָסיפּ זאַדקין האָט געשאַפן, געווידמעט דער „פאַרניכטעטער שטאָט" ראָטערדאַם, האָט דער סקולפּטאָר זיך אויסגעדריקט: „ס'איז אַ שוידער־אויסגעשריי פון דער אוממענטשלעכער גרויזאַמקייט, וואָס די האַנדלונג פון די תלינים האָט אַרויסגערופן און וואָס איז געשאַפן געוואָרן כדי זייערע ברידער, וואָס האָבן עס נישט געטאָן, זאָלן דערפאַר אָפּקומען און עס זאָל זיין אַ לעקציע אויף דער צוקונפט".

אַזוי האָט זיך אויסגעדריקט דער סקולפּטאָר אָסיפּ זאַדקין וועגן מאָנומענט וועלכן ער האָט געשאַפן, געווידמעט די דרייסיק טויזנט ראָטערדאַמער קרבנות פון נאַצישן איבערפאַל. אָבער די זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע יידן, פאַרגאַזטע, דערמאָרדעטע מענער, פרויען און צווישן זיי, אַריבער אַ מיליאָן יידישע קינדער, זיי האָט דער סקולפּטאָר נישט געווידמעט קיין איינציק ווערק.

דאָס פאַרלייקענען זיין יידישקייט ביז צום פּראָבירן אויסבאַהאַלטן אפילו דעם נאָמען פון זיין געבורט־אָרט וויטעבסק, זיין טויפונג און לסוף זיין שטעלן זיך אויף דער זייט פון די ישראל־שונאים, איז אַ ביז גאָר טראַגיש בלעטל פון אַ ריי יידישע מענטשן, אין רעזולטאַט פון טראַגיש־יידישן גורל און פון אונזער צעוואָרפנקייט, צווישן די פעלקער 8).

---

8) טראָץ אָסיפּ זאַדקינס טויפונג און זיין שטעלן זיך אויף דער זייט פון אונדזער־ע שונאים, האָט עס נישט אָפּגעהאַלטן „פאַראַנטוואָרטלעכע" יידישע טוער פון ירושלים, פון אָפּגעבן דעם סקולפּטאָר כבוד, דורך דערלאָזן דאָס אַוועקשטעלן פון אייניקע סקולפּטורן פון דעם משומד אויף עפנטלעכע פּלעצער אין ירושלים גופא...

**גיסטאַוו לואי בינגער :**

אין דער 9־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון אַן עלזאַסער ייד, גיס־טאוו־לואי בינגער, געבוירן אין שטראַסבורג אין יאָר 1856 און געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1936.

גיסטאַוו־לואי בינגער איז געווען אַ פראַנצויזישער אינפאַנטעריע־ און פלאָט־אָפיציר, וואָס האָט אויסגענוצט זיין געפינען זיך אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס אין אַפריקע, אויף אַדורכצופירן ערשטראַנגיקע טאָפּאָגראַפישע און שפּראַכלעכע אויספאָרשונגען פון פאַרשידענע טיילן פון קאָנטינענט. ער האָט אויך אָנגעפירט מיט מערערע וויסנשאַפטלעכע מיסיעס אין סענעגאַל און אין סודאַן. אַ געוויסע צייט איז ער אויך געווען דער גוווערנער פון העלפאַנט־ביין־ברעג.

בינגער איז געווען דער ערשטער אייראָפּייער, וואָס איז אַרויסגעקומען מיט אַ ריי ווערק וועגן קאָנגאָ, אַן אויספאָרשונג וואָס איז פּרעמירט געוואָרן דורך דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע.

גוסטאַוו־לואי בינגער איז אַ מחבר פון אַ ריי פילאָסאָפישע ווערק. אויף זיין קבר זעען מיר אַ מעדאַליאָן פון פאָרשער, געשאַפן פון סקולפטאָר נחום אַראָנזאָן.

**אייזשען זאַק :**

אין דער עלפטער דיוויזיע, געפינט זיך דאָס קבר פון מאָלער אייזשען זאַק, געבוירן דעם 15־טן דעצעמבער 1884 אין מאָלגינאָ (רוסלאַנד), ביי פּויליש־יידישע עלטערן.

אין 1892, נאָכן טויט פון זיין פאָטער, אַן אינזשעניר, פאַרלאָזט די אלמנה זאַק רוסלאַנד און קומט מיט איר אַכט־יאָריקן זון צוריק קיין פּוילן און באַזעצט זיך דעפיניטיוו אין וואַרשע.

אין עלטער פון זעכצן יאָר געפינט זיך שוין אייזשען זאַק אין פּאַריז, וווּ ער הייבט אָן שטודירן מאָלעריי. ער רייזט און שטודירט אויך אין רוים, אין פלאָ־רענץ און דערנאָך אויך אין דייטשלאַנד, אין מינכען.

ער שטעלט אויס צום ערשטן מאָל אין יאָר 1904 אין פּאַריז און הייבט אָן ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיינע לייוונטן, וואָס זענען באַווירקט פון מאָדערניזם און קלאַסיציזם.

אין יאָר 1913 האָט אייזשען זאַק חתונה מיט יאַדוויגאַ קאָן. ס׳קומט אַ קינד, אַן איינציקער זון, יאַנעק.

נאָך דעם ווי די ווערק פון מאָלער הייבן אָן ווערן געקויפט דורך באַרימטע קונסט־ליבהאָבער און קאָלעקציאָנערן, געשעט דעם 15־טן יאַנואַר 1926 דאָס פּאַ־טאַלע : ער שטאַרבט פּלוצעם פון אַ האַרץ־אַטאַק אין עלטער פון 42 יאָר.

לאַנגע יאָרן האָט אין לאַטײנישן קוואַרטאַל, אין דער רי דע ל׳אַבאַי, עקסיס־טירט אַ קונסט־גאַלעריע א. נ. „גאַלערי זאַק״, אָנגעפירט דורך דער אלמנה פון מאַלער, יאַדוויגאַ זאַק.

אין די טעג ווען די נאַציס האָבן אָנגעהויבן זייערע איבערפאַלן אויף יידן, ווערט אויך יאַדוויגאַ זאַק און איר זון יאַנעק אַרעסטירט און דעפּאָרטירט.

אייזשען זאַק איז געווען געטויפט. ווען דאָס איז געשען, איז נישט קלאָר. מעגלעך אַז ער איז געטויפט געוואָרן דורך זיינע עלטערן און מיר דאַרפן נישט צווייפלען, אַז אויך די אלמנה יאַדוויגאַ און איר זון יאַנעק זענען געווען געטויפט. אָבער דאָס האָט זיי נישט אָפּגעראַטעוועט פון דעפּאָרטאַציע און אומקום.

אויפן קבר פון אייזשען זאַק, זעען מיר דעם ביוסט פון מאָלער, וואָס איז געפורעמט פון באַרימטן פראַנצויזישן קינסטלער שאַרל דעספּיע.

## סען סאַנס:

אין דער 13־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון מוזיקער סען סאַנס, איינעם פון די סאַמע באַדייטנדיקסטע פראַנצויזישע קאָמפּאָזיטאָרן.

דאָס קבר ציט צו פיל באַזוכער פון בית־עולם, אָבער ווייניק, זייער ווייניק, ווייסן, אַז דער קאָמפּאָזיטאָר וואָס טראָגט אַזאַ נישט־יידישן נאָמען, איז אַ קינד פון אַ יידישער מוטער.

סען סאַנס איז געבוירן אין פּאַריז אין יאָר 1835 און געשטאָרבן אין יאָר 1921.

אַ געוועזענער שילער פון קאָמפּאָזיטאָר האַלעווי, האָט סען סאַנס שוין אין די פריע קינדער־יאָרן אָנגעהויבן אַרויסצוּווייזן זיינע ממש אומגעוויינטלעכע מוזיקאַלישע און קאָמפּאָזיטאָרישע פעאיקייטן; צו צען יאָר, איז ער שוין אויפגע־טרעטן אין פּאַריז מיט זיין ערשטן עפנטלעכן פּיאַנאָ־קאָנצערט און צו 16 יאָר, האָט מען שוין אין פּאַריז אויסגעפירט זיין ערשטע סימפּאָניע.

דערצויגן אין אַ קריסטלעך־רעליגיעזער אַטמאָספערע, ווערט ער אין יאָר 1853, אין עלטער פון 18 יאָר, דער אָרגאַניסט פון דער פּאַריזער סען־מאַרי קירכע און אייניקע יאָר שפּעטער, ווערט ער, אויף לאַנגע יאָרן, דער אָרגאַניסט פון דער קירכע לאַ מאַדלען.

סען סאַנס איז דער מחבר פון מערערע וועלט־באַרימטע מוזיקאַלישע קאָמ־פּאָזיציעס, דערונטער אויך פון „מאַקאַברישן טאַנץ״ און פון אַ ריי באַלעטן, דערונ־טער אויך פון „טויט פון שוואַן״. ער איז דער קאָמפּאָזיטאָר פון אַ ריי סימפּאָניעס, אָראַטאָריעס („רעקוויעם״) און אָפּערעס און צווישן זיי, איז זייער באַרימט זיין „שמשון און דלילה״, געשאַפן אין יאָר 1887.

סען סאַנס איז לאַנגע יאָרן געווען פּראָפעסאָר פון רעליגיעזער מוזיק און

אויך מוזיק־קריטיקער און מחבר פון אַ ריי פילאָסאָפישע אַרבעטן. ער ווערט באַ־טראַכט ווי איינער פון די סאַמע פיינסטע און עכטע פראַנצויזישע קאָמפּאָזיטאָרן, וועמענס ווערק „עטעמען מיט ריינקייט און עלעגאַנץ״, שרייבט וועגן אים אַ גרויסע פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיע.

**חיים סוטין:**

אין דער פופצנטער דיוויזיע, געפינט זיך דאָס קבר פון באַרימטן יידישן מאָלער חיים סוטין, געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1943. אין יאָר 1960 האָט מען אין דעם זעלבן קבר, קובר געווען די קריסטלעכע פרוי מאַרי־בערט אָראַנש און דאַן, האָט איבער דעם יידישן קבר זיך באַוויזן אַ צלם. אַ ווייטיקלעכער פאַל, וואָס פלעגט אין די ערשטע יאָרן פון זיין באַוויזן זיין, פיל מאָל באַרירט ווערן אין דער יידישער פּרעסע, מכוח אַ סוף מאַכן דערצו.

וועגן דאָזיקן פאַרדריסלעכן ענין איז פיל געשריבן געוואָרן. ס׳פלעגן זיך אויך באַווייזן ידיעות אין די יידישע צייטונגען, אַז מען פאַרנעמט זיך מיט דעם פאַל און אַז אָט־אָט, וועט חיים סוטין אַרויסגענומען ווערן פון אונטער דעם צלם. איינציקע מאָל איז דער שרייבער פון די שורות, וואָס איז געווען דער ערשטער אויף צו אַלאַרמירן וועגן צלם אויף סוטינס קבר, אַרויסגעקומען מיט אָפּהאַנדלונגען, אין וועלכע ער האָט אינפאָרמירט וועגן די דורך אים געפירטע אונטערהאַנדלונגען מיט די באַלעבאַטים פון קבר, דעם הער אָראַנש און זיין זון, מכוח אַריבערפירן דאָס איבערבלייבעניש פון מאָלער אין אַן אַנדער קבר, אָן אונטערהאַנדלונג וואָס האָט זיך אָבער נישט רעאַליזירט, ווייל די באַלעבאַטים פון קבר האָבן באַשלאָסן צו לאָזן די זאַך אַזוי ווי זי איז און חיים סוטין רוט אין אַ קבר אונטער אַ צלם.

ווי אַזוי איז געקומען דערצו, אַז דער קינסטלער חיים סוטין, זאָל נאָך זיין טויט, זיך געפונען אין דעם קבר, אונטער אַ צלם?

חיים סוטין האָט געליטן פון אַ זייער שווערער מאָגן־קראַנקהייט, אַ רעזול־טאַט פון מיסברויכן אין זיינע יונגע הונגער־יאָרן מיט אַלקאָהאָל און ער איז גע־שטאָרבן נאָך אַן אָפּעראַציע אין אַ פּאַריזער קליניק, ווּהין מען האָט אים געברענגט אויף דער גיך, אָבער מען האָט אים שוין נישט געקענט אָפּעראַטעווען.

נאָך אין יאָר 1938 האָבן דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן, וואָס האָבן אים באַ־האַנדלט, איבערגעגעבן אַ גאָר נאָענטן מענטשן וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן קינסטלער, אַז ער וועט מאַקסימום לעבן נאָך פינף יאָר. דער פאַטאַלער אַטאַק איז טאַקע געקומען אין חודש אויגוסט 1943 אין די טעג ווען דער קינסטלער האָט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די דייטשן, אין שטעטל שאַמפּיני־סיר־ווער, ביי אַ 200 קילאָמעטער פון פּאַריז.

דאָ דאַרף דערציילט ווערן, אַז די לעצטע דריי יאָר פון זיין לעבן, איז חיים סוטין געווען פאַרבונדן מיט אַ פראַנצויזיש־קריסטלעכער פרוי, אַ געוויסע מאַרי־בערט אָראַנש. דאָס צוזאַמענלעבן פון דעם פּאָרל איז ווייט נישט געווען געראָטן; אַ שיינע אָבער ביז גאָר אָפּגעלאָזטע פרוי, מיט שווערע קאַפּריזן, פלעגן צווישן זיי אָפּט אויסברעכן שטרייטן צוליב געלט, בעת וועלכע זי פלעגט אים אַמאָל אויך צווואַרפן דאָס זידל־וואָרט „שמוציקער ייד״, אַ זאַך וואָס חיים סוטין איז אין יענע טעג פון אויסבאַהאַלטן זיך, צוליב די יידן־פאַרפאָלגונגען און שווערער קראַנקהייט וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרערגערן, געווען געצווונגען אַראָפּצושלינגען.

חיים סוטין איז געווען אַן איינזאַמער מענטש, אָן וועלכע ס׳איז קרובים און אַז ס׳איז אין יאָר 1943 געשען דער טויט־פאַל, איז עס געווען די פרוי מאַרי־בערט אָראַנש מיט וועמען ער האָט געלעבט ווי מאַן און ווייב, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט זיין לוויה, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ פּראָוויזאָריש קבר, אין דער אָנוועזנהייט, צוליב די אָקופּאַציע־באַדינגונגען, פון נאָר איינצלנע פריינט.

נאָך דער מלחמה, האָט די פרוי מאַרי־בערט אָראַנש געקויפט אַ שטענדיקע קרקע אויפן זעלבן רייכן בית עולם מאָנפּאַרנאַס און דאָס איבערבלייבעניש פון סוטינען איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין דעם דאָזיקן קבר, ווו עס געפינט זיך ביז היינט צו טאָג.

און לאַנגע יאָרן האָט זיך אויף דעם קבר פון מאָלער געפונען אַ קליינע, באַשיידענע אויפשריפט: „חיים סוטין, 1943 — 1893״.

אָבער אין יאָר 1960 איז געשטאָרבן די פרוי מאַרי־בערט אָראַנש, האָט מען זי קובר געווען אין זעלבן קבר און דאַן האָט זיך באַוויזן דער צלם, וואָס איז געשטעלט געוואָרן דורך דעם פאָטער פון דער געשטאָרבענער און איר ברודער, וואָס זענען, נאָכן טויט פון דער דאָזיקער פרוי, וואָס האָט נישט געהאַט קיין קינדער, געוואָרן די באַלעבאַטים פון דעם קבר.

ווי שוין דערציילט, איז חיים סוטין געווען אַן איינזאַמער מענטש, אָן וועלכע ס׳איז קרובים (ממילא אָן יורשים) און טראַץ דעם, וואָס ער האָט ערב דער מלחמה און בעת דער מלחמה געליטן אַלץ מערער און שווערער אויף זיין מאָגן־קראַנקהייט (און אַז מען האָט אין יאָר 1938 פעסטגעשטעלט, אַז ער האָט מאַקסימום נאָר פינף יאָר לעבן, ווען דעם האָט מען פאַרשטייט זיך, סוטינען נישט דערציילט), איז דעם קינסטלער — שוין צוליב זיינע יונגע יאָרן — נישט איינגעפאַלן, צו טראַכטן וועגן שרייבן אַ צוואה; וויפל מענטשן און נאָך יונגע דערצו, טוען אַזאַ זאַך? און ווי האָט עס גאָר דעם יונגן מענטשן געקענט איינפאַלן אַזאַ מאָדנע געשיכטע, וועגן זיך געפינען נאָכן טויט, אונטער אַ צלם?

אוודאי האָט דאָס באַוויזן זיך פון צלם אויפגערודערט די יידישע געזעל־

שאַפּט; ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פֿאַרשידענע צייטונגס־ידיעות, וואָס האָבן אינפֿאָרמירט, אַז גאָר בקרוב וועט דאָס אַש פֿון ח. סוטינען אַריבערגעפֿירט ווערן אין אַן אַנדער קבר; אַז מען פֿאַרנעמט זיך מיט דעם דאָזיקן ענין; אַלץ ידיעות, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט פֿון וואַנען זיי האָבן זיך גענומען און וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות מיטן אמת.

און ווי שוין דערציילט, האָט דער שרייבער פֿון די שורות אונטערגעהאַנדלט מיטן מיסיע אָראַנש אין נאָמען פֿון אַ גרויסער יידישער אָרגאַניזאַציע, וועגן איבערפֿירן די רעשטן פֿון קינסטלער אין אַן אַנדער קבר און אין אַ געוויסן מאָמענט, האָט מען געגלייבט אַז די זאַך וועט ווערן רעאַליזירט, אָבער ס׳איז דערפֿון גאָרנישט געוואָרן; מיסיע אָראַנש און זיין זון האָבן באַשלאָסן צו לאָזן די זאַך אַזוי ווי זי איז, נישט אַרויסצוגעבן דאָס אַש פֿון סוטינען, דערקלערנדיק דעם שרייבער פֿון די שורות אַז: „מיר ווילן נישט צעשיידן די קינדער״, אָבער גאַנץ וואַרשיינלעך איז אַזוי געשען צוליב צוויי סיבות: די ערשטע סיבה פֿון אָפּזאָג, איז געשען צוליבן וועלן האָבן אין זייער פֿאַמיליע־קבר אַזאַ באַרימטן נאָמען, ווי ס׳איז דער קינסטלער חיים סוטין, ווייל פֿיל באַזוכער קומען אויך צום קבר פֿון מאָלער און דאַן לייענט מען אויך דעם נאָמען פֿון זייער טאָכטער און מען רעדט אפֿשר אויך פֿון דער משפּחה אָראַנש, וואָס האָט... אָפּגעגעבן אין זייער פֿאַמיליע־קבר, אַ פּלאַץ פֿאַר אַ באַרימטן קינסטלער.

די צווייטע, די סאַמע עיקרדיקסטע סיבה פֿון אָפּזאָג אַרויסצוגעבן דאָס איבערבלייבעניש פֿון מאָלער, איז ערשט לעצטנס, אויף אַ גאָר אומגעריכטן אופֿן, געוואָרן קלאָר, אַ סיבה וואָס איז שוין ווייט נישט קיין פּשוטע, און האָט זיך גענומען פֿון אַ געוויסער מורא, אַז ביים אַדורכפֿירן די באַשטימטע פֿאָרמאַליטעטן, קען אַמאָל אַרויסשווימען אַן ענין וואָס קען זיין פֿאַטאַל פֿאַר די באַזיצער פֿון דער קרקע, דעם פֿאָטער און זון. זיי האָבן פֿון געזעצלעכן שטאַנדפּונקט, קיין שום רעכט נישט אויף דעם דאָזיקן קבר, וואָס איז געקויפֿט געוואָרן, ווי מיר ווייסן עס איצט, פֿאַר געלט־מיטלען, מיט וועלכע קיינער, קיינער, האָט נאָך דעם קינסטלערס טויט, נישט געהאַט קיין רעכט זיך צו באַנוצן און ווי עס האָט עס, אויף אַ נישט־געזעצלעכן אופֿן, געטאָן די פֿרוי מאַרי־בערט אָראַנש און ס׳איז דעריבער פֿול־שטענדיק פֿאַלש די געשיכטע, אַז דער קינסטלער סוטין רוט אין אַ קבר פֿון דער פֿאַמיליע אָראַנש. דאָס האָט די פֿאַמיליע אָראַנש, אין רעזולטאַט פֿון „ירושה״ זיך צוגעאייגנט חיים סוטינס פֿאַרמעגן, וואָרעם דאָס קבר איז געקויפֿן געוואָרן, אויך דאָס איז וויכטיק צו דערציילן, נאָר פֿאַר אַ טייל פֿון סוטינס יידיש געלט און די מורא אַז עס זאָל נישט אַרויסשווימען די אומגעזעצלעכע האַנדלונג, האָט גאַנץ

וואַרשיינלעך גורם געווען, דאָס אָפּזאָגן זיך פון אַרויסגעבן דאָס איבערבלייבעניש פון מאָלער.

ס'איז אַ שטוינענדיק מערקווערדיקע געשיכטע, וואָס ווערט קלאָר, לייענענ־דיק און באַקענענדיק זיך מיטן בוך „מיינע יאָרן מיט חיים סוטינען", דערציילט דורך דער דייטש־יידישער פרוי גערדאַ מיכאָעלס, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1973, דרייסיק יאָר נאָך חיים סוטינס טויט.

פונקט ווי די פרוי מאַרי־בערט אָראַנש, וואָס האָט געלעבט ווי מאַן און ווייב מיט ח. סוטינען, די לעצטע דריי יאָר פון זיין לעבן, אַזוי האָט אויך די פרוי גערדאַ מיכאָעלס געלעבט מיט סוטינען קרוב דריי יאָר פריער ; אַ צוזאַמענלעבן וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1938 און וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן אין חודש מאַי 1940, ווען זי איז אין די מלחמה־טעג, אינטערנירט געוואָרן אַלס דייטשע ביר־גערין אין פראַנצויזישן לאַגער גירס.

די פרוי גערדאַ מיכאָעלס האָט זיך סוף כל סוף געלאָזט באַווירקן פון פיל מענטשן, וואָס האָבן אַן אינטערעס פאַרן לעבן און שאַפונגס־וועג פון חיים סוטינען און אַרויסגעקומען אַזוי פיל יאָרן נאָך דעם מאָלערס טויט, מיט איר זכרונות־בוך, אין וועלכן מיר טרעפן אַזוי אומגעריכט די שורות : „מאַרי־בערט האָט פאַרנוצט אַ טייל פון די געלטער וואָס עס האָבן איר אַריינגעברענגט דער פאַרקויף פון סו־טינס בילדער, אויף קויפן אַ שטענדיק קבר אויפן בית עולם מאָנפּאַרנאַס, וווּ מען האָט קובר געווען דעם מאָלער" (זייט 143).

די דאָזיקע אַזוי אומשולדיקע שורות פון דער יידישער פרוי גערדאַ מי־כאָעלס, קלערן אויף די שטוינענדיקע געשיכטע, ווי אַזוי די פאַמיליע אָראַנש האָט דורך דער פאַרבינדונג פון זייער טאָכטער מיט חיים סוטינען, זיך צוגע־אייגנט דאָס איבערגעבליבענע אייגנטום פון קינסטלער, וואָס אַ טייל איז פאַר־ווענדעט געוואָרן אויף איינשאַפן דאָס קבר אין וועלכן חיים סוטין רוט אונטער אַ צלם, געשטעלט דורך דער פאַמיליע אָראַנש, א צלם פון וועלכן זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט, צו באַפרייען סוטינען, דורכן אַרויסגעבן זיין אַש און וואָס איז גאַנץ וואַרשיינלעך אַזוי געטאָן געוואָרן, כדי נישט אויפוועקן די געשיכטע פון זיין די אומגעזעצלעכע יורשים פון חיים סוטינס פאַרמעגן.

***

חיים סוטין איז געבוירן אין ווייסרוסישן שטעטל סמילאָוויטש. ער קומט קיין פּאַריז אין עלטער פון 19 יאָר און מאַכט דאָ אַדורך אַ גרויסע נויט. אַ קינסטלער פון אַן אייגנאַרטיקן וועג, איז זיין מאָלעריי לאַנג, לאַנג, נישט פאַרשטאַנען געוואָרן.

צוליב נויט, האָט זיך ח. סוטין אַ צייט לאַנג אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק וועגן זעלבסטמאָרד. אייניקע יאָר פאַר דער מלחמה 1939 ווערן זיינע ווערק באַמערקט דורכן אַמעריקאַנער קאָלעקציאָנער ד״ר באַרנעס, וואָס קויפט אָפּ אַלע זיינע ביל־דער, אייניקע צענדליק ווערק אין דער גאַלעריע לעאָפּאָלד זבאָראָווסקי. דער מאָ־לער ווערט ממש איבער נאַכט, באַרימט.

## קאַטיל מענדעס:

אין דער 19־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון פראַנצויזישן שרייבער קאַטיל מענדעס. אַ מחבר פון מערערע ווערק און טראָץ דעם וואָס ער האָט גע־שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור פון לעצטן פערטל פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט ווי אַ דיכטער, דערציילער, דראַמאַטורג און וואָ־גיקער ליטעראַטור־קריטיקער, איז ער היינט צו טאָג, כמעט ווי פאַרגעסן און וואָס אַנבעלאַנגט דעם יידיש־לייענער, איז ער אים אינגאַנצן אומבאַקאַנט.

קאַטיל מענדעס איז געווען אַן אָריגינעלער פּאַרנאַס־קינסטלער. אַ לאַנגע צייט האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל א. נ. „רעווי פאַנטאַסטיק" און אין זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן, געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער שרייבערישער און לייע־נער־וועלט.

געבוירן אין יאָר 1841 אין באָרדאָ, אין אַ דאָרט גוט באַקאַנטער יידישער משפּחה, ווערט קאַטיל מענדעס דורך פיל פּערזענלעכקייטן פון זיין צייט, באַ־טראַכט אַלס געטויפטער ייד.

האָט ער זיך טאַקע געשמדט?

דאַרף זשע דאָ דערציילט ווערן, אַז אַלס קינד, אין דער עלטער פון 3־4 יאָר, ווען ער איז אַ טאָג, געפירט געוואָרן דורך דעם קריסטלעכן דינסט־מיידל איבער אַ גאַס אין באָרדאָ און זיך געפונען נעבן אַ וואַסער־פאָנטאַן, איז צו אים צוגעקו־מען אַ גלח, אים באַשפּריצט מיט וואַסער און דערקלערט:

— פון איצט אָן ביסטו אַ קריסט!

אין יענע יאָרן איז עס געווען אַ געשעעניש, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט טרעפן מיט יידישע קינדער. די רעליגיע איז דאַן אויך געווען פאַרצייכנט אין די פּערזענלעכע דאָקומענטן און די קירכע האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דאָס געטויפטע קינד, דער שפּעטערדיקער שרייבער קאַטיל מענדעס, זאָל אין זיינע דאָקומענטן פיגורירן אַלס קריסט.

עלטער ווערנדיק, האָט דער שרייבער, כאָטש אַ פראַנצויזיש־אַסימילירטער ייד, חוזק געמאַכט, אויסגעלאַכט די דאָזיקע גלחישע האַנדלונג און ביי געלעגנ־

הייטן אויך פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ נשמה־כאַפּעריי. ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַטראַכט פאַר אַ קריסט.

געשטאָרבן איז קאַטיל מענדעס אין יאָר 1909, אין עלטער פון 68 יאָר, אויף אַ זייער טראַגישן אופן: אַ געוויסן אָוונט איז ער געפאָרן אין צוג אויף עפּעס אַ חשובן צונויפקום, אַנגעטאָן אין אַ פראַק און צילינדער און ווען די באַן איז אַדורכגעפאָרן אַ טונעל, ביי סען־זשערמען ען־לע, איז ער אויף אַן אומפאַר־שטענדלעכן אופן, אַרויסגעפאַלן פון וואַגאָן און צעשניטן געוואָרן אויף שטיקלעך.

די שרייבעריש־אָריגינעלע אידעען־וועלט פון קאַטיל מענדעס איז געווען ביז גאָר רייך און נישט קיין אַנדערער ווי ד״ר טעאָדאָר הערצל, האָט זיך באַנוצט מיט זיינס אַ סיוזשעט „טאַבאַראַן״ (אַ פּערסאָנאַזש פון 17־טן י.ה.), אויף צו שאַפן דערפון אַ טעאַטער־ווערק; צוערשט אַלס איינאַקטער און שפּעטער אין אַ פּיעסע פון דריי אַקטן, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין ווין, דעם 2־טן מאַי 1895.

קאַטיל מענדעס האָט חתונה געהאַט מיט אַ נישט־יידישער פרוי, מיט אַ טאָכ־טער פון באַרימטן פראַנצויזישן שרייבער טעאָפיל גאָטיע, אָבער זיך מיט איר גיך צעשיידט, די פרוי זיינע רוט אין זעלבן קבר און דאָס איז אפשר געווען די סיבה, וואָס אויפן קבר פון שרייבער האָט זיך לאַנגע יאָרן געפונען אַ גרויסער צלם, וואָס איז אָבער צווישן די יאָרן 1960 — 1965 אַראָפּגענומען געוואָרן, פאַר־שוווּנדן...

און מיר האָבן אַ רעכט צו פרעגן: ווער האָט עס געזאָרגט דערפאַר, אַז דער צלם זאָל אַראָפּגענומען ווערן פון קבר?

אויפן קבר זעען מיר אויך אַ פיינעם ביוסט פון שרייבער וואָס איז דאָ אַוועק־געשטעלט געוואָרן דורך זיינע פאַרערער.

זינט 1926 איז אין פאַריז פאַראַן אַ גאַס (אין 17־טן אַראָנדיסמענט) וואָס טראָגט דעם נאָמען פון שרייבער.

## זכריה אַסטריק:

אין דער 22־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון פילזייטיקן קינסטלער זכריה אַסטריק, געבוירן אין יאָר 1835 אין אַנושע און געשטאָרבן אין פאַריז, אין יאָר 1907.

זכריה אַסטריק איז געווען אַ דיכטער, אַ מאָלער און אַן אָריגינעלער סקולפּ־טאָר, וועמענס ווערק עס געפינען זיך אין פיל שטעט אין פראַנקרייך און אויך אין אויסלאַנד. ער איז אויך געווען אַ מחבר פון אַ ריי נאָוועלן און פון קונסט־היסטאָ־רישע אָפּהאַנדלונגען און געהערט צו די סאַמע כמעט לעצטע קינסטלער־ראָמאַנ־

טיקער. זכריה אַסטריק האָט זיך אויך געמאַכט אַן אָנגעזעענעם נאָמען מיט זיינע אָפּהאַנדלונגען געשריבן אין שפּאַניש 9).

בערנאַרד לאַזאַר:

אין דער 25־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון שרייבער בערנאַרד לאַזאַר.

געבוירן אין נים אין יאָר 1865 און געשטאָרבן אין פּאַריז, אין יאָר 1903. טראָץ זיין קורץ לעבן, איז זיין נאָמען איינגעשריבן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון פראַנצויזישן יידנטום פון סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

אַ קינד פון אַן אַלטער יידיש־פראַנצויזישער היים (זיין פאַקטישער נאָמען איז געווען לאַזאַר בערנאַרד), רייסט ער יונג איבער זיינע אוניווערסיטעט־שטודיעס און ווידמעט זיך אין עלטער פון 23 יאָר דער שרייבעריש־דיכטערישער שאַפונג.

אין יענע טעג איז אין פראַנקרייך געווען אַ ביז גאָר שטאַרקע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג וואָס האָט אויך באַווירקט דעם יונגן אַסימילירטן שרייבער און ער הייבט אָן אַרויסקומען, אַ חוץ מיט זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן, אויך מיט אָפּ־האַנדלונגען קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

אָבער טראָץ זיין אַסימילירטקייט, אינטערעסירט אים אויך ביז גאָר די יידישע וועלט און די יידישע פּראָבלעמען. ער גלייבט, אַז די רעליגיע האָט נישט מער קיין ממשות אין דער נייער, מאָדערנער וועלט און ווי פיל אַנדערע, גלייבט ער אויך, אַז די יידן גופא... זענען שולדיק אין אַנטיסעמיטיזם צוליבן אויפהאַלטן מיט עקשנות זייער יידישקייט און דאָס נישט וועלן זיך אַסימילירן.

אין יאָר 1895 קומט ער אַרויס מיט אַ ווערק א. נ. „דער אַנטיסעמיטיזם, זיין געשיכטע און זיינע סיבות". אַ ווערק אין וועלכן ער ברענגט אַרויס פיל פאָרוווּרפן אויף דער רעליגיעזער איינגעשפּאַרטקייט און קאַפּיטאַליסטישע טענ־דענצן פון יידנטום, אַן אַרבעט וואָס האָט אַרויסגערופן אַ געוויסע צופרידנקייט אין דער אַנטיסעמיטישער און אַ קעגנערשאַפט אין דער יידישער וועלט. ס'איז געווען אַן אַרויסקום וואָס האָט גלייכצייטיק אָבער אויך באַשטעטיקט, דאס טראָץ בערנאַרד לאַזארס אייגענער פּאַרפירטקייט, לאָזן אים די יידישע פּראָבלעמען נישט צו רו.

אָבער אין זעלבן יאָר, ווען בערנאַרד לאַזאַר איז אַרויסגעקומען מיט זיין געשיכטע וועגן אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך ביז גאָר געטומלט אין פראַנקרייך, אַרום דעם אַרעסט פון יידישן אָפיציר אַלפרעד דרייפוס, אַרום זיין פּראָצעס און פאַראור־

9) זע אויך „יידן אין פּאַריז", זייט 101, ערשט בוך.

טיילונג און פון אַ געוואַלדיקן אויפשטייג פון אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד. געשעענישן, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט דעם יונגן אַסימילירטן קעמפּער.

און פּונקט ווי די געשעענישן פון דרייפוס־פּראָצעס האָבן צוריקגעברענגט און דערפירט דעם אַסימילירטן ד״ר טעאָדאָר הערצל צום יידנטום, אַזוי געשעט עס אויך מיטן אַנאַרכיסטיש־געשטימטן בערנאַרד לאַזאַר, וואָס טרעט אַריין מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין קאַמף קעגן דעם הפקר־מצב פון זיין פאָלק און ער איז איינער פון די סאַמע ערשטע יידן אין פראַנקרייך וואָס האָבן זיך געשטעלט צום קאַמף פאַר אַן אייגן יידיש לאַנד, אָבער פאַר אַ סאָציאַליסטישן ציוניזם.

און בערנאַרד לאַזאַר איז עס אויך געווען דער סאַמע ערשטער, וואָס איז דעם 6־טן נאָוועמבער 1896 אַרויסגעקומען מיט אַ בראָשורע א. ב. „דער אמת וועגן דער דרייפוס־אַפערע. אַ יורידישער טעות״, אין וועלכער ער האָט עפנטלעך דער־קלערט, אַז די באַשולדיקונג קעגן יידישן אָפיציר אַלפרעד דרייפוס איז געבויט אויף אַ ליגן.

דער גלויבן אין דרייפוס׳עס שולד און דער אַנטיסעמיטישער אויפברויז איז דאַן געווען אַזוי מעכטיק שטאַרק אין פראַנקרייך, אַז בערנאַרד לאַזאַר איז געווען געצוווּנגען צו לאָזן דרוקן זיין בראָשור וועגן דרייפוס׳עס אומשולד, אין אויסלאַנד, אין בריסל.

און דערשינען איז די בראָשורע מיט פיר טעג פאַרן באַווייזן זיך אין דער צייטונג „לע מאַטען״ די פאַקסימילע פון דער באַרימטער באָרדעראָ, וואָס איז גע־ווען די באַזע פאַר דער באַשולדיקונג און פאַראורטיילונג.

און מערקווערדיק, דעם קאַמף וואָס עס האָט דאַן געפירט בערנאַרד לאַזאַר פאַרן אמת, פירט ער טראָץ זיין אַנאַרכיזם, אין נאָמען פון יידישן כבוד, אַזוי, אַז אַפילו דער אַזוי באַרימטער אַנטיסעמיט דרימאָן, דרוקט אים אויס אַנערקענונג און באַוווּנדערונג.

די ווייטערדיקע צוויי בראָשורן זיינע, „ווי אַזוי מען פאַרמשפּט אַן אומשול־דיקן״ (1896) און „קעגן אַנטיסעמיטיזם״ (1897), אין וועלכע ער פאַרטיידיקט דרייפוסן, האָט ער שוין געדרוקט אין פּאַריז.

ס׳איז ווייט נישט אַזוי פּשוט צו דערציילן די גרויסע געשיכטלעכע ראָלע וועלכע עס האָט אין יענע טעג אויסגעפירט בערנאַרד לאַזאַר, וואָס האָט ווי שוין איבערגעגעבן, דער סאַמע ערשטער אויפגעהויבן דעם קאַמף קעגן דער פראַנ־צויזישער מיליטעריש־רעאַקציאָנערער און אַנטיסעמיטישער וועלט אין פראַנק־רייך. ער האָט זיך געשטעלט צום קאַמף פאַר דרייפוס׳עס אומשולד אַ סך פריער ווי פיל באַרימטע פערזענלעכקייטן וואָס האָבן ערשט שפּעטער זיך אָנגעשלאָסן אין קאַמף פאַר דער פאַרטיידיקונג פון אומשולדיק פאַרמשפּטן.

דער אויפגעוואַכטער יידישער באַוווסטזיין ביים אַנאַרכיסטישן שרייבער, האָט לסוף דערפירט דערצו, אַז בערנאַרד לאַזאַר זאָל שפּעטער זיך שוין באַטייליקן אַלס דעלעגאַט אין צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1898, אַן אָנטייל וואָס האָט דאַן אַרויסגערופן אַ שטוינונג, אַפילו אַ סענסאַציע, ווייל בערנאַרד לאַזאַר, טראָץ זיין אַרויפקומען אויף דעם ציוניסטישן וועג, האָט נישט איבערגעריסן מיט זיין אַנאַרכיזם, וואָס האָט ביי אים פּאַקטיש עוואָלואירט צום סאָציאַליסטישן ציוניזם.

קלישע נומער 17



בערנאַרד לאַזאַר.

ד״ר טעאָדאָר הערצל האָט דאַן פּערזענלעך, זייער וואַרעם באַגריסט דעם יונגן רעוואָלוציאָנערן קעמפער און אים איינגעלאַדן אין פּרעזידיום.

די וואַרעם־איינגעשטעלטע באַציאונגען צווישן ד״ר הערצל און בערנאַרד לאַזאַר האָבן אָבער נישט געקענט אָפּהאַלטן דעם לעצטן, פון אַרויסטרעטן קעגן הערצלס „בירגערלעכן״ וועג. דער רעוואָלוציאָנער בערנאַרד לאַזאַר האָט נישט

געקענט אַקצעפּטירן דאָס שאַפן פון דער „יידישער קאָלאָניאַלער באַנק". ער האָט נישט געקענט אַקצעפּטירן דעם „קאַפּיטאַליסטישן" דרך און ער האָט דאַן געשריבן צו הערצלען: „אייער רעגירונג וועט פון איצט אָן זיך רעפּרעזענטירן דורך אַן אייזערנער קאַסע. איך געהער נישט צו אַזאַ רעגירונג, נאָר איך סעפּאַריר מיך נישט פון פאָלק". און טראָץ בערנאַרד לאַזאַר׳ס איבעררייסן מיט דער ציוניסטיש־בורזשואַזער באַוועגונג און נישט קומען מער צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן, איז ער אָבער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַקטיוויטעט לטובת ארץ־ישראל. גלייכצייטיק האָט ער אויך געקעמפט מיט לייב און לעבן קעגן יעדן אומרעכט בכלל און ווען ער איז אומגעריכט געשטאָרבן, אין עלטער פון נאָר 39 יאָר, האָט דער באַרימטער פראַנצויזישער שרייבער שאַרל פּעגי, אין אַן אַרטיקל געווידמעט ב. לאַזאַרן, וועגן אים געשריבן: „ער איז געווען אַ העלד און פאַרמאָגט אַ גרויסן חלק פון הייליקייט".

בערנאַרד לאַזאַר איז געווען אַ מערקווערדיקע גייסטיק־העראָאישע פּערזענלעכקייט וואָס באַשיינט דאָס יידישע לעבן און די יידישע געשיכטע פון פראַנקרייך פאַר די לעצטע דריי צענדליק יאָר פון 19־טן יאָרהונדערט 10).



עדואַרד דע מאַקס:

אין דער 27־טער דיוויזיע, געפינט זיך דאָס קבר פון יידיש־פראַנצויזישן אַקטיאָר, דער טראַגיקער עדואַרד דע מאַקס, אַ שילער פון סאַראַ בערנהאַרד (געבוירן אין 1869, געשטאָרבן אין יאָר 1925).

גריגאָרי גרשוני:

אין דער 27־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון רוסיש־יידישן רעוואָלוציאָנער גריגאָרי גערשוני.

וואָס פאַר זכרונות דער נאָמען דערוועקט אין אונדז! וועגן וויפל איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען און אידעאישן העראָאיזם עס דערציילט דאָס אַזוי מענטשלעכע געזיכט פון דעם ביוסט, געשניצט פון מירמלשטיין, וואָס מיר זעען אויפן הויכן סאָקל איבערן קבר.

אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט דורכן וועג פון קולטור־אויפקלערונג, האָט גערשוני, אַ פאַרמאַצעווט פון זיין פּראָפעסיע, זיך לסוף אַנטוישט

10) אין דער שטאָט נים, ווו בערנאַרד לאַזאַר איז געבוירן, געפינט זיך אויך זיינס אַ מאָנומענט.

אין דער צוועקמעסיקייט פון זיינע אָנשטרענגונגען. ער קומט צום אויספיר, אַז די באַדינגונגען פון בילדונג ווי בכלל דאָס לעבן אונטערן צאַרישן רעזשים, געבן נישט קיין האָפענונגען אויף אַ ליכטיקערן מאָרגן און ער גייט אַריבער אין רע־וואָלוציאָנערן לאַגער, ווו ער איז גיך געוואָרן איינער פון די מעכטיקסטע פּערזענ־לעכקייטן אין דער רוסישער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי און אויך דער טעאָרעטיקער פון אָנווענדן טעראָר קעגן די צאַרישע תלינים.

מיט אַן אייזערנער ענערגיע אָרגאַניזירט ער טאַקע אַ טעראָריסטישע גרופּע, וואָס פירט אַדורך, אין די יאָרן 1901 — 1903 אַ ריי געלונגענע אַטענטאַטן אויף צאַרישע דינער און מיניסטאָרן, ביז ער ווערט לסוף אַרעסטירט.

בעת זיין פּראָצעס וואָס ציט צו די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנץ רוסלאַנד און אפילו אויך פון אויסלאַנד, שווימט אַרויס פאַר איטלעכן די זעלטן־עטישע פּערזענלעכקייט פון דעם מענטשן; זיינע רייד צו די ריכטער, אַז „מיר וועלן אייך קיינמאָל נישט מוחל זיין, נישט דאָס וואָס איר פאַרגיסט אונדזער בלוט, נאָר דאָס וואָס איר צווינגט אונדז, מיר זאָלן דאַרפן פאַרגיסן אייער בלוט״, מאַכן אַן אויסער־געוויינטלעכן רושם אויף די געשווירענע ריכטער און טראָץ דעם וואָס קיינער האָט אין יענע טעג נישט געצווייפלט, אַז גריגאָרי גערשוני וועט פאַרמשפּט ווערן צום טויט, איז אָבער דער איינדרוק פון זיין פּערזענלעכקייט און פון זיין אופן פון פאַרטיידיקן זיך, אַזוי מעכטיק, אַז ער מיידט אויס אַ טויט־אורטייל און ווערט פאַרמשפּט פאַרשיקט צו ווערן אויף קאַטאָרגע. עס געלינגט אים דערנאָך, אויף אַ סענסאַציאָנעלן אופן, צו אַנטלויפן, פאַרבאַהאַלטן אין אַ פאַס פון קרויט.

ער קומט קיין אויסלאַנד, ווו ער גייט ווייטער אָן מיט זיין רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויטעט. ער לייד אָבער פון ווונדן באַקומענע פון די קייטן וועלכע ער האָט געטראָגן אויף זיך אויף קאַטאָרגע און שטאַרבט דערפון אין פּאַריז, אין יאָר 1908 אין עלטער פון 38 יאָר.

זייענדיק פון אָנהייב קאָסמאָפּאָליטיש געשטימט און אויך שטאַרק אַריינגע־טאָן אין דער רוסישער קולטור, דערנענטערט ער זיך שפּעטער צום יידישן לעבן און בעת זיינס אַ באַגעגעניש אין פּאַריז מיטן שרייבער און קולטור־טוער ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, זאָגט צו אים גרשוני: „לאָמיר נאָר אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם, גיי איך אַריבער צו דיר און מיר וועלן אַרבעטן אין איינעם״.

ליידער איז עס אים נישט באַשערט געוואָרן.

גריגאָרי גערשוני איז געווען אַ זעלטן שיינע און הויך־עטישע פּערזענלעכ־קייט פון די רוסיש־העראָאישע רעוואָלוציאָנערע קאַמפן קעגן צאַריזם, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַנדרע סיטראָען:

אין דער 28־טער דיוויזיע, געפינען מיר דאָס קבר פון פראַנצויזיש־ייִדישן אינדוסטריעלער אַנדרע סיטראָען, געבוירן און געשטאָרבן אין פּאַריז, 1873 — 1935.

אַ זייער פּעאיקער אינזשעניר, האָט ער בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַוויזן אויפצוהייבן די פראַנצויזישע באַוואָפענונגס־אינדוסטריע צו דער מדרגה, וואָס האָט דערמעגלעכט פראַנקרייך, זיך צו קענען פאַרטיידיקן קעגן דער הויכער דייטשער קריגס־טעכניק.

נאָך דער מלחמה 1914 — 1918, האָט ער געשאַפן די גרויסע פראַנצויזישע אויטאָמאָבילן־אונטערנעמונג, וואָס טראָגט אויך זיין נאָמען און וועלכע איז וועלט־באַקאַנט.

זשאָזעף (יוסף) קעסעל:

אין דער 28־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון שרייבער און אַקאַדעמי־קער זשאָזעף קעסעל, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע רעפּאָרטאַזשן פון גאָר דער וועלט און איז געשטאָרבן דעם 23־טן יולי 1979 אין עלטער פון 81 יאָר.

זשאָזעף קעסעל איז געווען אַ קינד פון ייִדיש־רוסישע עלטערן, וואָס האָבן סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע, ווו דער שרייבער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1898.

דער פאָטער פון שרייבער, אַ מעדיצין־דאָקטאָר, האָט זיך נישט געקענט צופּאַסן צו די דאָרטיקע באַדינגונגען (די קאָלאָניזאַציע פון באַראָן הירש) און די עלטערן פאַרלאָזן אַרגענטינע, קומען צוריק קיין רוסלאַנד, קיין אָראַניענבורג (אוראַל) און דאָ, דערוויסט זיך דאָס זיבן יעריקע קינד יוסף, אַז ער איז אַ „זשיד", אַ ייִד...

דער שרייבער האָט שפּעטער דערציילט:

„ביז זיבן יאָר האָב איך נישט געוווסט וואָס דאָס מיינט און וואָס דאָס וואָרט ייִד וויל זאָגן. אין דעם דאָזיקן עלטער איז מיין משפּחה צוריקגעקומען קיין רוס־לאַנד און מיטאַמאָל, האָט זיך אַלץ געענדערט, וואָרעם אין דער שול האָט מען מיך און מיין ברודער געזידלט, ווייל מיר האָבן געהערט צו אַ ראַסע וואָס מיר האָבן נאָך נישט געקענט איר נאָמען און נישט איר גורל. איך וועל מיך שטענ־דיק דערמאָנען מיט וואָס פאַר אַ פאַרוווּנדערונג איך האָב געפרעגט מיין פאָטער:

— וואָס איז עס אַלזאָ אַ ייִד?"...

דאָס זענען געווען די רוסישע רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905 און שווערע צייטן פאַר ייִדן אין דער צאַרישער אימפּעריע. דער שרייבער האָט אויך דערציילט, אַז

צו אַכט יאָר האָבן די עלטערן בעת אַ פּאָגראָם־שטימונג, אים באַהאַלטן ביי אַ רוס־אָרטאָדאָקסישער פאַמיליע און ס׳איז אים פאַרבליבן אין זכרון אַז: „מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך ריזיקיר מיטן לעבן, אויב כ׳וועל מיך באַווייזן אויף דער גאַס״.

קורץ דערנאָך, וואַנדערט אויס די משפחה קעסעל קיין פראַנקרייך, ווו דער צוקונפטיקער שרייבער ווערט, אין עלטער פון צען יאָר אַ שילער אין אַ פראַנצויזישער שול. ער ווייסט נישט מער און הערט נישט מער קיין חוזק־אויסרופן צוליב זיין אָפּשטאַמונג. ער איז אַ זעלטן גוטער שילער און צו צוואַנציק יאָר הייבט ער אָן זיין זשורנאַליסטישע קאַריערע, ווערט דער קאָרעספּאָנדענט פון זייער אָנגעזעענע פראַנצויזישע צייטונגען און רוקט זיך אויף גיך אַרויס ווי אַ פיינער דערציילער און ראָמאַניסט.

זשאָזעף קעסעל האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ מערקווערדיקע כאַראַקטער־אומרואיקייט, וואָס האָט אים נישט געלאָזט איינזיצן אויף איין אָרט. ער טראָגט זיך איבער דער וועלט און ווו עס געשעען אומרוען, סענסאַציעס, דאָרט געפינט ער זיך באַלד. ער איז געוועזן אַ מחבר פון מערערע צענדליקער ווערק, רעפּאָרטאַזשן און ראָמאַנען, אין וועלכע ס׳קומט צום אויסדרוק די גאַנצע וועלט און ער איז לסוף אויך באַצייכנט געוואָרן ווי „דער פּרינץ פון רעפּאָרטאַזש״.

דאָס אָפּעטעמען אין פראַנקרייך פון דעם אין דער פריער יוגנט אַדורכגעמאַכטן אַנטיסעמיטיזם, פאַרוואַנדלט דעם שרייבער אין אַ גרויסן פראַנצויזישן פּאַטריאָט און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַנגאַזשירט ער זיך פרייוויליק אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, אין דער אַוויאַציע, ווו ער צייכנט זיך אויס מיט זיין געוואַגטקייט. אַזוי אויך אין די יאָרן 1939 — 1945, ווי אַן אַוויאַטאָר־אָפיציר. ער נעמט אָנטייל אין פראַנצויזישן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן.

נאָך אין יאָר 1919 (אַ נאָך נישט דעמאָביליזירטער), קומט זשאָזעף קעסעל אַרויס מיט אַ סעריע רעפּאָרטאַזשן וועגן כינע, אינדאָכינע, אינדיע און ציילאָן, וווּהין ער איז אין די מלחמה־טעג פאַרוואָרפן געוואָרן. אין 1922 דערשיינט אַן ערשטע סעריע דערציילונגען און באַלד דערנאָך אויך אַ ריי ראָמאַנען. אין יאָר 1927, באַקומט ער פאַר זיינע ראָמאַנען דעם „גרויסן פּרייז פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע״.

אין 1936 באַטייליקט זיך דער שרייבער אין דער מלחמה אין שפּאַניע. אַן אַוויאַטאָר אויך בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, געפינט ער זיך זינט 1941 אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און אין יאָר 1942 שוין אין לאָנדאָן, ווו ער פירט אויס פיל מיסיעס ווי אַן אַוויאַציע־קאַפּיטאַן און שאַפט דאָן, צוזאַמען מיט זיינס אַ קרוב, דעם אַקאַדעמיקער מאָריס דריאָן, אַ פּאַרטיזאַנער־ליד, וואָס

ווערט דער הימן פֿאַר אַלע ווידערשטענדלער אין פֿראַנקרייך. אין יאָר 1958 באַ־קומט ער אַ ווייטערדיקע גרויסע ליטעראַטור־אויסצייכענונג, דעם א. ג. „אַמבאַ־סאַדאָרן־פּרייז" און אויך אַנדערע פּרייזן, און אין יאָר 1963 ווערט זשאָזעף קע־סעל אויסגעווײלט אין דער פֿראַנצויזישער אַקאַדעמיע.

אין יאָר 1925 האָט דער שרייבער זיך געפֿונען אין סיריע און דאַן האָט ער זיך „געכאַפּט", אַז ער געפֿינט זיך אַזוי נאָענט פֿון פּאַלעסטינע און ער לאָזט זיך גלייך אַוועק אין יענעם לאַנד פֿון זיינע אַזוי ווייטע אבות, ווו ער דערזעט די ייִדי־שע חלוצים, זייערע קאָלאָסאַלע און התלהבותדיקע אָנשטרענגונגען אויפֿצולעבן אַ ייִדיש לאַנד, אַן אייגן ייִדיש לעבן. ער דערפֿילט, אַז ער געפֿינט זיך אין לאַנד פֿון זיין פֿאָלק.

„איך בין נישט געווען קיין ציוניסט — האָט זשאָזעף קעסעל דערנאָך גע־שריבן — כ'בין געווען אַ ייִד, אויף וויפֿל עס האָט עקסיסטירט אַן אַנטיסעמיטיזם. כ'האָב נישט געגלייבט אין אַ ייִדישער מדינה, עס געהאַלטן פֿאַר אַן אוטאָפּיע. אָבער אַריבערקומענדיק קיין יפֿו, האָב איך גלייך דערפֿילט אַז איך קען דאָס לאַנד. ס'איז דאָס ערשטע מאָל, אַז מיט מיר געשעט אַזאַ זאַך און גלייבט מיר — האָט דער שרייבער צוגעגעבן — אַז איך בין נישט קיין מיסטיקער!".

און זשאָזעף קעסעל, וואָס איז געווען אַזוי ווייט פֿון ייִדישקייט און פֿון ייִדישן לעבן, ווערט אַ גאָר גרויסער אָנהענגער און שטיצער פֿון דער ציוניסטישער באַ־וועגונג און פֿון ישראל און אין יאָר 1948, נאָכן פּראָקלאַמירן די מדינה און דער אָנגעהויבענער אַראַבישער מלחמה קעגן ישראל, איז ער נישט נאָר געווען דער ערשטער קאָרעספּאָנדענט אין לאַנד, פֿון וואַנען ער האָט דאַן געשיקט זעלטן־אינ־טערעסאַנטע קאָרעספּאָנדענצן, נאָר ער איז געווען דער וואָס האָט באַקומען די סאַמע ערשטע אַריינפֿאָר־וויזע אין דער ניי־געשאַפֿענער מדינה, אַ וויזע וואָס האָט געטראָגן דעם נומער „איינס"!

וואָס אַנבעלאַנגט זשאָזעף קעסעלס ווערן אין יאָר 1963 אַ מיטגליד אין דער פֿראַנצויזישער אַקאַדעמיע, דאַרף דאָ דערציילט ווערן, אַז דאָס אויסוויילן און דערנאָך די פֿייערלעכע אויפֿנאַמע פֿון אַ פּריש־אויסגעקליבענעם מיטגליד אין דער אַקאַדעמיע און פֿון אַ ייִד דערצו, איז שוין ווייט נישט אַזוי פּשוט. אויך צווישן די אַקאַדעמיקער פֿעלן נישט אַזעלכע, וואָס זענען נישט קיין צו גרויסע פֿריינט און ליב־האָבער פֿון ייִדן און אין אַזעלכע פֿאַלן, קומען פֿאָר פֿאַרשידענע שטילע קאָנפֿליקטן און אינטריגעס, וואָס בלייבן ס'רוב אומבאַקאַנט דעם גרויסן עולם. אַזוי למשל איז דער באַרימטער ייִדיש־פֿראַנצויזישער שרייבער זשאַרזש דע פּאָרטאָ־ריש, נאָכן אויסוויילן אים אין דער אַקאַדעמיע, קיינמאָל נישט געקומען אויף קיין זיצונג, כדי זיך נישט צו דאַרפֿן טרעפֿן מיט די לייט וואָס זענען געווען קעגן דאָס אויס־

ווײלן אים, צוליב זײַן ייִדישקייט. ס׳איז אַפילו נישט געקומען צו דער אַזוי אָנגע־נומענער פּייערלעכער אױפנאַמע זײַנער און דער נײַער אַקאַדעמיקער, װעלנדיק אָפּהיטן דעם כבוד פֿון דער אַזױ הױכער אינסטיטוציע, האָט ער אױסגעמיטן װעלכע ס׳איז עפֿנטלעכע דערקלערונגען װעגן ענין, אָבער ער האָט בױקאָטירט די אינסטיטוציע, װוּ ס׳האָבן זיך געפֿונען אַקאַדעמיקער־אַנטיסעמיטן.

אַזוי האָט אויך זשאָזעף קעסעל, זינט אַ געוויסן טאָג, אויפֿגעהערט צו קומען אין דער אַקאַדעמיע און ס׳איז אַזוי געשען נאָר צוליב זײַן טיף־ייִדיש געפֿיל, וואָס האָט נישט געקענט שלום־מאַכן מיטן אויסווײלן אין דער אַזוי הויכער אינסטיטוציע, דעם שרײַבער און אַנטיסעמיט פּאָל מאָראַנד, דעם געוועזענעם ווישי־אַמבאַסאַדאָר אין דער שווייץ און אין די פּאַראײיניקטע שטאַטן.

אָבער די פּייערלעכע אויפֿנאַמע פֿאַר זשאָזעף קעסעל אין דער אַקאַדעמיע, וואָס איז פֿאָרגעקומען דעם 6־טן פֿעברואַר 1964, איז פּאַקטיש פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַניפֿעסטאַציע פֿון זײַן אייגענער ייִדישקייט און זײַן אָנגעהעריקייט צום ייִדישן פֿאָלק, צוליב דער רעדע מיט וועלכער דער פּריש־אויסדערווײלטער אַקאַדעמיקער איז דאַן אַרויסגעטרעטן פֿאַר זײַנע קאָלעגן, זאָגנדיק:

„ווען האָט איר אויסגעקליבן? אַ רוס און אַ ייִד דערצו, אַ ייִד פֿון מזרח־אייראָפּע. איר ווונדערט זיך אפֿשר צו הערן פֿון מיר די דאָזיקע רייד, אָבער איר, מײַנע הערן, איר ווייסט, אַז דאָס האָט געקאָסט די לעבנס פֿון מיליאָנען מאַרטירער. איר ווייסט אויך וואָס דאָס באַטייט נאָך הײַנט, אין געוויסע קרײַזן און פֿאַר פֿיל מענטשן" — האָט דער שרײַבער צוגעגעבן אַלס אָנצוהערעניש אויף די אַקאַדעמיקער ייִדן־שונאים, וואָס זענען דעמאָנסטראַטיוו נישט געקומען צו דער פּייערלעכער אויפֿנאַמע פֿון ייִד זשאָזעף קעסעל. ער האָט אָבער דעמאָנסטראַטיוו געלאָזט אויסגראַווירן אַ מגן־דוד אויף זײַן אַקאַדעמישער שווערד. דאָס איז פֿון סאַמע אָנהייב אָן געווען מיטגעטיילט צו אַלע אָנוועזנדיקע אַקאַדעמיקער אויף דער פּייערלעכער אויפֿנאַמע זײַנער, דורכן פֿאָרזיצער, דעם אַקאַדעמיקער אַנדרע שאַמסאָן, אין זײַן באַגריסונגס־רעדע לכבוד דעם נײַעם מיטגליד פֿון דער הויכער אינסטיטוציע.

זשאָזעף קעסעל איז געווען באַזיצער פֿון מערערע אויסצייכענונגען, אַ חוץ פֿאַר זײַנע שרײַבערישע פֿאַרדינסטן, אויך פֿאַר זײַנע פֿאַרדינסטן אין דער מלחמה־צײַט, קעמפֿנדיק העלדיש קעגן די דײַטשע אַרמייען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין דער מלחמה 1939 — 1945, סײַ אין דער אַרמיי און סײַ אויך אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

אין יאָר 1926 — 1927, בעת דעם פּראָצעס פֿון שלום שוואַרצבאַרדן אין פּאַריז, פֿאַר זײַן דערשיסן דעם אוקראַינישן אַטאַמאַן פּעטלורא, האָט דער שרײַבער

מאָביליזירט אַלע זיינע פריינט און פאַרבינדונגען לטובת דער פאַרטיידיקונג. אין זיינס אַ בריוו צו שוואַרצבאַרדס פאַרטיידיקער, דעם אַדוואָקאַט אַנרי טאָרעס, האָט זשאָזעף קעסעל געשריבן: „שוואַרצבאַרדס האַנדלונג איז פאַר מיר, אין אַ געוויסן זין, מיינס אַן אייגענער ענין, פּונקט ווי עס איז עס פאַר יעדן יידן, וואָס האָט אין זיך אַביסל לעבעדיק בלוט".

זשאָזעף קעסעל איז אויך געווען איינער פון די אַקטיווע גרינדער פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער ליגע קעגן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם".

אַלפרעד דרייפוס:

אין דער 29־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון אַלפרעד דרייפוס. אַ נאָמען וואָס איז וועלט־באַרימט.

אַ ייד פון עלזאַס, געבוירן אין יאָר 1859 אין מילהאוז, קלייבט ער אויס אַ מיליטער־קאַריערע און איז אָפיציר אין פראַנצויזישן גענעראַל־שטאַב.

אין יאָר 1894 דערוויסט מען זיך אין פראַנצויזישן קריגס־מיניסטעריום אַז אין שטאַב איז פאַראַן אַ שפּיאָן, וואָס ליפערט אויס געהיימע מיליטערישע דאָקו־מענטן צו דייטשלאַנד. צוליב אַ פאַראַנענער ענלעכקייט פון א. דרייפוס'עס האַנט־שריפט מיט דער האַנטשריפט פון שפּיאָן, פאַלט דער פאַרדאַכט אויפן יידישן אָפיציר, וואָס ווערט אַרעסטירט און „געפאָרשט", ס'קומט נאָך אַ פּראָצעס און טראָץ אַלע קאַטעגאָרישע באַהויפּטונגען פון אַרעסטירטן וועגן זיין אומשולד, ווערט ער פאַראורטיילט צו אייביקער תפיסה, ער ווערט עפנטלעך דעגראַדירט און פאַרשיקט אויף יאָרן אויפן ווייטן א. ג. „טייוול־אינדזל".

עס הייבן אָבער אָן אַרויסקומען קלאַנגען און דערנאָך באַווייזן, וועגן א. דרייפוס'עס אומשולד, קלאַנגען, וואָס ווערן אָבער דערשטיקט דורך דער מילי־טער־אָנפירונג, וואָס זוכט אויפצוהאַלטן „דעם כבוד פון דער אַרמיי". אָבער עס דערגייט דערצו, אַז מען קען שוין מער נישט פאַרבאַהאַלטן דעם אומגערעכטן אורטייל איבער אַן אומשולדיקן. דער ענין האָט פון טאָג צו טאָג אַלץ מערער אויפגערודערט דאָס לאַנד, וואָס ווערט לסוף צעשפּאָלטן אין צוויי קעגנערישע לאַ־גערן: אין א. ג. „דרייפוסאַרן" און אין „אַנטי־דרייפוסאַרן". פון איין זייט די פראַנצויזישע רעכט־רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע עלעמענטן, און פון דער צווייטער זייט, די דעמאָקראַטישע טייל פון לאַנד.

נאָך לאַנגע יאָרן פון שווערן קאַמף, זענען אַלץ מער באַקאַנט געוואָרן די פאַרגעקומענע געהיימע מאַכינאַציעס, וואָס האָבן דערפירט צו דער פאַראורטיי־לונג פון אומשולדיקן יידישן אָפיציר אַלפרעד דרייפוס, וועלכער ווערט לסוף באַ־פרייט און רעהאַביליטירט.

די פּאָליטיש־שטורמישע און גוואַלדיק־אַנטיסעמיטישע געשעענישן וואָס האָבן אויפגעטרייסלט דאָס לאַנד אין יענע טעג און יאָרן אין רעזולטאַט פון אַרעסט און פאַראורטיילונג פון אַן אומשולדיקן יידן, ווען מען האָט אָפּט געהאַקט שויבן אין יידישע געוועלבער און מען פלעגט אויף די פּאַריזער גאַסן איבערפּאַלן יידן און אָפּט אויך הערן דעם רוף „אַ טויט די יידן!", האָט גורם געווען דערצו אַז דער אַסימילירטער שרייבער און זשורנאַליסט ד״ר טעאָדאָר הערצל, וואָס האָט אין יענע טעג מיטגעמאַכט די דרייפוס־געשעענישן אין פּאַריז ווי אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ ווינער צייטונג, זאָל אין יאָר 1896 אַרויסקומען מיט זיין ווערק „די יידישע מדינה", אַ ווערק וואָס האָט אַרויסגערופן די באַוועגונג פון פּאָליטישן ציוניזם און לסוף דערפירט צו דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה.

ווי ווייט די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע עלעמענטן פון פראַנקרייך האָבן נישט געקאָנט אָראָפּשלינגען זייער מפּלה און דורכפאַלן, אילוסטרירט אויף אַ זעלטענעם אופן דער פאַל, וואָס 14 יאָר נאָכן טאָג פון דרייפוס־אַרעסט, האָט אַ פראַנצויזישער זשורנאַליסט, גרעגאָרי, אויסגענוצט דאָס אַריבערפירן אין פּאַנ־טעאָן דעם קערפּער פון גרויסן שרייבער עמיל זאָלאַ, דרייפוס׳עס אַ פאַרטיידיקער, (1908) און געשאָסן אויף דרייפוסן, וואָס האָט זיך געפונען צווישן די באַגלייטער פון ארון. דרייפוס איז דאַן לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן.

אַלפרעד דרייפוס איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק דעם 12־טן יולי 1935 אין ראַנג פון לייטענאַנט־קאָלאָנעל פון דער פראַנצויזישער אַרמיי [11].

## אַרסען דאַרמעשטעטער:

אין דער 30־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון שרייבער און גרויסן געלערנטן אַרסען דאַרמעשטעטער, וועמענס וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען ווי אַ פילאָלאָג און לעקסיקאָגראַף, האָבן אויפן געביט פון אַלט־פראַנצויזיש אין די רש״י־קאָמענטאַרן, געעפנט אַ מערקווערדיק בלאַט פאַר דער שטודיע און קענטעניש פון אַלטן פראַנצויזיש.

אַרסען דאַרמעשטעטער איז געבוירן אין יאָר 1846 אין שטעטל שאַטאָ־סאַ־לען, אין לאָטרינגען, ביי אָרעמע עלטערן; דער פאָטער איז געווען אַן איינבינדער. צו זעקס יאָר, ציען זיך די עלטערן אַריבער קיין פּאַריז; צו צוועלף יאָר לערנט דער יונגער אַרסען אין דער תלמוד תורה ביי דער קאָנסיסטאָריע. דערנאָך איז ער אַריבער אין ראַבינער־סעמינאַר וועלכן ער האָט אָבער נישט פאַרענדיקט.

---

11) זע „יידן אין פּאַריז", קאַפּיטל „די מיליטער־שול" און „דער האָטעל קאַסטיל", ערשט בוך.

אַ געוואַלדיק פלייסיקער און ביז גאָר פעאיקער שילער, האָט ער אַ חוץ יידי־שע לימודים אויך געלערנט פראַנצויזיש, לאַטיין, גריכיש און אַנד. קעגנשטאַנדן און מיט זיינע לערן־דערגרייכונגען, אַרויסגערופן אַ שטוינונג ביי זיינע פּראָפע־סאָרן.

אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער פראַנצויזישער שפּראַך, האָט ער גאָר יונג זיך פאַראינטערעסירט מיט די אַלטע פראַנצויזישע ווערטער וועלכע די יידישע קאָמענטאַטאָרן פון מיטלאַלטער און ספּעציעל טאַקע דער גרויסער רש״י האָט זיך באַניצט אין זיינע פּאַרטייטשונגען פון תנ״ך און תלמוד און אויף דעם געביט, האָט זיך אַרסען דאַרמעשטעטער געמאַכט אַ גאָר גרויסן נאָמען אין דער פראַנ־צויזישער וועלט. די דערגרייכונגען זיינע ביים פאָרשן די א. ג. „גלאָסן״ זענען אַ חוץ פאַר אונדז יידן אויך געווען פון גרויסער וויכטיקייט פאַר דער געשיכטע פון פראַנצויזישן לשון.

ס׳איז באַוווּסט די ראָלע און השפּעה פון רש״י אויף דער יידישער וועלט, אַ דאַנק זיינע פּירושים פון דער תורה און תלמוד. די פּירושים האָבן אויך פאַראינ־טערעסירט און באַווירקט די קריסטלעכע וועלט, ווו פיל געלערנטע האָבן איבער־געריסן מיט די סכאָלאַסטישע קאָמענטאַרן און אָנגעהויבן לערנען דעם תנ״ך, באַזירנדיק זיך אויף די אויסטייטשונגען פון רש״י. אפילו דער פּראָטעסטאַנטישער פירער מאַרטין לוטער איז אויך געווען באַווירקט פון די רש״י־קאָמענטאַרן.

אָבער אין די קאָמענטאַרן פון רש״י האָבן זיך געפונען אַ צאָל אומפאַר־שטענדלעכע ווערטער וועלכע מען האָט געזוכט אויפצוקלערן, וואָרעם מען האָט נישט פאַרשטאַנען זייער באַטייט. די דאָזיקע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, זהאָבן זיך פאַקטיש גענומען דערפון, וואָס זוכנדיק פאַרשטענדלעך צו מאַכן פאַר יידן יע־דעס וואָרט פון תנ״ך, האָט דער גרויסער רש״י אויפגעקלערט טעקסטן מיט אַ צאָל פראַנצויזישע ווערטער, מיט וועלכע ס׳האָבן אין עלפטן און אין צוועלפטן יאָרהונ־דערט זיך באַניצט די יידן אין פראַנקרייך.

די דאָזיקע פראַנצויזישע ווערטער פון יענער ווייטער צייט, האָבן זיך צוליב די יידישע וואַנדערונגען, פאַרשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט און הונדערטער יאָרן האָבן יידן, בעתן לערנען, געפּרעפּלט די דאָזיקע אומפאַרשטענדלעכע, מאָדנע אויסדרוקן, נישט וויסנדיק, אַז די דאָזיקע ווערטער אין רש״י־טייטש, שטאַמען גאָר פון דער פראַנצויזישער שפּראַך, בעת אין פראַנקרייך גופא, צוליב דער אָנ־גייענדיקער עוואָלוציע פון פראַנצויזישן לשון, זענען די זעלבע אַלטע פראַנצויזי־שע ווערטער וועלכע רש״י האָט אַריינגענומען אין זיינע קאָמענטאַרן, געוואָרן אַלץ וויניקער באַניצט און לסוף אויך פאַרגעסן.

די פאָרשונגען און אויפקלערונגען וואָס עס האָבן אַדורכגעפירט יידישע

שפּראַכן־פאָרשערס און פילאָלאָגן אין אַלט פראַנצויזיש, האָבן אויפגעדעקט זעל־טענע קולטור־אוצרות פון דער פראַנצויזישער לעקסיקאָגראַפיע און דער ערשטער וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער פאָרשונג, איז טאַקע געווען דער געניאַלער לעקסיקאָגראַף אַרסען דאַרמעשטעטער. דאָ איז וויכטיק צו דערציילן, אַז דער גרויסער אינטערעס צו פאָרשן און אויפצוקלערן די גלאָסן, האָבן פאַראורזאַכט דאַרמעשטעטערס איבערייסן דאָס לערנען אין דער ישיבה.

קלישע נומער 18



אַרסען דאַרמעשטעטער.

די ראָלע פון דאַן נאָך יונגן געלערנטן אין דער פאָרשונג פון אַלט־פראַנ־צויזיש איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער איז געוואָרן דעלעגירט דורך דעם פראַנ־צויזישן בילדונגס־מיניסטעריום קיין ענגלאַנד, ווו ער האָט שטודירט די אַלטע יידישע מאַנוסקריפּטן אין אָקספאָרד, אין בריטישן מוזיי אין לאָנדאָן, אין דער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אין קעמברידזש און אויך אין איטאַליע. ער האָט שטודירט די טעקסטן נישט נאָר פון רש״י, נאָר אויך די שפּעטערדיקע מפרשים, דעם רשב״ם, דעם רבנו תם און די בעל־התוספות, וואָס האָבן זיך אויך באַנוצט מיט דעם דעמאָלטיקן פראַנצויזיש און וואָס אַלץ צוזאַמען איז געווען אַ זעלטע־נער קולטור־קוואַל פאַר דער פאָרשונג פון דער פראַנצויזישער שפּראַך.

אַרסען דאַרמעשטעטער האָט אַדורכשטודירט אַריבער דריי הונדערט אַלטע מאַנוסקריפּטן וואָס האָבן אַנטהאַלטן די א. ג. גלאָסן און אויך אַדורכגעפירט אַ ריי אַנדערע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. לסוף איז ער געוואָרן פּראָפעסאָר אין דער סאָרבאָנע פון אַלט־פראַנצויזיש. ער איז אָבער אויך געווען באַשעפטיקט אויף אַ ריי אַנדערע וויסנשאַפטלעכע געביטן און די דאָזיקע אויסשפּרייטונג פון זיין אַקטיוויטעט, האָבן אים געשטערט דאָס רעאַליזירן און פּובליצירן אַ קאָמ־

פּלעט ווערק פון זיין אַזוי וויכטיקער פאָרשונג פון די גלאָסן, וואָרעם ער האָט זיך שווער צוגעקילט און דעם 16־טן נאָוועמבער 1888, איז ער געשטאָרבן פון אַ לונגען־אָנצינדונג אין עלטער פון נאָר 42 יאָר.

ערשט צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט, איז פּובליצירט געוואָרן אַ גרויסער טייל פון אַרסען דאַרמעשטעטערס פאָרשונגען א. נ. „די פראַנצויזישע גלאָסן פון רש״י אין תנ״ך״.

אין יאָר 1929 איז דערשינען זיינס אַ וויטערדיק ווערק א. נ. „די פראַנ־צויזישע גלאָסן פון רש״י אין תלמוד״.

די פאָרשונגען פון אַרסען דאַרמעשטעטער האָבן געדינט און דינען כסדר אויך פאַר אַ באַזע צו פאָרשן די אַלט־פראַנצויזישע שפּראַך.

צוזאַמען מיטן געלערנטן האַצפעלד, האָט אַרסען דאַרמעשטעטער פאַר־עפנטלעכט אַ „היסטאָרישן ווערטערבוך פון דער פראַנצויזישער שפּראַך״.

דער געלערנטער א. דאַרמעשטעטער געהערט צו די סאַמע באַרימטסטע פאָרשערס אין דער וועלט בכלל, פאַר דער שפּראַכן־גרופּע פון דער לאַטיינישער אָפּשטאַמונג, פראַנצויזיש, איטאַליעניש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש א.״א. שפּראַכן און זיין נאָמען איז פאַראייביקט אין דער געשיכטע פון פראַנצויזישן לשון.

אין זיינע פאָרשונגען אין אַלט־יידישע ספרים, האָט ער אויסגעזוכט דריי טויזנט בלעז׳ן.

אין יאָר 1874 האָט א. דאַרמעשטעטער דעשיפרירט אַ באַרימטע עלעגיע, אַ קינה וועגן די דרייצן יידישע קדושים, אומגעקומענע, פאַרברענטע על קידוש השם דעם 26־טן מערץ 1288 אין טרואַ, אַ קינה וואָס איז געווען געשריבן אין פראַנצויזיש, אָבער מיט העברעאישע אותיות. ער האָט פאַרעפנטלעכט צאָלרייכע אַרבעטן וועגן תלמוד, אַ ספּעציעלע אַרבעט וועגן דער יידישער געשיכטע און וועגן דער אַנטשטייאונג פון תלמוד. ער איז אויך געווען דער מיטגרינדער פון דער פראַנצויזישער „געזעלשאַפט פאַר יידישע שטודיעס״ 12).

אַרסען דאַרמעשטעטער איז אין זיין פּריוואַט־לעבן געווען אַ מענטש פול מיט גוטסקייט, איידלקייט און פיינקייט. ער איז געווען פּשוט און באַשיידן און שטענדיק גרייט צו העלפן יעדן מענטשן. ער איז געווען אַ מענטש „מיט אַ זעלטן האַרץ, מיט אַ גאָלדן האַרץ״ — האָט ביים קובר זיין דעם געלערנטן, געזאָגט וועגן אים דער דעמאָלטיקער רב הראשי פון פראַנקרייך צדוק כהן, וועמענס תלמיד אַרסען דאַרמעשטעטער איז געווען, אין פּאַריזער ראַבינער־סעמינאַר.

א. דאַרמעשטעטער האָט באַקומען די סאַמע העכסטע אויסצייכענונגען און

---

12) Société des Etudes Juives ».

44 יאָר נאָך זיין טויט, איז אין פּאַריז, אין יאָר 1932 אָנגערופן געוואָרן אַ גאַס (אין 13־טן אַראָנדיסמענט) אויף דעם נאָמען פון גרויסן יידישן געלערנטן און אויך פון זיינס אַ יינגערן ברודער, דזשעמס דאַרמעשטעטער, אויך אַ גאָר גרויסער געלערנטער, שריפטשטעלער און אָריענטאַליסט, וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1894.

דאָס קבר פון געלערנטן, וואָס געפינט זיך אין דער יידישער אָפּטיילונג פון מאָנפּאַרנאַסער בית־עולם, איז פון אונטן ביז אַרויף אַזוי געדיכט באַדעקט און פאַרוואָקסן מיט גרינס, אַז עס איז פּשוט אוממעגלעך צו קענען זען אַ וועלכע ס׳איז אויפשריפט.

## גיסטאַוו קאַהאַן :

אין דער 30־טער דיוויזיע (יידישע אָפּטיילונג), געפינט זיך דאָס קבר פון ראָמאַניסט און דיכטער־סימבאָליסט גיסטאַוו קאַהאַן, געבוירן אין יאָר 1859 אין מעץ און געשטאָרבן אין פּאַריז, אין יאָר 1936.

גיסטאַוו קאַהאַן האָט אָנגעהויבן שרייבן זייער יונג און נישט קיין אַנדערער ווי וויקטאָר הוגאָ האָט געהאַלטן, אַז די פראַנצויזישע פּאָעזיע וועט אין דעם אויפ־גייענדיקן דיכטער, האָבן איינעם פון אירע גאָר גרויסע פּאָעטן.

גיסטאַוו קאַהאַן האָט נישט באַרעכטיקט די האָפענונגען, וועלכע וויקטאָר הוגאָ האָט אויף אים געלייגט, אָבער ער איז פאַרט אַריין אין דער געשיכטע פון פּאָעזיע ווי איינער פון די פּיאָנערן אין טעאָרעטיקער פון פרייען פערז. ער איז געווען אַ מחבר פון מערערע ווערק, דערונטער אויך פון אַ ווערק „ביבלישע ביל־דער” 13).

## זשיל איזאַאַק :

אין דער 30־טער דיוויזיע געפינען מיר דאָס קבר פון דער משפחה איזאַאַק, אין וועלכער ס׳איז געקומען צו קבר ישראל, דער פראַנצויזישער היסטאָריקער זשיל איזאַאַק. שוין דער פאַמיליע־נאָמען פון דער משפחה, דערציילט גלייך, אַז מען געפינט זיך פאַר אַ קבר פון יידישע מענטשן.

געבוירן אין דער שטאָט רען אין יאָר 1877, איז דער געלערנטער געשטאָרבן דעם 5 טן סעפּטעמבער 1963 אין עלטער פון 86 יאָר.

ער איז געווען אַ קינד פון אַן אַסימילירטער יידיש־פראַנצויזישער היים. שויז דער זיידע זיינער האָט אין יאָר 1810, אין עלטער פון 19 יאָר, זיך אַנגאַ־זשירט אין דער נאַפּאָלעאָנישער אַרמיי, מיטגעמאַכט די מלחמה אין רוסלאַנד.

13) זע „יידן אין פּאַריז”, זייט 261, ערשט בוך.

אַריינגעפּאַלן אין געפאַנגענשאַפט ביי דער בערעזינע און דערנאָך, זיך אויך באַטיי־ליקט אין דער שלאַכט ביי וואַטערלאָא. אויך דער פאָטער פון היסטאָריקער איז געווען אַ פראַנצויזישער מיליטער־מאַן און אָפיציר פון אַ העכערן ראַנג. זשיל איזאַאַק גופא, האָט מיטגעמאַכט די ערשטע וועלט־מלחמה און אין יאָר 1917 שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און געווען באַשאָנקען מיט וויכטיקע מיליטער־אויס־צייכענונגען.

זשיל איזאַאַק איז געווען פּראָפעסאָר אין אייניקע אוניווערסיטעטן און זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען מיט זיינע פראַנצויזישע געשיכטע־לערנביכער פאַר דער שול־יוגנט, וועלכע ער האָט אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן פּובליצירט בשותפות מיט נאָך אַ מחבר, אַלבער מאַלע, וואָס איז אומגעקומען אין יאָר 1915, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

פאַראַן אַן ערנסטע סברא, אַז נאָר זשיל איזאַאַק זאָל האָבן געווען דער מחבר פון די אַזוי באַרימטע געשיכטע־ביכער. אַז דער נאָמען פון זיין שותף אַלבער מאַלע איז צוגעשריבן געוואָרן, אויף דער ביטע פון פראַנצויזישן מיניסטעריום, אום כדי די אַזוי וויכטיקע שול־ביכער וועגן דער געשיכטע פון פראַנקרייך, מיט וועלכע עס האָבן זיך באַנוצט מיליאָנען שילער, זאָלן נישט קומען נאָר פון איין מחבר, וואָס הייסט... איזאַאַק.

אין יאָר 1936 ווערט זשיל איזאַאַק נאָמינירט ווי דער גענעראַל־אינספּעקטאָר פאַר בילדונג איבערן גאַנצן לאַנד. ער איז אויך דער דירעקטאָר פון דער „היסטאָ־רישע אינפאָרמאַציעס" און אויך דער פּרעזידענט פון אַ ריי אוניווערסיטעט־קאָ־מיסיעס פאַר געשיכטע. זיין נאָמען איז באַרימט אין לאַנד און גאָר ספּעציעל ביי דער גאַנצער פראַנצויזיש־שטודירנדיקער יוגנט.

ס׳ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה; די דייטשע אַרמיי אָקופּירט דאָס לאַנד; די ווישי־רעגירונג גיט נאָך כמעט אַלע פאָדערונגען פון די זיגער און הויבט אָן איינצופירן מערערע באַגרענעצונגען פאַר ייִדן און דאַן, דעם 20־טן אָקטאָבער 1940, ווערט דער פולשטענדיק אַסימילירטער און ביז גאָר דערוויי־טערטער פון זיין אייגן יידיש פאָלק און פאָטער פון אייניקע געשמדטע קינדער, דער געלערנטער זשיל איזאַאַק, וואָס איז אַן אייניקל פון אַ נאַפּאָלעאָנישן קעמפער און אויך אַ זון פון אַ פראַנצויזישן אָפיציר און אַליין אויך אַ געוועזענער מילי־טער־מאַן מיט וויכטיקע אויסצייכענונגען, באַזייטיקט פון אַלע זיינע אַמטן.

די געשעענישן אין לאַנד אין באַצוג צו ייִדן שטייען נישט אויף קיין פלאַץ. מען הייבט זיי אויך אָן צו אינטערנירן און דעפּאָרטירן, און דער גורל האָט גע־וואָלט, אַז אַ געוויסן טאָג פון יאָר 1942 האָט די געסטאַפּאָ אָנגעקלאַפּט אין דער וווינונג פון זשיל איזאַאַק און אַרעסטירט זיין פרוי, זון און טאָכטער מיט איר

מאַן. אַלע ווערן זיי אינטערנירט און דערנאָך דעפּאָרטירט. דער געלערנטער האָט זיך גאַנץ צופעליק נישט געפונען אין שטוב און אַזוי אַרום אויסגעמיטן דעם טראַגישן גורל פון זיינע נאָענטע, אומגעקומענע אין דעפּאָרטאַציע. בלויז דער דעפּאָרטירטער זון, וואָס האָט מיטגעמאַכט בוכענוואַלד, איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

דער אַרעסט פון די פיר נאָענטע מענטשן האָט שווער געטראָפן דעם געלערנטן. ער קען נישט שלום מאַכן מיטן געשעענעם און אַ פאַרצווייפלטער, לויפט ער אַליין אַוועק אין דער געסטאַפּאָ־ביוראָ, כדי מען זאָל אויך אים אַרעסטירן. ער האָט וואַרשיינלעך געהאָפט, אַז אַרעסטירנדיק אים, וועט ער זיך ווידער געפינען מיט זיינע נאָענטע. עס געשעט אָבער, אַז די צופעליק־אָנגעטראָפענע געסטאַפּאָ־לייט, ס'איז גראַד געווען אַ שבתדיקער טאָג, האָבן זיך געאיילט אויף עפּעס אַ פאַרוויילונג און האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון... אַרעסטירן אים.

די דאָזיקע דראַמע פון פּלוצומדיקן פאַרלירן זיינע נאָענטע, האָבן אַזוי שווער געטראָפן דעם געלערנטן, אַז ער קען מער נישט געפינען קיין רו. עס הייבט אים אָן מאַטערן דאָס פּראָבלעם פון יידן־שנאה, פון אַנטיסעמיטיזם, ראַסיזם, נאַציזם, אַלץ ענינים וועגן וועלכע ער האָט ביז די טראַגישע נאַצי־טעג זיך נישט פאַרטראַכט ווי געהעריק, זיך מיט זיי נישט באַשעפטיקט, גלייבנדיק אַז די אַלע אַנטי־סעמיטישע אויסברוכן, וואָס קומען פון צייט צו צייט פאָר, זענען צייטווייליקע, צופעליקע עפּידעמיעס, וואָס קומען און גייען פאַרביי און אַז אויך דער נאַציזם אין דייטשלאַנד איז נאָר אַ פרישע פאָרעם פון פאַשיזם וואָס וועט אויך פאַרביי...

זשיל איזאַאַק איז אין גאַנצן אַלט געווען 17 יאָר, ווען אין פראַנקרייך האָבן זיך אָנגעהויבן די דרייפוס־געשעענישן וואָס האָבן געטרייסלט מיטן לאַנד אין לויף פון אַ צאָל יאָרן. ער האָט דאַן מיטגעמאַכט און זיך באַטייליקט אין די פּראָטעסטן קעגן אַנטיסעמיטיזם פון די אַנטי־דרייפוסאַרן, אָבער ער האָט נישט געהאַט דאָס געפיל אַז די געשעענישן דאַרפן אים אַלס ייד, שטאַרקער אָנגיין. אַזוי האָט ער אין יאָר 1903, אין זיין 20־יאָריקן עלטער, נישט אָפּגעפילט די דראַמע וואָס עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דער פאָרגעקומענער פּאָגראָם אין עפּעס אַזאַ ווייטער, אים אומבאַקאַנטער, שטאָט קישעניעוו, טראָץ דעם, וואָס די פראַנצויזישע פּרעסע האָט פיל דערציילט וועגן די שוידערלעכקייטן וואָס האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט מיט זיינע ברידער.

אין 1926 — 1927 האָט אין פראַנקרייך זיך געטומלט מיט אַ יידישן מענטשן, אַ געוויסן שלום שוואַרצבאַרד, וואָס האָט דערהרגעט דעם אוקראַינישן אַטאַמאַן סימאָן פּעטלוראַ. ס'איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס, אויף וועלכן עס איז געקומען צום אויסדרוק דער שוידער פון די פּאָגראָמען אויף די יידן אין אוקראַינע, אָבער

דער היסטאָריקער זשיל איזאַאַק האָט נאָך אַלץ נישט געפילט, ווי ווייט די דראַמע גייט אויך אים אָן. ער האָט זיך באַטראַכט און זיך געפילט ווי אַ פולשטענדיקער פראַנצויז און אַז אין זיין היימלאַנד, קענען אַזעלכע אַנטי־יידישע ענינים נישט אָננעמען אַזאַ כאַראַקטער.

די שפּעטערדיקע געשעענישן אין פראַנקרייך, דאָס באַזייטיקן אים פון אַלע זיינע הויכע אַמטן, צוליב זיין אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק, דאָס פאַרלירן מיט איין מאָל, זיין פרוי, זון און טאָכטער (טראָץ דעם שמד פון די קינדער) וואָס אַלע זענען זיי דעפּאָרטירט געוואָרן אין עפּעס „אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג", האָט אויף אַ גאָר שווערן אופן געטראָפן דעם היסטאָריקער פון פראַנצויזישן פאָלק, וואָס

קלישע נומער 19



זשיל איזאַאַק.

האָט אָבער זייער ווייניק געקענט די געשיכטע פון זיין אייגן פאָלק. ער האָט פריער געקענט די עוואַנגעליע און נישט דעם תנ"ך. זשיל איזאַאַק האָט דאָס מאָל פאַרלוירן די רו און מער נישט געקענט נישט טראַכטן וועגן די געשעענישן וואָס הייסן אַנטיסעמיטיזם. פון וואַנען נעמט זיך דאָס דאָזיקע אָנשיקעניש? וואָס מיינט עס פאַרט און ווער איז שולדיק אין דעם דאָזיקן אומגליק?

און זשיל איזאַאַק האָט שפּעטער דערציילט אַז: „דאָס ליכט פון דער אויישוויצער קרעמאַטאָריע איז פאַר מיר געווען די לאַמטער, וואָס האָט באַלויכטן און אָריענטירט מיינע געדאַנקען".

און ער איז אַרויסגעקומען מיט זיין געוואַלדיק גרויסן און ביז גאָר אויפטרייסלענדיק ווערק „זשעזי ע איזראַעל" („קריסטוס און דאָס יידישע פאָלק"), אַ ווערק וואָס האָט אַרויסגערופן אַ קאָלאָסאַלן אינטערעס, טומל און וואָס האָט ביז

גאָר אויפגערודערט גרויסע מאַסן ערלעכע קריסטן. זיי האָבן זיך געפילט פאַר־שעמט, צוליב דעם גרויסן אמת, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם ווערק, און איז געווען אַ געוואַלדיקע באַשולדיקונג קעגן דער קריסטלעכער וועלט, אַז „די ליניע פון רוים פירט קיין אוישוויץ".

ס'איז באמת געווען דאָס ערשטע מאָל, אַז עס האָט זיך באַוויזן אַזאַ טיפער, געניאַלער אַנאַליז, מכוח די וועגן פון דער קריסטלעכער לערע און קריסטלעכער וועלט. ס'איז אַ ווערק וואָס האָט אויף אַ זעלטענעם אופן באַוויזן די אומספּקדיקע שולד פון קריסטנטום פאַרן יידישן אומגליק, אַז דאָס האָט דאָס קריסטנטום שווער פאַרקריפּלט דעם אמת פון זייער אייגענער לערע און טראָגט די פולע פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַרן געשאַפענעם אַנטיסעמיטיזם, אַז דאָס האָט די קריסטלעכע לערע, „וואָס איז געפּרעדיקט געוואָרן פון יאָרהונדערט צו יאָרהונדערט דורך טויזנטער שטימען, ס'רוב דורך ביז גאָר באַרימטע פּרעדיקער, איז וואָס זיך צו וווּנדערן — שרייבט זשיל איזאַאַק אין זיין ווערק — אַז עס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן איינקריצן זיך אין דער קריסטלעכער מענטאַליטעט, ביז גאָר טיף אין זייער אונטערבאַוווּסטזיין און צו ביסלעך האָט זיך פאַרמירט אַ קאַריקאַטור־בילד פון ייד, אַ דערנידערנדיק־בילד, וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אָפּשטויסונג און שנאה" — האָט געשריבן זשיל איזאַאַק.

ס'איז נאָכגעקומען די שאַפונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער געזעלשאַפט „יידיש־קריסטלעכע פריינטשאַפט". דער היסטאָריקער איז אויפגענומען געוואָרן דורך די פּויפּסטן פּיוס דער 12־טער אין 1949 און דעם פּויפּסט זשאַן דער 23־טער אין 1960. דער לעצטער האָט עס, באַווירקט פון דעם שווערן אַרויסטריט פון יידישן היסטאָריקער, צונויפגערופן דעם לעצט־פאַרגעקומענעם קריסטלעכן קאָנ־סיל, וואָס האָט אָפּגעשאַפט די אַנטי־יידישע תפילה וועגן „שווידערלעכן יידן".

יאָ, דער אַרויסקום פון צעבראָכענעם און פון לעטאַרגיע אויפגעוואַכטן יידישן היסטאָריקער מיט זיין בוך „קריסטוס און דאָס יידישע פאָלק" און דערנאָך מיט זיינס אַ ווייטערדיק ווערק א.ד.ט. „די לערע פון פאַראַכטונג", האָט שווער גע־טראָפן די קאַטויליש־קריסטלעכע וועלט און אפילו אויך די פּראָטעסטאַנטן, וואָס טראָגן זייערע אייגענע אַדורכגעמאַכטע צרות, וואָס זיי גופא האָבן געהאַט אויסצו־שטיין אין 16־טן און אין 17־טן יאָרהונדערט מצד די קאַטאָליקן, האָבן זיי אויך נישט קיין קליינעם חלק אין יידישן אומגליק, אויך פאַר לוטערן, זענען די יידן געווען שווידערלעכע „גאָטמערדער".

די ווערק פון זשיל איזאַאַקן האָבן טאַקע אַרויסגערופן ענדערונגען אין דער קירכע־פירונג און אויך אַ באַשטימטע פּאָזיטיווע דערנענטערונג פון אַ גרויסער טייל פון קריסטנטום צו אונדז יידן. די ווערק וועלן אָן יעדן ספק, אויך ווירקן אין

דער קריסטלעכער וועלט פון מאָרגן קעגן דעם שוידער וואָס איז געקומען פון רוים קעגן אונדזער פאָלק, אָבער צי וועלן זיי זיין בכוח אָפּצושאַפן, אָדער אַפילו אָפּצושוואַכן דעם אַזוי שווער איינגעפלאַנצטן אַנטיסעמיטיזם? אין דעם צווייפלען מיר זייער שטאַרק.

זשיל איזאַאַק איז געשטאָרבן נאָך אַכצן חדשים קראַנק זיין, באַצאָלנדיק אַ טייערן פּרייז פאַרן דערפילן זיין ייִדישקייט, און זיין ייִדישע לוויה, וועלכע ער האָט געבעטן, און דאָס קובר זיין אים אין קבר פון זיינע עלטערן, וואָס געפינט זיך אין דער 30־טער דיוויזיע, איז געווען אַ מאַניפעסטאַציע, וואָס האָט דערציילט וועגן אַ גרויסן ייִדישן זון, וועלכער האָט צוריקגעפונען דעם וועג צו זיין פאָלק.

ביבליאָגראַפיע:
זע נומער:
13, 16, 28, 29, 32, 34, 36, 37, 39, 40, 44, 45, 46, 47, 50, 60, 61, 63,
64, 66, 70, 71, 72, 74, 75, 77, 88, 89, 90, 91, 94, 96, 100, 102, 110, 114,
120, 121, 123, 129, 135, 138, 139, 151, 154, 156, 158, 160, 163, 165.

*8.*

## דאָס בית־עולם מאָנמאַרטר

דאַניעל אָזיריס :

אויף דעם בית־עולם מאָנמאַרטר געפינען מיר אַ ריי קברים פון יידישע פערזענלעכקייטן, וואָס זענען אויף פאַרשידענע אופנים, איינגעקריצט אין אונדזער געשיכטע.

טראָץ דער צעוואָרפנקייט פון יידישע קברים איבערן בית־עולם, געפינט זיך דאָ אויך אַ יידישע אָפּטיילונג. דאָס איז די דריטע דיוויזיע, וואָס טראָגט אפילו דעם נאָמען „איזראַעליטישער וועג" און גלייך ביים אַריינקומען אין דער אָפּטיילונג, געפינען מיר זיך ביים פאַמיליע־קבר פון אַ גרויסן יידישן מעצענאַט, דאַניעל אָזיריס, געבוירן אין יאָר 1824 אין באָרדאָ און געשטאָרבן אין פּאַריז, אין יאָר 1907 און אויף וועמענס קבר מיר זעען אַ גרויסע קאָפּיע פון דער אַזוי־באַרימטער משה־סטאַטוע פון מיקעל אַנדזשעלאָ, וואָס געפינט זיך אין רוים. מיר האָבן פאַר זיך אַ זעלטן פיינע קאָפּיע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1903, דורכן פראַנצויזישן סקולפּטאָר א. מערסיע.

טראָץ דער זייער גרויסער ראָלע וואָס דער מעצענאַט דאַניעל אָזיריס האָט אויסגעפירט פאַרן פראַנצויזישן לעבן און אויך פאַרן יידישן ישוב אין לאַנד, איז ער היינט צו טאָג, כמעט אומבאַקאַנט דעם ברייטן עולם.

שוין דער פאַמיליע־נאָמען פון מעצענאַט רופט אַרויס אַ שטוינונג, וואָרעם ס'איז אַ נאָמען, וועלכן מען טרעפט אינגאַנצן נישט אין טאָג־טעגלעכן לעבן און וואָס שטאַמט פון אַלטן מצרים. ס'איז אַ נאָמען פון איינעם פון זייערע אַמאָליקע הויפּט־געטער.

דאַניעל אָזיריס איז געווען אַ קינד פון אַ יידיש־פּאָרטוגעזישער משפחה פון באָרדאָ און האָט פאַקטיש געהייסן יפלא. דער זיידע פון מעצענאַט דאַניעל יפלאַ, איז זינט 1791 געווען אַ פרייוויליקער אין דער פראַנצויזיש־רעוואָלוציאָנערער אַרמיי, זיך באַטייליקט אין מערערע שלאַכטן. אין 1793, ביים פאַרטיידיקן דאָס באַלאַגערטע טולאָן, איז ער דורך דעם גענעראַל באָנאַפּאַרט נאָמינירט געוואָרן אַלס אָפיציר. אין די יאָרן 1794 — 1795 מאַכט ער מיט די מלחמה אין די פּירע־

נעיען און אין איינער פון די שלאַכטן איז ער שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. ער איז לסוף אויך באַשאָנקען געוואָרן מיט דער סענט־העלענע מעדאַל 1).

געבוירן אין 1824 אין באָרדאָ, באַזעצט זיך דאַניעל יפלאַ זייער יונג אין

קלישע נומער 20



די „משה־סטאַטוע" אויפן קבר פון דאַניעל אָזיריס.

1) די סענט־העלענע מעדאַל איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1857, שוין אונטער דער הערשאַפט פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן און איז צוגעטיילט געוואָרן צו די געוועזענע פראַנצויזישע מיליטער־לייט, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן פון 1792 ביז 1815.

פּאַריז, ווו ער הייבט אָן זיין פינאַנסיעל־באַנקירישע און געזעלשאַפטלעכע אַקטי־וויטעט, אונטער דעם מערקווירדיקן פּסעוודאָנים אָזיריס, אַ נאָמען וואָס דערציילט, אַז מיר האָבן אין דער פּערזאָן זיינער, געהאַט אַ מענטשן פון סענטימענט און פאַנטאַזיע. ער איז טאַקע געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער שיינער קונסט, ליטעראַטור און וויסנשאַפט און האָט ביי זיין לעבן, זיך באַרימט געמאַכט ווי אַ גרויסער מעצענאַט און פילאַנטראָפּ.

אַזוי למשל, האָט ער פינאַנסירט דאָס אויפשטעלן עפנטלעכע פאָנטאַנען אין זיין געבורט־שטאָט באָרדאָ און אין נישט ווייטן פון דאָרט, אַרקאַשאָן, ווו ער האָט געהאַט זיינע אַ זומער־וווינונג. ער האָט פינאַנסירט דאָס אויפשטעלן אין לאָזאַן, אַ מאָנומענט דעם שווייצאַרישן נאַציאָנאַלן העלד ווילהעלם טעל. אויפן מאָנומענט געפינט זיך די אויפשריפט וואָס דערציילט, אַז ס׳איז אַ דאַנקבאַרקייט־מתנה פאַר דער אַרויסגעוויזענער פריינטלעכקייט, מיט וועלכער די שטאָט האָט אויפגענומען דאָס פראַנצויזישע מיליטער, וואָס איז בעת די מלחמה־געשעענישן אין יאָר 1870, אַריבער אין דער שווייץ, כדי אויסצומיידן דאָס אַריינפאַלן אין דייטשער געפאַנ־גענשאַפט. אין יאָר 1871, נאָך דער פרייסיש־פראַנצויזישער מלחמה, האָט דאַניעל אָזיריס אויך פינאַנסירט דאָס אויפשטעלן אין דער באַפרייטער שטאָט נאַנסי, אַ מאָנומענט פאַר דער נאַציאָנאַלער העלדין זשאַן ד׳אַרק און אַנד. מאָנומענטן.

פאַראַן פיל פּאַריזער איינוווינער וואָס געדענקען נאָך די סטאַטוע פון דיכ־טער אַלפרעד דע מיסע, וואָס האָט לאַנגע יאָרן זיך געפונען אויפן טראָטואַר, האַרט ביי דער מויער פון דער פראַנצויזישער קאָמעדיע און וועלכע מען איז, צוליב דער אויסגעוואַקסענער באַוועגונג, געווען געצוווּנגען אָוועקצונעמען און זי געפינט זיך ערגעץ אין אַ רעזערוו־לאַגער און וואַרט אויף צו געפינען פאַר זיך, אַ פרישן פּאַ־סיקן פּלאַץ; אויך די דאָזיקע סטאַטוע איז פינאַנסירט געוואָרן דורך דעם זעלבן דאַניעל אָזיריס.

דאַניעל אָזיריס האָט אויך געשאַפן גרויסע געלט־פרייזן און סובסידיעס פאַר פאָרשערס און געלערנטע און וואָס זענען צווישן אַנדערע, אויך צוגעטיילט געוואָרן צו מאַרי קירי, דער אַנטדעקערין פון ראַדיום, דעם געלערנטן ערנעסט בראַנלי, דעם אַנטדעקער פון דראָטלאָזן טעלעגראַף, צום ד״ר רו, פאַר זיינע דער־גרייכונגען אויפן געביט פון באַקעמפן די דיפטעריט־קראַנקהייט, צום היסטאָרי־קער אַלבערט סאָרעל און אַנד. דער פּאַסטער־אינסטיטוט, וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיט די דאַניעל אָזיריס־פינאַנסיעלע סובסידיעס אויף צוטיילן די פרייזן, איז אויך געווען דער געזעצלעכער יורש פון גרויסן פאַרמעגן פון מעצענאַט.

כדי צו מאַכן קאָמפּלעטער די מעשים פון דאָזיקן יידישן מעצענאַט, דאַרף אויך דערציילט ווערן, אַז אין יאָר 1904 האָט ער אָפּגעקויפט אין בעלגיע די טייל

ערד, אויף וועלכער ס'האָט אין יאָר 1815 זיך אָפּגעשפּילט די באַרימטע וואַטער־לאָאָ־שלאַכט, די ערד אויף וועלכער עס זענען געפאַלן די לעצטע נאַפּאָלעאָנישע גרענאַדירן און זי אַוועקגעשענקט פראַנקרייך און אין אַ יאָר שפּעטער, אין 1905, האָט דאַניעל אָזיריס אויך אָפּגעקויפט דעם נישט וויטן פון פּאַריז, מאַלמעזאָן־פּאַלאַץ, וואָס דערציילט און פאַרמאָגט אַזאַ רייכע געשיכטע וועגן לעבן און אַקטי־וויטעט פון נאַפּאָלעאָנען און אין וועלכן ס'איז אין יאָר 1814 געשטאָרבן זשאָזע־פינע באָנאַפּאַרט און אויך אים אַוועקגעשענקט דער פראַנצויזישער רעגירונג, וואָס האָט דעם פּאַלאַץ, מיט דער פינאַנסיעלער הילף פון מעצענאַט, רעסטאַוּרירט און פאַרוואַנדלט אין אַ הויך־אינטערעסאַנטן מוזיי, געווידמעט די נאַפּאָלעאָנישע געשעענישן.

אַ חוץ דער צוגעבונדנקייט און ליבשאַפט פון מעצענאַט דאַניעל אָזיריס צו זיין פראַנצויזיש פאָטערלאַנד, איז ער אויך געווען ביז גאָר צוגעבונדן צו זיין פאָלק און צו דער פּאָרטוגעזיש־ספרדישער עדה, פאַר וועלכער ער האָט געטאָן פיל וויכטיקע מעשים. צווישן אַנדערע, האָט ער סובווענציאָנירט דאָס אויפבויען (אין דער פּאַריזער רי ביפאָ) די גרויסע ספרדישע שול, וואָס האָט אין יאָר 1977 פייער־לעך אָפּגעצייכנט הונדערט יאָר פון איר עקסיסטענץ און וואָס האָט דאַן אָפּגע־קאָסט דעם מעצענאַט די קאָלאָסאַלע סומע פון פינף הונדערט טויזנט פראַנק. דאַ־ניעל אָזיריס האָט אויך פינאַנסירט דאָס אויפבויען נאָך שולן אין לאַנד.

אַ באַזיצער פון אַ גאָר גרויסער קאָלעקציע פון קונסטווערק און אויך אַ רייכע קאָלעקציע פון יידישע ווערטזאַכן, איז דער אוצר, נאָכן טויט פון מעצענאַט, וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1907 אין עלטער פון 82 יאָר, איבערגעגעבן געוואָרן, לויט דער צוואה זיינער, דעם לוווּר.

און טראָץ די נאָר טיילווייז אויסגערעכנטע האַנדלונגען פון יידישן מעצע־נאַט, האָבן זיך געפונען פראַנצויזישע מענטשן, וועמען די מעשים פון דאַניעל אָזיריס, זענען ווייט נישט געווען צום האַרצן, און אויסנוצנדיק זיין סובווענציאָנירן אַן אָפּגעלאָזט און פאַרנאַכלעסיקט ווינקל אויפן בית־עולם פּער־לאַשעז, אַרום דעם קבר פון דיכטער זשאַק דעליל, זענען זיי שווער אַרויסגעטרעטן קעגן דעם מעצע־נאַט, שרייבנדיק: „אַ ייד, הער אָזיריס, איינער פון די אינטערנאַציאָנאַלע גע־שעפטס־לייט, וואָס לאָזן זיך אַזוי אָפט אַראָפּ אויף אונדזער לאַנד, האָט געהאַט דעם קלוגן און פּראַקטישן איינפאַל, זיך צו באַנוצן מיטן טייערן געפיל וואָס פאַרבינדט אַזוי פיל פראַנצויזן מיט זייערע בית־עלמינס, כדי זיך צו מאַכן אויף זייער חשבון, אַ גראַטענע רעקלאַמע"...

דאָס איז געווען דער אָפּצאָל, פאַר דאַניעל אָזיריס מעשים.

אך, דער יידישער גורל!

אין קבר פון דאַניעל אָזיריס, איז באַערדיקט געוואָרן דער זיידע פון מעצע־נאַט, וואָס האָט געקעמפט אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי. אין זעלבן קבר געפינען זיך אויך די עלטערן, די פרוי פון מעצענאַט און מערערע משפחה־מיטגלידער [2].

די מצבה־קאָפּיע פון דער משה־סטאַטוע, וועלכע מיר זעען אויפן קבר פון דאַניעל אָזיריס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1903, נאָך ביים לעבן פון מעצענאַט, איז דאָ אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1911. אונטער דער משה־סטאַטוע זעען מיר די אויפשריפט: „דעם סאַמע גרעסטן געזעץ־געבער".

ליידער וויסן נישט די פּילצאָליקע באַזוכערס פון מאַלמעזאָן־פּאַלאַץ, אַז דער גרויסער פּאַרק פאַרמאָגט אויך אַ פּאַוויליאָן אויפן נאָמען פון מעצענאַט אָזי־ריס, אַ פּאַוויליאָן וואָס געפינט זיך רעכטס, גלייך ביים אַדורכגיין דאָס גרויסע אייזערנע טויער און איז פאַרשטעלט מיט פילביימער און גרינס. דער פּאַוויליאָן שטעלט מיט זיך פאָר אַ קליינעם מוזיי, וווּ עס געפינען זיך בילדער, צירונג, אַ רייכע קאָלעקציע פון טאַבאַק־קעסטעלעך און אַנד. קעגנשטאַנדן, פאַרבונדענע מיט די נאַפּאָלעאָנישע געשעענישן; אַ קליין ווינקל, וואָס איז אויסגעפילט מיט מתנות, געשענקטע פון מעצענאַט אָזיריס גופא און וואָס באַשטייט פון בילדער, אַקוואַ־רעלן און צייכענונגען פון אַ ריי באַרימטע קינסטלערס; אַ רייכע זאַמלונג פון 28 דריי טויזנט יאָר אַלטע עגיפּטישע מיניאַטור־פיגורלעך, געווידמעט זייער גאָט אָזיריס.

און ס'איז ווייט נישט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס אָפּקויפן די אַזוי אַלטע קאָלעק־ציע פון עגיפּטישע מיניאַטורן, געווידמעט דעם גאָט אָזיריס, האָט באַווירקט דעם מעצענאַט, ער זאָל זיך אָנהייבן רופן מיטן נאָמען אָזיריס.

אין דאָזיקן ווינקל זעען מיר אויך אַ גרויס אייל־בילד פון מעצענאַט, גע־מאָלן פון קינסטלער עדואַרד ביסאָן אין יאָר 1887, אַ פּרעכטיק־ווייסן מירמל־שטיין־ביוסט פון דער גרויסער בינע־קינסטלערין ראַשעל, געשאַפן דורכן סקולפּ־טאָר זשאַן באַטיסט קלעזאַנזשע אין יאָר 1855, ערב איר רייזע קיין אַמעריקע און אויך אַ גרעסערע אַקוואַרעל פון... כותל מערבי, פון צייכענער אַלעקסאַנדער בידאָ (1823 — 1895), אַ תלמיד פון דעלאַקרואַ.

און מיר קענען זיך נישט באַפרייען פון געפיל, אַז דער ראַשעל־ביוסט און דער כותל־מערבי־אַקוואַרעל וואָס מיר זעען דאָ, צווישן די אַלע ווערק, וואָס האָבן נישט קיין שום שייכות מיט אונדזער פאָלק, געפינען זיך דאָ אויפן ווילן פון מעצענאַט, כדי צו דערמאָנען די באַזוכער וועגן זיין יידישקייט.

2) זע „יידן אין פּאַריז", זייט 261, ערשט בוך.

און וואָס עס איז ביז גאָר שטוינענדיק איז דער פֿאַל, וואָס אַריינקומענדיק אין פּאַרק פֿון פּאַלאַץ, זעען מיר נישט קיין שום אויפשריפט, וואָס זאָל אינפֿאָרמירן די באַזוכערס פֿון מאַלמעזאָן־פּאַלאַץ, וועגן דער עקסיסטענץ פֿון אַזאַ אָזיריס־פּאַוויליאָן, אפילו נישט אין מוזיי־קאַטאַלאָג.

## מאָריס באָקאַנאָווסקי:

לינקס פֿון אָזיריס־קבר, זעען מיר דאָס קבר פֿון יידיש־פֿראַנצויזישן פּאָליטיקער מאָריס באָקאַנאָווסקי, געוועזענעם מערערע מאָל פֿראַנצויזישער מיניסטער, וואָס איז אין יאָר 1928 אומגעקומען אין אַן אַוויאַציע־קאַטאַסטראָפֿע.

די עלטערן פֿון פּאָליטיקער, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון פּוילישן שטעטל סוואַלק, האָבן געלעבט אין טולאָן, ווו זיי האָבן אַנטוויקלט אַ גרויסע האַנדלס־אַקטיוויטעט.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז אין יאָר 1928, בעת דער אַוויאַציע־קאַטאַסטראָפֿע אין וועלכער מאָריס באָקאַנאָווסקי איז אומגעקומען, האָט ער גראַד אויך פֿאַרנומען דעם אַמט פֿון אַוויאַציע־מיניסטער.

מאָריס באָקאַנאָווסקי איז געווען דעפּוטאַט פֿון דער פּאַריזער פֿאָרשטאַט אַניער, ווו עס געפֿינט זיך אויך היינט צו טאָג, אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

## סאַלאָמאָן ריינאַך:

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט, האָבן אין פֿראַנקרייך זיך ביז גאָר אַרויסגערוקט און באַרימט געוואָרן די ברידער זשאָזעף, סאַלאָמאָן און טעאָדאָר ריינאַך, וועלכע האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אינעם פֿראַנצויזישן פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן און וויסנשאַפֿטלעכן לעבן פֿון לאַנד.

דאָ, אין דער יידישער אָפּטיילונג פֿון בית־עולם, געפֿינט זיך דאָס פֿאַמיליע־קבר פֿון איינעם פֿון די ברידער, סאַלאָמאָן ריינאַך, וואָס איז געבוירן אין יאָר 1858 אין נישט וויטן פֿון פּאַריז שטעטל סען־זשערמען ען־לעי, און געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1932.

סאַלאָמאָן ריינאַך האָט זיך געמאַכט אַ גרויסן וועלט־נאָמען אַלס איינער פֿון די באַדייטנדיקסטע וויסנשאַפֿטלעכע אַרכעאָלאָגן, פֿילאָסאָפֿן און קונסט־קענער. ער איז דער מחבר פֿון די ווערק „מינערוואַ”, „אַפּאָלאָן”, „אָרפֿעאוס” און אַנד. אַרבעטן געווידמעט דער אַנטיקער וועלט.

דער געלערנטער איז אויך לאַנגע יאָרן געווען דער דירעקטאָר פֿון באַרימטן

מוזיי פון אַלטערטימלעכקייטן אין סען־זשערמען ען־לעי און פּראָפעסאָר אין „עקאָל דע ליזור" און לסוף איז ער אויך געוויילט געוואָרן אין דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע.

אָבער אַ חוץ זיין גרויסער וויסנשאַפטלעכער אַקטיוויטעט, איז ער אויך געווען שטאַרק אַריינגעטאָן אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד (געווען דעפּוטאַט אין יאָר 1906) און אויך שטאַרק אַקטיוו אין יידישן לעבן אין וועלט־מאַסשטאַב ; געווען לאַנגע יאָרן פּרעזידענט פון „אַליאַנס איזראַעליט" און אויך געהערט צום קאָמיטעט פון „יק"א".

אין שטעטל סאַן־זשערמען ען־לעי, ווו סאַלאָמאָן ריינאַך איז לאַנגע יאָרן געווען דער דירעקטאָר פון אַרכעאָלאָגישן מוזיי, איז אויך פאַראַן אַ גאַס, וואָס טראָגט זיין נאָמען.

אין ליאָן עקסיסטירט אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון געלערנטן, וואָס איז דאָרט געשאַפן געוואָרן פון די ערשטע זעכצן טויזנט בענד, די פּערזענלעכע ביבליאָטעק פון סאַלאָמאָן ריינאַך, וועלכע ער האָט אין זיין צוואה, אַוועקגעשענקט יענער שטאָט.

די לוויה פון סאַלאָמאָן ריינאַך אין יאָר 1932, איז געווען אַ קאָלאָסאַלע מאַניפעסטאַציע פון דער אינטעלעקטועלער וועלט און אויך אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע פון פראַנצויזישן יידנטום.

## דער פילאַנטראָפּ עמיל דויטש־דע־לאַ־מערט :

דאָ, אין דער יידישער אָפּטיילונג, געפינט זיך אויך דאָס פאַמיליע־קבר פון די ברידער הענרי און עמיל דויטש־דע־לאַ־מערט, גרויסע אינדוסטריעלער, וואָס זענען געווען ספּעציאַליזירט אויפן געביט פון פּעטראָל־אויסאַרבעטונגען.

דער יינגסטער ברודער, עמל דויטש־דע־לאַ־מערט (1847 — 1924) איז געווען אַ גרויסער פילאַנטראָפּ און אין יאָר 1922 האָט ער געשפּענדעט די דאָן אַזוי ריזיקע סומע פון צען מיליאָן פראַנק, אויפצובויען אַ היים פאַר נישט־פאַרמעגלעכע סטודענטן, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר, היינט צו טאָג, דער אַזוי באַרימטער צענטער „סיטע אוניווערסיטער". ס'איז אַן אינסטיטוציע וואָס האָט געזאָלט זיין אַ היים פאַר 350 סטודענטן און שטעלט מיט זיך פאָר היינט צו טאָג, אַ צענטער ווו עס לעבן פינף טויזנט שטודירנדיקע יוגנטלעכע און צווישן זיי, איין דריטל סטודענטן פון אויסלאַנד.

עמיל דויטש־דע־לאַ־מערט איז פאַר זיינע פילאַנטראָפּישע פאַרדינסטן, באַשאָנקען געוואָרן מיט דער סאַמע העכסטער אויסצייכענונג : „קאָמאַנדאָר פון ערן־לעגיאָן" און ווען ער איז אין יאָר 1924 געשטאָרבן אין עלטער פון 76 יאָר, האָט

די שטאָט אָנגערופן אַ פּאַריזער גאַס, נעבן דער „סיטע אוניווערסיטער" (14־טער אַראָנדיסמענט) אויפן נאָמען פון פילאַנטראָפּ.

עמיל דויטש־דע־לאַ־מערט איז אויך געווען דער וויצע־פּרעזידענט פון דער צענטראַלער און אויך פון דער פּאַריזער יידישער קאָנסיסטאָריע און אַ מיטגליד פון „אַליאַנס איזראַעליט דע פראַנס".

## יעקב ראָדריגעז פּערעיר און זיינע אייניקלעך :

דער נאָמען פון די ברידער פּערעיר איז גוט באַקאַנט אין פּאַריז און עס איז אַזוי, צוליב דעם פּלאַץ און בולוואַר וואָס טראָגט זייער נאָמען און געפינט זיך אין 17־טן אַראָנדיסמענט. אָבער ווייניק, זייער ווייניק מענטשן ווייסן און קענען די אַקטיוויטעט און די אָפּשטאַמונג פון די ברידער פּערעיר, וואָס זענען די אייניקלעך פון אַ באַרימטן יידן, ר' יעקב ראָדריגעז פּערעיר.

יעקב ראָדריגעז פּערעיר איז געבוירן אין יאָר 1715 אין בערלאַנגאָ, איז שפּאַניע, אָבער זייער יונג קומט ער אַריבער קיין פראַנקרייך, קיין באָרדאָ, און קורץ דערנאָך, קיין פּאַריז, ווו ער אַנטוויקלט אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע און וויכטיקע אַקטיוויטעט, דורך שאַפן אין פּאַריז, אין יאָר 1747, דעם סאַמע ערשטן לערן־מעטאָד און ערשטע שול פאַר טויב־שטומע, לערנענדיק זיי רעדן און שרייבן מיט אַן אייגענעם, ביז גאָר נייעם דערפאָלגרייכן מעטאָד. די שול און איר גרינדער ווערט ביז גאָר באַרימט און באַקומט אפילו אַ יערלעכע סובסידיע פון קעניג.

יעקב ראָדריגעז פּערעיר איז געווען אַ וואַרעמער ייד, וואָס פלעגט אויסניצן די זיך געשאַפענע אָפיציעלע פאַרבינדונגען מיט די מאַכט־אָרגאַנען, כדי צו אינטערווענירן און העלפן זיינע ברידער־יידן, וואָס זענען דאַן געווען רעכטלאָז אין פראַנקרייך, בפרט נאָך אין פּאַריז, ווו זיי האָבן נישט געהאַט קיין וווינרעכט.

פון צייט צו צייט, פלעגן פאָרקומען פיינלעכע קאָנפליקטן מיט דער פּאָליציי, ביז יעקב ראָדריגעז פּערעיר, וואָס איז זייער אָפט געווען זייער פּאַרטיידיקער, איז סוף 1762 נאָמינירט געוואָרן ווי דער אָפיציעלער פאָרשטייער און פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די פּאָרטוגעזישע (געמיינט ספרדישע) יידן פון באָרדאָ און פון באַיאָן; ס'איז געווען אַ מיסיע וועלכע ער האָט אויסגעפירט ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

אינטערעסאַנט זענען די זכרונות פון ירושלימער רב ר' חיים יוסף דוד אזולאי, וועלכער דערציילט וועגן זיין טרעפן זיך אין פּאַריז, אין יאָר 1755 מיטן „סעניאָר יעקב", וואָס האָט אים דערציילט און אינפאָרמירט מכוח דעם ווי אַזוי ער לערנט די טויב־שטומע רעדן, ענטפערן און שרייבן פראַנצויזיש און אפילו אויך . . . לשון־קודש.

אין יענע טעג פון 18־טן יאָרהונדערט, ווען יידן האָבן אַ חוץ אין עלזאַס, נישט געהאַט קיין רעכט צו וווינען אין וועלכער ס׳איז אַנדערער טייל פון לאַנד, פלעגן פון צייט צו צייט פאָרקומען טויט־פאַלן פון יידן אין פּאַריז, וואָס פלעגן זיך דאָ אויפהאַלטן אויף קורץ־טערמיניקע דערלויבענישן. דאַן פלעגט מען זיי קובר זיין נאָר ביי נאַכט און אויף גאַנץ צופעליקע ערטער. דער ענין האָט ביז גאָר געקוועלט די קליינע צאָל יידן וואָס האָבן זיך געפונען אין פּאַריז און יעקב ראָ־דריגעז פּערעיר, דער אָפיציעלער פאָרשטייער פון די „פּאָרטוגעזישע״ יידן, האָט אויסגעפועלט די ערשטע אָפיציעלע קאָנצעסיע אויף אַן אייגן יידיש בית־עולם אין פּאַריז, וואָס איז רעאַליזירט געוואָרן דורכן אָפּקויפן, דעם 3־טן מערץ 1780, אין דער געגנט פון לאַ־ווילעט, אין דער היינטיקער רי דע פלאַנדר נ׳ר 44, אַ שטיקל ערד, ווו ס׳איז אויף דאָס ניי, געשאַפן געוואָרן אַ יידיש בית־עולם און יידן האָבן אַזוי אַרום, ווידעראַמאָל באַקומען די רעכט . . . נייך, נישט אויף צו לעבן אין לאַנד, נאָר די רעכט צו קומען, נאָך זייער טויט, צו קבר ישראל.

זעקס חדשים שפּעטער, נאָכן האָבן אויסגעפועלט די רעכט אויף ווידערשאַפן אַ יידיש בית־עולם, איז דער מנהיג ר׳ יעקב ראָדריגעז פּערעיר געשטאָרבן אין עלטער פון נאָר 65 יאָר און געקומען דאָרט צו קבר ישראל, דעם 15־טן סעפּטעמ־בער 1780.

מיר האָבן אויך אַ רעכט צו טראַכטן, אַז דאָס אויספועלן ביי דער מאַכט די רעכט אויף האָבן אַ יידיש בית־עולם, איז געגעבן געוואָרן צו ר׳ יעקב ראָדריגעז פּערעיר צוליב אים גופא, אין רעזולטאַט פון די פּריינטלעכע באַציאונגען צום שאַפער פון דער דאַן אַזוי רענאָמירטער שול פאַר טויב־שטומע. ער איז מסתמא שוין געווען דאַן גוט קראַנק און די מאַכט־פאַרטרעטער, מיט וועמען דער מנהיג האָט זיך געפונען אין כסדרדיקע קאָנטאַקטן, האָבן גאַנץ וואַרשיינלעך געזען, אַז דער מענטש לעבט זיינע לעצטע חדשים אָדער אפשר וואָכן און דערפאַר געגעבן די דערלויבעניש אויף שאַפן אַ יידיש בית־עולם.

אַז דאָס באַקומען די רעכט אויף אַן אייגן יידיש בית־עולם איז געווען אַ רעזולטאַט פון די געוווּנענע סימפּאַטיעס פון יעקב ראָדריגעז, באַשטעטיקט אויך דער פאַקט, וואָס די לוויה פון מנהיג איז פאָרגעקומען אום פיר אַזייגער נאָכמיטאָג, בעת דאָס געבן די יידן די רעכט אויף אַן אייגן בית־עולם, איז געגעבן געוואָרן אונטערן באַדינג, אַז די יידישע לוויות קענען פאָרקומען נאָר ביי נאַכט און נישט אין מיטן טאָג, ווי ס׳איז געווען מיט דער לוויה פון מנהיג.

קרוב הונדערט יאָר שפּעטער, אין יאָר 1879 איז דער ארון פון יעקב ראָ־דריגעז פּעירער אַריבערגעפירט געוואָרן פון דעם אַלטן, שוין דאַן געשלאָסענעם בית־עולם אין דער רי דע פלאַנדר, אין דער יידישער אָפּטיילונג פון בית־עולם

מאָנמאַרטר, אין קבר פון דער משפּחה פּערעיר, אין וועלכן דער מנהיג רוט ביז היינט צו טאָג און אין וועלכן עס רוען אויך זיינע צוויי באַרימט־געוואָרענע איי־נעקלעך, יעקב־עמיל (1800 — 1875) און איזאַאַק פּערעיר (1806 — 1880), וואָס ביידע האָבן זיך באַרימט געמאַכט מיט זייער גרויסער פינאַנסיעלער און עקאָ־נאָמישער אַקטיוויטעט. זיי, די אייניקלעך, זענען אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געווען די סאַמע ערשטע בויער פון פראַנצויזישן באַן־וועזן, אַ זאַך וואָס האָט גע־שיינט צו זיין נישט־רעאַליזירבאַר און בעת דעם פאָרשטעלן זייער פּלאַן פון בויען אַן אייזנבאַן, וואָס זאָל פאַרבינדן פּאַריז מיט סען־זשערמען ען־לעי, האָט דער דעמאָלטיקער מיניסטער, דער באַרימטער אַדאָלף טיער, אויפגעהויבן די הענט צום הימל און אויסגערופן:

— אַזאַ אייזנבאַן וואָס איר שלאָגט פאָר בויען, וועט פאַר די פּאַריזער זיין בלויז אַ פאַרווײַלונגס־זאַך, אָבער קיינמאָל וועט מען אויף איר נישט פירן נישט קיין פּאַסאַזשירן און נישט קיין באַגאַזש"...

די ברידער פּערעיר האָבן אויך געהאַט אַ ריי אַנדערע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט פּאַריז, וואָס האָט אַלס אַנערקענונג, אָנגע־רופן אַ גרויסן פּלאַץ און אַ פּאַריזער בולוואַר אויף זייער נאָמען.

## דער קאָמפּאָזיטאָר פראָמענטאַל האַלעווי:

אויפן זעלבן בית־עולם מאָנמאַרטר, אין דער ייִדישער אָפּטיילונג, איז פאַראַן אַן אַלטע וואָס טראָגט דעם נאָמען האַלעווי און זי הייסט אַזוי דערפאַר, ווייל אין איר געפינט זיך דאָס קבר פון קאָמפּאָזיטאָר זשאַק פראַנסואַ פראָמענטאַל האַלעווי.

דער קאָמפּאָזיטאָר האַלעווי איז געווען אַ זון פון ר' אליהו הלוי חלפן, וועל־כער האָט געשטאַמט פון דער שטאָט פירט (דייטשלאַנד) און האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז, ווו ער האָט געצויגן זיין פּרנסה פון חזנות און געווען אַ העברעאישער לע־רער. ער האָט אויך געשריבן העברעאישע פּאָעמעס.

און ווייל דעם קאָמפּאָזיטאָרס פאָטער איז געווען אַ לוי, האָט זיך אין יענע טעג פון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות און אָנגייענדיקע מאָביליזאַציעס, ווען מען האָט געצוווּנגען צו האָבן פעסטגעשטעלטע נעמען, איז געשאַפן געוואָרן דער נייער פאַמיליע־נאָמען האַלעווי.

זשאַק פראָמענטאַל האַלעווי איז געבוירן געוואָרן אין פּאַריז, דעם 17־טן מערץ 1799.

זייער פרי ווערט מען אויפמערקזאַם אויף דעם יונגן זשאַק'ס אינטערעס און ליבשאַפט צו מוזיק און שוין ביי זיינע דרייצן יאָר, ווערט ער אַ שילער אין דער

פּאַריזער קאָנסערוואַטאָריע, האָבנדיק פאַר אַ פּראָפעסאָר דעם באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר קעריביני.

אין עלטער פון צוואַנציק יאָר, באַקומט דער יונגער האַלעווי דעם דאַן זייער באַרימטן „רוים־פּרייז" (פּרי דע ראָם) און ער פאָרט אָפּ שטודירן מוזיק אין איטאַליע. ער שאַפט זיך גיך דעם רום פון אַ פיינעם קאָמפּאָזיטאָר און אין יאָר 1829 ווערט ער אויך פּראָפעסאָר אין דער פּאַריזער קאָנסערוואַטאָריע, און פון יאָר 1830 ביז 1845 איז ער געזאַנג־דירעקטאָר אין דער פּאַריזער אָפּערע.

אָנגייענדיק מיט זיין קאָמפּאָזיטאָר־אַקטיוויטעט, שאַפט ער אויך אייניקע אָפּערעס, „דער בליץ", „די קעניגין פון ציפּערן", „דער אייביקער ייד" און אַנד. אָבער זיין גרויסער מוזיקאַלישער טריאומף, איז געווען דער אַרויסקום מיט זיין אָפּערע „די יידין", וועמענס פּרעמיערע איז פאָרגעקומען אין פּאַריז, דעם 28־טן פעברואַר 1835. די דאָזיקע אָפּערע האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן דערפאָלג און אַדורכגעוואַנדערט די גאַנצע וועלט און ווערט אויך געשפּילט ביז היינט צו טאָג 3).

די אָפּערע „די יידין" וועמענס אינהאַלט שפּילט זיך אָפּ אין 15־טן יאָרהונדערט, פירט אַרויס די טראַגישע קריסטלעך־יידישע באַציאונגען אין דער צייט פון דער אינקוויזיציע. דאָס ווערק פאַרמאָגט אויך עכט יידיש־מוזיקאַלישע מאָטיוון.

קלישע נומער 21



פראָמענטאַל האַלעווי.

אין רעזולטאַט פון האַלעוויס גרויסן מוזיקאַלישן טריאומף, ווערט דער קאָמפּאָזיטאָר געוויילט אין יאָר 1836 אין דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע פאַר שיינער קונסט. דאָס איז געווען דער סאַמע ערשטער פאַל פון אויסוויילן אַ ייד

3) די ליברעטא פון „די יידין" איז געשריבן פון פראַנצויזישן שרייבער אייזשען סקריב.

אין דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע, און אין יאָר 1854 ווערט ער אויך דער לעבנס־לאַנגער סעקרעטאַר פון דער אַקאַדעמיע.

האַלעווי האָט געהאַט פאַר אַ שילער, אַ ריי, שפּעטער באַרימט געוואָרענע קאָמפּאָזיטאָרן, ווי גונאָד (קאָמפּאָזיטאָר פון דער אָפּערע „פאוסט״), ביזעט׳ן (דעם קאָמפּאָזיטאָר פון דער אָפּערע „קאַרמען״) וואָס איז אויך געוואָרן זיין איידעם, און אַנדערע באַרימטע מוזיקער, וואָס זענען געווען שטאָלץ צו האָבן געווען זיינע שילער.

און ווען האַלעווי איז געשטאָרבן, דאָס איז געשען דעם 17־טן מערץ 1862, געפינענדיק זיך דאַן אין דער שטאָט ניצע, האָט נאַפּאָלעאָן דער דריטער פאַראָרדנט דאָס איינאָרדענען אים אַ נאַציאָנאַלע לוויה.

אויף זיין קבר, זעען מיר אַ ביוסט פון קאָמפּאָזיטאָר, ווו ער דערשיינט פאַר אונדז אין זיין אַקאַדעמישער קליידונג 4).

פּאַריז פאַרמאָגט נאָך אַ ביוסט פון קאָמפּאָזיטאָר, וואָס געפינט זיך מיט נאָך אייניקע ביוסטן פון מוזיקער, אויפן פאַסאַד פון דער פּאַריזער אָפּערע און אויך אַ גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען רי האַלעווי, ביים בנין פון דער אָפּערע גופא.

**
*

דערמיט האָבן מיר אָבער נישט פאַרענדיקט די געשיכטע פון האַלעווי־קבר, וואָרעם אַ חוץ דעם קאָמפּאָזיטאָר פראָמענטאַל האַלעווי, געפינט זיך אויך אין דעם דאָזיקן קבר, טראָץ דעם וואָס אויף דער מצבה איז עס נישט אָנגעגעבן און נישט דערמאָנט מיט קיין איינציק וואָרט אפילו, דאָס איבערבלייבעניש פון נאָך אַ באַרימטער פערזענלעכקייט, פון פראַנצויזישן שרייבער לודאָוויק האַלעווי, וואָס איז געווען אַ זון פון קאָמפּאָזיטאָרס אַ ברודער, דער שרייבער לעאָן האַלעווי 5).

לודאָוויק האַלעווי איז געבוירן אין פּאַריז אין יאָר 1834. געווען אַ ראָמאַניסט, אַ דראַמאַטורג און דערגרייכט אַ גאָר גרויסע פּאָפּולאַריטעט אין לאַנד 6).

אין 19־טן יאָרהונדערט איז אין פראַנקרייך אָנגעגאַנגען אַ גרויסע שמד־באַוועגונג, וואָס האָט אויך באַווירקט דעם שרייבער לודאָוויק האַלעווי ער זאָל ווערן אַ פּראָטעסטאַנט.

---

4) געשאַפן פון סקולפּטאָר דירעט.

5) לעאָן האַלעווי (1802 — 1883) איז געווען פּראָפעסאָר פון פראַנצויזישער ליטעראַטור. מחבר פון בוך „די געשיכטע פון די יידן פון אַמאָל״ און פון בוך „די מאָדערנע געשיכטע פון די יידן״.

6) צוזאַמען מיטן שרייבער אַנרי מעילהאַק, געשריבן פאַרן קאָמפּאָזיטאָר אָפענבאַך, די ליברעטאָס פון דער „שיינער העלענע״, „דאָס פּאַריזער לעבן״, „אָרפעי אין גיהנום״, און אַנד.

אין יאָר 1884 איז לודאָוויק האַלעווי געווײלט געוואָרן אין דער פראַנצויזי־שער אַקאַדעמיע.

אויב דער קאָמפּאָזיטאָר פראָמענטאַל האַלעווי איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס איז אויסגעווײלט געוואָרן אין דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע, איז לודאָוויק האַלעווי געווען דער ערשטער שרייבער (פון יידישער אָפּשטאַמונג) אין דער אַקאַ־דעמיע.

אויף דעם פּאַריזער פּלאַץ דאָפין נומער 26, הענגט אַ טאָוול, וואָס אינפאָר־מירט, אַז דאָ האָט געוווינט דער שרייבער לודאָוויק האַלעווי, וואָס איז דאָ אויך געשטאָרבן אין יאָר 1908.

און אויב אויף דעם קבר פון קאָמפּאָזיטאָר פראָמענטאַל האַלעווי, דער זון פון ר׳ אליהו הלוי חלפן, חזן און העברעאישער דיכטער, זעען מיר נישט קיין שום אויפשריפט, קיין שום דערמאָנונג, אַז דאָ, אין זעלבן קבר געפינט זיך אויך דאָס איבערבלייבעניש פון שרייבער און אַקאַדעמיקער לודאָוויק האַלעווי, איז עס אפשר אַזוי געשען, אין רעזולטאַט פון זיין שמד.

## גוסטאַוו לעווי:

דאָ, אין דער יידישער אָפּטיילונג, געפינט זיך אויך אַ קבר פון אַ יידישן קינסטלער, אַ מעטאַל־גראַווירער, גוסטאַוו לעווי, געבוירן אין יאָר 1819 אין טול און געשטאָרבן אין יאָר 1894 אין פּאַריז.

דער קינסטלער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע זעלטענע מעטאַל־גראַ־ווירן פון די ווערק פון ראַפאַעל, ווינטערהאַלטער און אַנדערע מייסטערס.

גוסטאַוו לעווי איז קורץ פאַר זיין טויט, אויסגעצייכנט געוואָרן מיט אַן ערן־מעדאַל פון סאַלאָן אין יאָר 1894 און אויך ווי אַ קאַוואַליר פון ערן־לעגיאָן.

## דער קאָמפּאָזיטאָר זשאַק אָפּענבאַך:

אין דער 9־טער דיוויזיע, געפינען מיר צווישן די קברים פון באַרימטע פּערזענלעכקייטן, אויך דאָס קבר פון וועלט־באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר זשאַק אָפּענ־באַך, אויף וועמענס מצבה ס׳איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ ביז גאָר פיינער בראָנ־זענער ביוסט פון מוזיקער, און אויך אַ... צלם.

זשאַק אָפּענבאַך איז דער מחבר פון פריילעכער, אַמוזירנדיקער מוזיק. ער האָט געשאַפן וואַלסן, מאַזורקעס, פּאָלקעס און זיך ביז גאָר באַרימט געמאַכט אַלס „קעניג פון דער אָפּערעטע".

זיינע ביז היינט צו טאָג באַרימטע ווערק, וועלכע ווערן כסדר אויסגעפירט אויף די טעאַטער־סצענעס פון גאָר דער וועלט, זענען די אָפּערעטעס „אָרפעי אין גיהנום"

(געשאַפן אין יאָר 1858), „די שיינע העלענע" (1864), „דאָס פּאַריזער לעבן" (1867) און אַנדערע אָפּערעטעס און אויך זיין איינציקע אָפּערע „האָפמאַנס דערציילונגען".

ס'איז אָבער ווייט נישט זיכער, צי די ליבהאָבער פון אָפענבאַכס מוזיק און זייער צאָל איז זייער גרויס, ווייסן אַז דער קאָמפּאָזיטאָר פון דער אַזוי פריילע־כער און אַזוי מעלאָדישער מוזיק איז געווען אַ געטויפטער ייד.

זשאַק (יעקב) אָפענבאַך שטאַמט פון אַ יידישער קלעזמער־משפחה, וואָס האָט מיטגעמאַכט דאָס לעבן אין די יידן־געטאָס אין דייטשלאַנד; זיין זיידע יהודה עבערסט, האָט געלעבט אין דער שטאָט אָפענבאַך (דערפון דער פאַמיליע־נאָמען), געווען אַ פיינער זינגער, אַ חזן, אַ קלעזמער און אויך אַ מוזיק־לערער.

אויך דער פאָטער פון קאָמפּאָזיטאָר, יצחק עבערסט, אַ געבוירענער אין אָפענבאַך, איז ווי דער זיידע, אויך געווען חזן, קלעזמער און מוזיק־לערער. זיי זענען געווען אַכט קינדער, וואָס אַלע, די ברידער און שוועסטער, זענען געווען אַריינגעטאָן אין דער מוזיק. יעדער פון זיי האָט באַהערשט אַ באַשטימטן אינס־טרומענט און ווייל מיט פּרנסה איז נישט געווען לייכט, טראָץ דעם וואָס אַ חוץ חזן, קלעזמער און מוזיק־לערער, איז דער פאָטער יצחק עבערסט אויך געווען אַן... איינבינדער, האָט ער געשאַפן אַן אייגענעם קליינעם אָרקעסטער פון זיינע קינדער און אַרומגעפאָרן שפּילן איבער מערק, כדי אַרויסציען פּרנסה.

יצחק עבערסט פאַרלאָזט לסוף אָפענבאַך, האַלט זיך אויף אַ געוויסע צייט אין שטעטל דענץ און אין יאָר 1816 באַזעצט ער זיך דעפיניטיוו אין קעלן, וווּ עס ווערט ביי אים געבוירן, אין חודש יוני 1819 דאָס זיבנטע קינד, דער זון יעקב, דער שפּעטערדיקער קאָמפּאָזיטאָר זשאַק אָפענבאַך.

שוין צו זעקס יאָר, באַקומט דער יונגער יעקב־זשאַק די ערשטע לעקציע פון פידל־שפּיל און צו אַכט יאָר קאָמפּאָנירט ער שוין אייגענע מעלאָדיעס.

זעענדיק די באַגאַבטקייט פון זיין יונגן זון יעקב, ברענגט אים זיין פאָטער, צוזאַמען מיט זיינס אַן עלטערן ברודער קיין פּאַריז, וווּ ער דערשלאָגט זיך צום דירעקטאָר פון דער קאָנסערוואַטאָריע, דעם באַרימטן מוזיקער קעריביני, וואָס פאַרהערנדיק דעם דאַן דרייצן יאָר אַלטן יעקב, שרייט ער אויס אַ באַגייסטערטער:

— דו בלייבסט אַ שילער אין דער קאָנסערוואַטאָריע!

און דער יונגער יעקב עבערסט־אָפענבאַך הייבט אָן זיין שטודיר־קורס פון אַ וויאָלאָנטשעליסט.

ס'איז דאַן געווען דאָס יאָר 1832, ווען זשאַק אָפענבאַך האָט אָנגעהויבן זיין מוזיקאַלישע קאַריערע אין גרויסן פּאַריז. עס דויערט נישט לאַנג און ער ווערט אַנגאַזשירט אין אָרקעסטער פון דער „אָפּעראַ קאָמיק". ער טרעט אויף אויף אַ ריי קאָנצערטן און אין יאָר 1847 ווערט ער דער שעף פון אָרקעסטער פון דער פראַנ־

צויזישער קאָמעדיע. ער הייבט אויך אָן באַקאַנט צו ווערן ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר פון אַמוזירנדיקער מוזיק, פון אַ ריי אָפּערעטעס וואָס נעמען שטאַרק אויס און ווע־מענס צאָל, זאָל ביים סוף פון זיין לעבן האָבן דערגרייכט צו הונדערט און זעכציק טעאַטער־ווערק און צווישן זיי די שוין פריער דערמאָנטע אָפּערעטעס. נאָך ביי זיין לעבן, האָט מען דעם קאָמפּאָזיטאָר באַצייכנט ווי דער „קעניג פון אָפּערעטעס".

ווערנדיק פּאָפּולער, האָט אָפּענבאַך געגרינדעט אַ קליין טעאַטערל א. נ. „בוף פּאַריזיען", וואָס האָט זיך געפונען אין דער גאָרטנדיקער טייל פון פּאַריז, אין שאַנס־עליזעי און דערנאָך אַריבערגעפירט דאָס טעאַטער אויף דעם היינטיקן בולוואַר מאָנמאַרטר נ׳ר 7, אין אַ טעאַטער־בנין וואָס עקסיסטירט ביז היינט צו טאָג.

דער דערפאָלג פון זיין ניי געשאַפן טעאַטער אויף די גרויסע פּאַריזער בול־וואַרן, האָט אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער, אַז אין פאַרלויף פון זיבן יאָר צייט, איז אויף דער טיר פון טעאַטער כסדר געהאָנגען אַן אויפשריפט „פול".

זשאַק אָפּענבאַך איז געווען אַריינגעטאָן אין זיין מוזיקאַלישער שעפעריש־קייט און זיך כמעט נישט פאַרנומען און זיך נישט אינטערעסירט מיט די גע־שעעניש אין לאַנד און אויך נישט מיטן לעבן פון זיינע ברידער־יידן אין יענע טעג.

אין עלטער פון 25 יאָר, באַקענט ער און פאַרליבט זיך אין אַ שפּאַניש מיידל, אַ קינד פון פרומע קאַטוילישע עלטערן, וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן דער חתונה פון זייער טאָכטער מיט אַ יידן, אָבער זעענדיק דעם גרויסן דערפאָלג פון יונגן קאָמפּאָזיטאָר, בפרט נאָך, נאָכן האָבן געזען זיין אויסנעמען ביים רוסישן צאַר, וועלכער האָט פון פּעטערבורג נאָך באַשטעלט טעאַטער־בילעטן, און אַזוי אויך זיין דערפאָלג ביי דער ענגלישער קעניגין, זענען זיי מסכים געווען אויף דער חתונה מיט זייער טאָכטער, אָבער מיטן באַדינג, ער זאָל זיך שמדן.

און דאָס אייניקל און זון פון די אָפּענבאַכער און קעלנער חזנים, גיט נאָך די פּאָדערונג: דער פון יידישקייט שוין דערווייטערטער קאָמפּאָזיטאָר און מחבר פון ווייט ווייט, נישט קיין קריסטלעכע ווערק, גייט אַריבער צום קאַטאָליציזם און דעם 14־טן אויגוסט 1844 קומט פאָר זייער חתונה.

ס׳איז געווען אַ טויפונג וואָס איז, ווי מיר זעען עס, נישט פאָרגעקומען צו־ליב וועלכע ס׳איז סימפּאַטיעס צום קריסטנטום. זשאַק אָפּענבאַך איז אין זיינע חתונה־טעג שוין געווען אַסימילירט און אויך ווייט פון אינטערעסירן זיך מיטן פּאָליטישן און אַפילו אויך מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד. ער האָט אויך נישט געהאַט מער קיין מגע ומשא מיטן גאַנג און געשעענישן אין יידישן לעבן אין פראַנקרייך. זיינע שאַפונגען און זיינע מוזיקאַלישע טריאומפן זענען געווען

ענג פאַרבונדן מיט דער זיך איינגעשטעלטער זאַרגלאָזער הערשאַפט פון נאַפּאָ־לעאָנען דעם דריטן, אַ זאָרגלאָזיקייט, וואָס איז געקומען נאָך די נישט זייער ווייטע קאָשמאַרן פון די גילאָטינע־טעג אונטער ראָבעספּיערן און די אויך אַדורכגעמאַכטע רעוואָלוציע־טעג פון 1831 און 1848.

אָפענבאַכס שעפערישקייט, ווירקונג און איינפלוס אויף זיין צייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז נישט קיין אַנדערער ווי מאַקס נאָרדוי האָט נאָכן טויט פון קאָמ־פּאָזיטאָר, געשריבן וועגן אים: „איך האָב דאָס געפיל, אַז מען וועט נישט קענען שרייבן די געשיכטע פון 19־טן יאָרהונדערט אָן צו דערמאָנען אָפענבאַכן, וואָס איז געווען די כאַראַקטעריסטיק פון זיין צייט".

עס איז אויך אינטערעסאַנט דער אַרויסקום פון שוין דערמאָנטן געטויפטן אַקאַדעמיקער דאַניעל האַלעווי מיט די שורות: „פון וואַנען דער שטראָם מוזיקאַ־לישקייט זיינער?" — און ער ענטפערט זיך גופא: „אפשר שטראָמט זי פון זיין לאַנגער פאַרגאַנגענהייט, פון זיינע פיר טויזנט יאָר, וואָס דער ייִד זשאַק אָפענבאַך האָט פאַרמאָגט אין זיין בלוט".

און אויב דער אַקאַדעמיקער דאַניעל האַלעווי, האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער מוזיק־וועלט פון קאָמפּאָזיטאָר און געטראַכט אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פון זיינס אַ פיר טויזנט־יעריקער ירושה, אַ ייִדישער סענטימענט, וואָס מען האָט אויך אַרויסגעפילט פון אַ רייַ אָפענבאַכישע מעלאָדיעס, האָט דאָס זעלבע אויך אָפּגע־פילט אַ פראַנצויזישער שרייבער טעאָדאָר בענוויל, וועלכער האָט דערקלערט אָפענבאַכס מוזיק: „אַ ווערק פון ייִדישער שנאה קעגן גריכנלאַנד, וואָס איז געבויט אויף מירמלשטיין און רויזן" און דער אַנטיסעמיט ריכאַרד וואַגנער האָט אָפענבאַכס שאַפונגען באַצייכנט... „אַ היץ וואָס טראָגט זיך פון אַ מיסטקאַסטן".

די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען פון די לייט וואָס האָבן טראָץ אָפענבאַכס שמד, נישט געקענט שלום מאַכן מיט זיינע גרויסע מוזיקאַלישע דערגרייכונגען, האָבן נישט געשטערט דעם גרויסן מוזיקער ראָסיני, צו זאָגן, אַז „אָפענבאַך איז דער מאָצאַרט פון שאַנס־עליזיי" (אָפענבאַכס טעאַטערל „בוף פּאַריזיען" האָט זיך דאַן געפונען אויף די עליזיי־פעלדער).

אָפענבאַך האָט אָפּגעהאַלטן קאָלאָסאַלע טריאומפן מיט זיינע אַמוזאַנטע אָפּע־רעטעס, האָט אָבער נישט געהאַט קיין מזל מיט זיינע פּרוּוון צו שאַפן אָפּערעס און „האָפמאַנס דערציילונגען" איז די איינציקע אָפּערע זיינע, וואָס האָט אויסגענו־מען און וואָס ווערט ביז היינט צו טאָג, אומאויפהערלעך געשפּילט אויף אַלע וועלט־בינעס. ס'איז אַן אָפּערע איבער וועלכער דער קאָמפּאָזיטאָר האָט לאַנג גע־אַרבעט און האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן און דאָס ווערק איז צום ערשטן מאָל

אויפגעפירט געוואָרן אין יאָר 1881, אַ יאָר נאָך אָפּענבאַכס טויט, באַאַרבעט דורכן מוזיקער ערנעסט גיראַד.

די פייערלעכע פאַרוויילונגס־עפּאָכע אונטער נאַפּאָלעאָן דעם דריטנס הערשאַפט, האָט זיך פאַרענדיקט מיט די טראַגישע מלחמה־רעזולטאַטן פון 1870 — 1871 און די בלוטיקע קאָמונע־געשעענישן, וואָס האָבן אויף אַ לענגערער צייט אַ סוף געמאַכט צו די אויפפירונגען פון אָפּענבאַכס אַמוזאַנטע אָפּערעטעס און טאַנץ־מוזיק. דאָס זענען אויך געווען שווערע יאָרן פאַרן קאָמפּאָזיטאָר גופא, וואָס האָט אויף אַ מערקווערדיקן אופן אָפּגעפילט אויף זיך די אָנגעזאַמלטע שנאה צו נאַפּאָלעאָן דעם דריטנס רעזשים און סוף. געווען פיל, וואָס האָבן באַוואָרפן דעם קאָמפּאָזיטאָר מיט בלאָטע און אפילו אים באַשולדיקט . . . אַז דאָס האָט ער, מיט זיינע פריילעכע ספּעקטאַקלען, „דערפירט פראַנקרייך צו דער מפּלה ביי סעדאַן" און אַז דאָס האָט זיין מוזיק דערפירט צו דער „נאַציאָנאַלער דעגראַדאַציע"! . . .

און דאָך, ווען זשאַק אָפּענבאַך איז אין יאָר 1881 געשטאָרבן, איז זיין טויט שווער אָפּגעפילט געוואָרן אין לאַנד און זיין לוויה האָט באַגלייט אַ קאָלאָסאַלער עולם.

באַווירקט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון סוף 18־טן יאָרהונדערט, וואָס האָט אויך אַ סוף געמאַכט צו די יידישע געטאָס אין דייטשלאַנד, באַווירקט פון די לאָזונגען וועגן „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט", האָבן טויזנטער יידישע מענטשן, מיד פון די יידישע צרות, אַדורכגעמאַכט דאַן אַ טויפונגס־פּראָצעס, אַריינגיסנדיק זיך אין דער נישט־יידישער וועלט און צווישן זיי, אויך דער גרויסער מוזיקער זשאַק אָפּענבאַך, וואָס איז ליידער, נישט דער ערשטער אַוועק פון זיין פאָלק, און אַריבער אין אַן „אַנדערער רעליגיע", אָבער נישט צוליב רעליגיעז־קריסטלעכע טעמים.

און אויב די קריסטלעכע וועלט האָט כסדר אַקצעפּטירט אַזעלכע טויפונגען, וואָס זענען ס'רוב פאָרגעקומען צוליב צוואַנג און אַנדערע נישט קיין גלויבנס־טעמים, האָט זי באַשטעטיקט, ווי ווייט זי גופא, איז זינדיק און נישט קריסטלעך.

### היינריך היינע:

אין דער 27־טער דיוויזיע, פאַרהאַלטן מיר זיך ביים קבר פון גרויסן יידיש־דייטשן דיכטער היינריך היינע, ווו אויף אַ העכערן סאָקל, זעען מיר אַ ווייס־מירמל־שטיינערנעם ביוסט פון דיכטער, וואָס קוקט אַזוי טרויעריק אַראָפּ אויף זיין אייגן קבר.

וועגן וואָס פאַראַ טראַגיש קאַפּיטל יידישער געשיכטע דאָס קבר דערציילט אונדז . . .

געבוירן אין דייטשלאַנד, אין דיסעלדאָרף, איז אָבער די געבוירן־דאַטע פון דיכטער ווייט נישט קיין קלאָרע. ס׳איז אָנגענומען די דאַטע פון 13־טן דעצעמבער 1799, אָבער אויך דאָס יאָר 1797.

היינריך היינע איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אַ ייִדיש־בירגערלע־כער נישט־פרומער היים, אָבער ווי מען האָט אָפּגעהיטן דאָס טראַדיציאָנעלע ייִדי־שע לעבן און דער דיכטער האָט גוט, אפילו זייער גוט, געקענט דאָס ייִדישע לעבן און די ייִדישע פּראָבלעמען פון זיין צייט.

אין זיינע פריע קינדער־יאָרן, האָט מען אין ייִדן־פיינטלעכן דייטשלאַנד, פון טאָג צו טאָג, אַלץ מער אָנגעהויבן פילן די פרייהייטס־ווינטן פון דער פראַנצויזי־שער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אויסגעווירקט אויף אַ צייטווייליקער אָפּשוואַכונג פון דער דייטש־פּרייסישער אַנטי־ייִדישקייט. ס׳פלעגט אָפט אַדורכמאַרשירן דאָס פראַנצויזישע מיליטער און אַרויסרופן פיל פרייד ביי די ייִדן פון דייטשלאַנד. זיי האָבן אָנגעהויבן אַביסל אָפּעטעמען פון פּרייסישן אַנטיסעמיטיזם. דאָס זענען גע־ווען איבערלעבונגען, וואָס האָבן זיך אויך איבערגעגעבן דעם נאָך גאָר יונגן היינ־ריך היינע. ער האָט פרי דערפילט אַ דאַנקבאַרקייט און אַ ליבשאַפט צו פראַנקרייך, פאַרן פאַרבעסערן פון דעמאָלטיקן ייִדיש־מענטשלעכן מצב אין דייטשלאַנד.

אָבער נאָכן פאַלן פון נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט, שטעלט זיך אויף דאָס ניי איין אין דייטשלאַנד, דער פּרייסיש אַנטי־ייִדישער רעזשים, מיט אַלע כמעט פריערדיקע באַגרענעצונגען פאַרן ייִדישן לעבן.

אונטערוואַקסנדיק, לערנט ה. היינע אין אוניווערסיטעט. ער האָט אַ ריי ייִדישע פריינט. ער ווערט אפילו אַריינגעצויגן אין אַ ייִדישער קולטור־אָרגאַניזאַ־ציע, אין וועלכער מען חלומט און מען דיסקוטירט מכוח געפינען אַן אויסוועג צו די ייִדישע צרות, צו דער ייִדישער רעכטלאָזיקייט און מען זאָל קענען ווערן „מיט אַלע גלייך״.

ה. היינע ענדיקט זיין אוניווערסיטעט־לערנען. ער האָט געגלויבט צו קענען ווערן אַן אַדוואָקאַט, אָדער צו באַקומען אַ וועלכן ס׳איז ערנסטן מלוכה־פּאָסטן. נאָר די דאָזיקע האָפענונג, צו ווערן זעלבסטשטענדיק, נישט צו דאַרפן זיין אָנגעוויזן אויף זיין רייכן פעטער, דעם באַנקיר סאַלאָמאָן, האָט זיך נישט רעאַליזירט. אין יע־נער צייט, איז עס ווייט נישט געווען אַזוי פּשוט זיך אַרויסצורייסן פון די רעכט־לאָזע און ענג־פאַרצוימטע ראַמען וואָס האָבן אַרומגענומען דאָס ייִדנטום אין דייטש־לאַנד.

און היינריך היינע, אַ מענטש מיט פיל כאַראַקטער־שוואַכקייטן, איז דעם 2־טן פעברואַר 1825, באַגאַנגען דעם שריט פון טויפן זיך אַלס פּראָטעסטאַנט, דערקלערנדיק, אַז דער שמד־דאָקומענט „איז אַן איינטריטס־קאַרטע אין דער איי־

ראָפּעאישער געזעלשאַפט״. אַזוי האָט ה. היינע און פיל אַנדערע יידישע מענטשן אין יענער צייט, געטראַכט.

מיר האָבן זיך שוין אָפּגעשטעלט אויף דער גרויסער שמד־באַוועגונג וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יידישן לעבן אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. מאַסן יידן האָבן געגלייבט, אַז איינשאַפּנדיק זיך אַזאַ „איינטריטס־קאַרטע אין דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט״, וועלן זיי ווערן גלייך מיט גלייכע, פּטור ווערן פון די יידישע צרות. ס׳איז געווען אַ שמד־באַוועגונג וואָס האָט אין יענער צייט, שווער געטרייסלט מיטן פראַנצויזישן און אויך דייטשן יידנטום. „זיין אַ ייד, הייסט נישט דאָס אָנגעהערן צו איינע פון די דריי רעליגיעס — האָט ה. היינע דערקלערט — ס׳איז אַ גורל־זאַך, ס׳איז אַן אומגליק״; האָט אויך דער דיכטער זיך איינגעשאַפט אַזאַ „איינטריטס־קאַרטע אין דער אייראָפּעאישער גע־זעלשאַפט״, טויפנדיק זיך, באַגייענדיק אַ שריט וואָס דער פּאָעט, בכלל נישט קיין גלויביקער, האָט דערנאָך, זיין גאַנץ לעבן שווער באַדויערט, וואָרעם טראַכטנדיק שוין מכוח שמדן זיך, האָט ה. היינע געשריבן אין יאָר 1823, צו אַ נאָענטן מענטשן:

„ווי דו פאַרשטייסט, איז דער שמד פאַר מיר אַ גלייכגילטיקער אַקט, אויף וועלכן איך לייג, אפילו פון סימבאָלישן שטאַנדפּונקט, זייער ווייניק אַכט און אויב איך וועל אים באַגיין, וועט ער פאַר מיר נישט האָבן קיין שום באַדייטונג״.

און גלייך טאַקע, נאָך זיין שמד, האָט דער דיכטער געשריבן צו זיין פריינט **מאָזער**: „גלויב מיר, ווען מען זאָל מעגן גנבהנען זילבערנע לעפל, וואָלט איך מיך נישט געטויפט״.

אָבער עס קומט נאָך ה. היינעס גרויסע אַנטוישונג, וואָרעם די אילוזיע, וועלכע ער האָט זיך געמאַכט און אויף וואָס ער האָט געהאָפט, צו באַקומען, נאָך זיין שמד, אַ וויכטיקן מלוכה־אַמט, האָט זיך נישט רעאַליזירט; ביי די האַרן פון דייטש־פּרייסישן לעבן האָט דער שמד פון ה. היינען ווי פון אַנדערע יידן, נישט אַלעמאָל אויסגענומען. היינעס מאַטעריעלער מצב, דאַן שוין אַלס דיכטער, איז ווייט נישט קיין לייכטער. ער מוז כסדר אָנקומען צו דער חודשלעכער שטיצע פון זיין רייכן פעטער און אין אים וואַקסט און פאַרגרעסערט זיך דער אויפברויז קעגן זיין דייטש פאָטערלאַנד, פאַר אַלע יידישע און אויך פאַר זיינע אייגענע שווע־ריקייטן און צרות.

אין די דאָזיקע טעג קומט פאָר אין פראַנקרייך די רעוואָלוציע פון יוני 1830 און דער דיכטער הייבט אָן טראַכטן מכוח פאַרלאָזן דאָס פאַרהאַסטע פּרייסן „וואָס פאַרמאָגט אַ פילאָסאָפישן און זעלנערישן כאַראַקטער, אַ געמיש פון דעם העלן ביר און ליגן״ און אַריבערפאָרן קיין פראַנקרייך, קיין פּאַריז, אין לאַנד וועמענס פאָן דער דיכטער האָט באַצייכנט ווי „די דרייפאַכיקע עוואַנגעליע״, וועמענס מי־

ליטער ער האָט געזען אין זיינע גאָר יונגע יאָרן אַדורכמאַרשירן דייטשלאַנד און וואָס האָט דאַן, מיט זייער אַריינקומען, אויך מיטגעברענגט די פרייהייט און גלייכהייט פאַר יעדן מענטשן און אין דער ערשטער ריי, פאַר די אַזוי שווער באַהאַנדלטע יידן, וואָס דער דיכטער האָט רעאַליזירט.

היינריך היינע באַזעצט זיך אין פּאַריז אין יאָר 1831, ווו ער דערפילט זיך פון ערשטן טאָג אָן, וווּנדערבאַר גוט. „זאָגט די גוטע מענטשן — שרייבט ער — אַז ווען איין פיש אין ים פרעגט ביים אַנדערן וועגן געזונט, ענטפערט ער: כ׳פיל מיך ווי ה. היינע אין פּאַריז". ער איז געווען יונג, שיין און אַרומשפּאַצירט אַ פאַרליבטער איבער דער שטאָט, געשלאָסן באַקאַנטשאַפטן, געליבט...

„קיינמאָל האָבן מיר די שטערן נישט אויסגעזען שענער, ווי ווען זיי שפּיגלען זיך אָפּ אין אַ פּאַריזער וואַסער" — האָט ער געשריבן צו אַ פריינט — און „ווען דער רבונו של עולם לאַנגווייליגט זיך אין הימל, עפנט ער אַ פענצטער און קוקט אַראָפּ אויף די פּאַריזער בולוואַרן".

זיין פאַרליבטקייט אין פּאַריז און זיין פילן זיך אַזוי גוט אין לאַנד, נאָכן האָבן פּטור געוואָרן דאָס נישט פריינטלעכע דייטשלאַנד, דערפירן אים אַרויסצוקומען מיט די שורות: „די פראַנצויזן זענען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק פון דער נייער רעליגיע... פּאַריז איז דאָס נייע ירושלים. דער ריין איז דער ירדן וואָס טיילט אָפּ די פלשתים פון דער הייליקער ערד פון פרייהייט".

ה. היינע ווערט דאָ ביז גאָר אַקטיוו, שרייבט, שאַפט פּרעכטיקע לידער, גיט אַרויס ביכער און ווערט אויך מיטאַרבעטער אין דער „אויגסבורגער צייטונג", ווו ער פאַרעפנטלעכט זיינע קאָרעספּאָנדענצן און אָפּהאַנדלונגען. זיין מאַטעריעלע לאַגע איז גאָרנישט קיין שלעכטע. זיינע אָפטע פּראָ־פראַנצויזישע אָפּהאַנדלונגען און זיין פאַראורטיילן, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן דייטשלאַנד, האָט אים געשאַפן אַ פּריווילעגירטע פּאָזיציע אין פראַנקרייך, ווו ער באַקומט, זינט 1837, אַ געהיימע חודשלעכע פּענסיע, וואָס באַפרייט אים פולשטענדיק פון דאַרפן אָנקומען נאָך שטיצע צו זיין רייכן פעטער, אַ חודשלעכע פּענסיע, וואָס איז, ביז צו דער רעוואָלוציע פון 1848, געווען אַ סוד.

און כאָטש ה. היינע איז געווען אַריינגעטאָן אין פראַנצויזישן קולטור־לעבן, צווינגט אים זיין יידיש געפיל, וואָס איז טראָץ אַלעם, געווען טיף איינגעוואָרצלט אין האַרצן פון דיכטער, אַרויסצוטרעטן קעגן דער פראַנצויזישער רעגירונג פון טיערן — טראָץ זיין געהיימער פּענסיע — פאַר איר טאָלערירן און נישט אָננעמען קיין געהעריקע שריט קעגן דער אַנטיסעמיטיש־פאַרברעכערישער ראָלע פון פראַנצויזישן אַמבאַסאַדאָר אינעם בלוט־בלבול, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1840 אין דמשק, אַ בלוט־בלבול וואָס האָט געקאָסט אַ סך יידיש בלוט און יידישע

ליידן. דער דיכטער איז דאַן אויך אַרויסגעטרעטן מיט שווערע פּאָרוווּרפן אויף די יידן פון פראַנקרייך, פאַר זייער נישט גענוג ענערגיש רעאַגירן אין דער דאָזיקער ווייטיקלעכער דראַמע, וואָס דער בלוט־בלבול אין דמשק האָט מיט זיך דאַן פאָרגעשטעלט פאַר די יידן פון סיריע.

ה. היינעס אָפטע שרייבערישע אַרויסטרעטונגען קעגן דייטשלאַנד, האָבן דערפירט דערצו, אַז אין יאָר 1835 איז דאָרט פאַרבאָטן געוואָרן דאָס פובליצירן פון זיינע ווערק און אויף די שוין פובליצירטע ווערק, איז איינגעפירט געוואָרן אַ געווויסע צענזור. ס'איז דאָרט אפילו געווען אַ באַפעל אים צו אַרעסטירן. די פאַרבאָטן זענען דערנאָך אָפּגערופן געוואָרן און דער דיכטער האָט נאָך צוויי מאָל באַזוכט דייטשלאַנד.

אין יאָר 1848 האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן די ערשטע סימפּטאָמען פון זיין קראַנקהייט, וואָס האָט אָנגענומען אַ שווער־טראַגישן כאַראַקטער פון פּאַראַליזש און אומבאַהאָלפנקייט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן די לעצטע אַכט יאָר פון זיין לעבן, בעת וועלכע ער איז געלעגן, אַ האַלב־בלינדער, צוגעשמידט צום בעט. דער דיכטער גופא האָט עס באַצייכנט ווי זיין „מאַטראַצן־קבר" און אין די דאָזיקע יאָרן פון טראַגישער אומבאַהאָלפנקייט, האָט ה. היינע נאָך געשאַפן אַ ריי פּרעכטיקדיכטערישע ווערק. אָבער גלייכצייטיק איז אין אים פאָרגעקומען אַ טיפער איבערברוך, אַ געוואַלדיקער אינערלעכער רעוויזיע־פּראָצעס, מכוח זיין יידישקייט־געפיל און וועגן יידנטום בכלל.

אין זיינע שלאָפלאָזע נעכט און פיזישער אומבאַהאָלפנקייט, האָט ער זיך דערפילט אַלס „אָרעמער קראַנקער יודע"; ס'איז געווען אויס מיט זיין געפיל פון אַ לעבנס־לוסטיקן „העלענער", וואָס לעבט אין אַ וועלט פון שיינקייט, פון עסטעטיזם און דאָס ווערק וואָס האָט אים אַממערסטנס אָנגעהויבן באַשעפטיקן, איז געוואָרן דער תנ"ך, וואָס ער האָט אָנגעהויבן זוכן אַלץ בעסער צו קענען און צו פאַרשטיין. „איך מאַך נישט קיין סוד — האָט ה. היינע געשריבן — וועגן מיין יידנטום, צו וועלכן כ'האָב מיך קיינמאָל נישט אומגעקערט, ווייל כ'האָב עס קיינמאָל נישט פאַרלאָזט".

ליגנדיק צוגעשמידט צו זיין „מאַטראַצן־קבר", האָט ער אין יאָר 1853 געשריבן: „מיין פאַרליבטקייט אין דער „איליאַדע" האָט זיך ביסלעכווייז אָפּגעקילט. איצט זע איך, אַז די גריכן זענען געווען שיין נאָר יוגנטווייז. יידן אָבער זענען געווען שטאַרקע מענער, נישט צו בויגן זיי און זיי זענען אַזוי פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג, להכעיס די אַכצן הונדערט יאָר רדיפות און פיין".

און ווייטער: „איצט האָב איך זיך אויסגעלערנט זיי בעסער צו שאַצן און ווען ביים היינטיקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף און דעמאָקראַטישע פּרינציפּן וואָלט

נישט געווען נאַריש זיך איבערצונעמען מיטן אָפּשטאַם, וואָלט איך שטאָלצירט, וואָס מיינע פאָר־דורות געהערן צום אַדעל־הויז ישראל, וואָס איך קום אַרויס פון קדושים, וועלכע האָבן געגעבן דער וועלט אַ גאָט און אַ מאָראַל״.

און מיר לייענען ביים דיכטער:

„ס׳איז געווען אַ צייט, ווען משה איז מיר נישט געווען צום האַרצן, וואָרעם ס׳האָט געברויזט אין מיר דער העלענישער גייסט; איך האָב נישט געקענט שענ־קען דעם יידישן תורה־געבער, זיין פיינטשאַפט צו בילדערלעכקייט, צו פּלאַסטיק; איך האָב נישט באַמערקט, אַז משה גופא איז געווען אַ גרויסער קינסטלער און האָט פאַרמאָגט אמתע גאונות פון אַ שאַפער. ער האָט גענומען אין זיינע הענט אַריין אַן אָרעמען שבט פון פּאַסטעכער און געמאַכט פון זיי אַ פאָלק, אַ גרויס פאָלק, גאָטס פאָלק, אייביק און הייליק. אַ מוסטער פאַר אַלע פעלקער״.

„דאָס קריסטנטום — האָט דאַן געשריבן דער געטויפטער דיכטער — איז די צום מיינסטנס פאַלשע איראַציאָנעלע און אַבסורדאַלע רעליגיע אין דער וועלט, אַ רעליגיע פון ליבע וואָס איז אַליין לויטער שנאה, אַ רעליגיע פון פרייהייט, וואָס איז לויטער דעספּאָטיזם, אַ רעליגיע פון הומאַניזם, פון וועלכער מען האָט געזען בלויז אכזריותדיקע באַרבאַריי״.

סאַראַ שטוינענדיקע שורות, וואָס דערציילן וועגן דער טראַגעדיע, וואָס עס האָבן אַדורכגעמאַכט פיל יידישע מענטשן און צווישן זיי, אויך דער דיכטער היינ־ריך היינע, וועלכער האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט באַפרייען פון זיין יידיש־קייט־געפיל און האָט אין די טראַגישע באַדינגונגען זיינע, זיך אָפּגעגעבן אַזאַ חשבון וועגן זיין יידישקייט און וועגן יידישן פאָלק.

אין יאָר 1832 באַקענט זיך דער דיכטער מיט דער דאַן זיבעצן־יאָריקער שיי־נער ברונעטקע, מאַטילדע, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקן קערפּער־בוי; אַ פריילעכע, נישט איבעריק קלוגע און האָט מיט איר חתונה־געהאַט. מאַטילדע האָט זייער ווייניק געוווסט וועגן דער באַרימטקייט פון איר מאַן און קיין אַנונג נישט געהאַט וועגן זיין דיכטערישן כוח און ראָלע. קיין דייטש האָט זי איבער־הויפּט נישט געקענט, אַחוץ די ווערטער: „גוט מאָרגען״ און „נעמען זי פּלאַץ״. היינע אַליין האָט וועגן איר געזאָגט: „מאַטילדעס הויפּט־מעלה איז, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט געלייענט קיין איינציק וואָרט, נישט פון מיר און נישט פון מיינע שונאים און פריינט״.

און כדי די דאָזיקע קריסטלעכע און פּרימיטיווע פרוי זאָל באַשטיין זיך צו געפינען נאָך איר טויט, אין זעלבן קבר ווו איר מאַן, האָט דער דיכטער פאַר־שריבן אין זיין צוואה, מען זאָל אים לייגן אויף... דער קריסטלעכער זייט פון בית עולם.

די דאָזיקע פּרוי, צו וועלכער ער איז געווען ליידנשאַפטלעך צוגעבונדן, האָט אים באַשאַפן אַ טיפּיש פראַנצויזיש־בירגערלעכע שטוב, אין וועלכער ס׳האָט גע־שמעקט מיט מייז און אַ פאַרמאַכטער קאַץ. ס׳איז געווען אומגלויבלעך, אַז אין דער דאָזיקער שטוב, וווינט דער גרויסער דיכטער. דאָרט, אין יענער וווינונג, אויף פאָבורג פּואַסאָניער נ׳ר 41 האָט דער דיכטער אָנגעהויבן דערפילן דעם אָנ־קום פון זיין שרעקלעכער קראַנקהייט.

אין דאָזיקן מצב, דערוואַרט אים אַ שווערער קלאַפּ.

די רעוואָלוציע פון 1848 עפנט אויף די אַרכיוון פון דער אַראָפּגעוואָרפענער רעגירונג און מען דערוויסט זיך, אַז דער דיכטער האָט באַקומען אַ כסדרדיקע פענסיע פון די געהיימע מלוכה־פאָנדן.

וואָס פאַראַ סקאַנדאַל עס ברעכט אויס!

הייסט עס אַז דעם גאַנצן קאַמף וואָס דער דיכטער האָט געפירט קעגן „פריסנ־טום" איז געווען צוליב געלט? פאַר באַצאָלט? הייסט עס אַז דער פרייהייטס־קעמפער איז געווען אַ גע׳דונגען געצייג אין די הענט פון דער פראַנצויזישער רע־גירונג? פיל פון זיינע פריינט קערן זיך פון אים אָפּ. די „אויגסבורגער צייטונג", ווו ער האָט יאָרן לאַנג מיטגעאַרבעט, שליסט זיך פאַר אים. די נאָענטסטע מענטשן פראָבירן דאָס אויסבאַהאַלטן פאַר דעם קראַנקן היינע, נאָר ס׳איז נישט מעגלעך.

ה. היינע ענטפערט מיט אַ לאַנגן בריוו, אַז ער האָט קיינמאָל נישט פאַרקויפט זיין פעדער, אַז ער האָט דאָס געלט באַטראַכט ווי אַ שטיצע פון פראַנצויזישן פאָלק, וואָס האָט מאַטעריעל, אויך געשטיצט אַנדערע פּאָליטישע עמיגראַנטן.

וויפל אמת עס זאָל זיך נישט געפינען אין דעם ענטפער, נאָר פאַר דעם עמ־פינדלעכן דיכטער, איז די געשעעניש אַ ביז גאָר שווערער קלאַפּ, וואָס פאַרגרע־סערט נאָך מער זיינע ליידן. נאָר ס׳דויערן נאָך אייניקע יאָר פון שרעקלעכן פּיין, פון ליגן אַ הילפלאָזער כמעט בלינדער און איינגעקאָרטשעטער פון פּאַראַליזש, בעת דער מוח האָט געאַרבעט מיט אַ געוואַלדיקער קלאָרקייט.

ה. היינע איז אפשר געווען דער סאַמע גרעסטער דייטשער ליריקער. דאָס האָבן אפילו באַשטעטיקט די נאַציס גופא, נישט קענענדיק ליקווידירן זיין „לאָ־רעליי". ער האָט געהאַט פיל פריינט אָבער אויך זייער פיל שונאים. געשטאָרבן דעם 17־טן פעברואַר 1856, האָבן אויף זיין לוויה זיך געפונען אין סך־הכל זעקס אָדער זיבן פּערזאָן.

טראָץ די אַלע כאַראַקטער־שוואַכקייטן און ווידערשפּרוכן אויף וועלכע מיר שטויסן זיך אָן ביים וועלן בעסער באַקענען די פּערזענלעכקייט פון דיכטער, קוקט אָבער פאָרט אַרויס די טיפע צוגעבונדנקייט צו זיין יידיש פאָלק, ווען ער האָט געווידמעט אינטערעסאַנטע שורות. היינע האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט

באַפרייען פון אַ דערנידערונגס־געפיל, צוליבן האָבן פּראָבירט דורך טויפן זיך, עפּעס דערגרייכן. דאָס דאָזיקע געפיל האָט אים שטענדיק געפּלאָגט און איז אויך געווען איינע פון די סיבות פון זיין צאָרן קעגן דער קריסטלעכער וועלט און אַרויסגערופן דאָס אָנשרייבן מערערע סאַטירעס פון וועלכע מיר וועלן דאָ בלויז דערמאָנען זיינע פּרעכטיקע פערזן אין וועלכע ער האָט אויסגעחוזקט די אַנטי־יידישקייט פון זיין „דאָננאַ קלאַראַ", דערקלערנדיק איר :

„איך סעניאָראַ, אייער געליבטער, בין דער זון פון פיל־געלויבטן, גרויסן שריפט־געלערנטן רבי, ר' ישראל פון סאַראַגאָסאַ".

היינע האָט אַמאָל באַזוכט די שטאָט פון מעזריטשער מגיד ; ער האָט דאָרט געזען די יידישע אָרעמקייט, די קאַפּאָטעס און שטריימלעך, ער האָט אָבער אויך אָפּגעפילט די טיפע יידישקייט און האָט דערנאָך געשריבן, אַז „די פּוילישע יידן זענען מיר ליבער ווי די דייטשע יידן".

פאַראַן ביי היינען פּרעכטיקע אַרבעטן און לידער פול מיט פאַרהערלעכונג פון יידישקייט און יידיש לעבן. אין זיין „פּרינצעסין סאַבאַט" (איבערגעזעצט אין יידיש דורך ח. נ. ביאַליק) און אין זיינע „העברעאישע מעלאָדיעס", שילדערט דער דיכטער די שיינקייט פון יידישן שבת. סאַראָ פּרעכטיקע פּאָעמע ער האָט געווידמעט דעם קאָלעגע זיינעם, דעם דיכטער יהודה הלוי. ס'איז אַ ווערק אין וועלכן ה. היינע האָט אויסגעדריקט זיין בענקשאַפט צו יידישער העלדישקייט און ליב־שאַפט צו ארץ־ישראל, ווי געוואַלדיק אינטערעסאַנט ס'איז זיין „רבי פון באַכראַך".

וועט נישט זיין איבעריק צו ברענגען דאָ דעם געדאַנק פון פּראָפ. סעסיל ראָטה, וואָס האָט געשריבן, אַז היינריך היינע „איז געווען אַ מענטש מיט אַ יידיש האַרץ, טראָץ זיין שמד".

ס'איז באַוווסט היינעס טראַגישער זאָג, אַז נאָך זיין טויט, וועט מען נישט זאָגן קיין קדיש און נישט פּראַווען קיין מעסע, „אָבער אין דעם, וואָס דעם דיכ־טערס פאָלק האָט באַדאַרפן שטיין אין אַ זייט, ווען מען האָט אַראָפּגעלאָזט אין קבר זיינס אַ פאַרבלאָנדזשעטן זון און קיין קדיש נישט זאָגן, אין דעם שטעקט אַ סך מער אַ נאַציאָנאַלע יידישע טראַגעדיע, איידער היינעס פּערזענלעכע טראַגעדיע", האָט יאָרן שפּעטער, געשריבן דער קדוש שמעון דובנאָוו.

***

זינט 1886 פאַרמאָגט די שטאָט פּאַריז אַ גאַס (אין 16־טן אַראָנדיסמענט) וואָס טראָגט דעם נאָמען פון היינריך היינע.

אין יאָר 1942, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון דער שטאָט, האָט די גאַס

באַקומען דעם נאָמען פון גרויסן דייטשן קאָמפּאָזיטאָר סעבאַסטיען באַך, אַ נאָמען וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז צום פאַרטרייבן די דייטשע אַרמייען פון לאַנד און זינט דעם יאָר 1945, האָט די גאַס צוריקבאַקומען דעם נאָמען פון דיכטער.

בערנאַרד לעקאַש :

אין דער 20־טער דיוויזיע געפינט זיך דאָס קבר פון שרייבער, זשורנאַליסט און פיינעם רעדנער בערנאַרד לעקאַש, וואָס איז געבוירן אין אַנטיב, אין יאָר 1895 און געשטאָרבן אין פּאַריז, אין יאָר 1968.

בערנאַרד לעקאַש איז געווען איינער פון די פּיאָניערן, אָרגאַניזאַטאָרן און לאַנגיאָריקער פּאָרזיצער פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער ליגע קעגן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם״, וואָס איז אויך באַקאַנט אַלס „ליקאַ״ (היינט: „ליקראַ״).

אַ ליידנשאַפטלעכער קעמפער קעגן דער שלעכטער און נישט יושרדיקער וועלט, געהערט ער צו דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, זינט איר אַנטשטייאונג, און פון וועלכער ער ווערט אָבער אין יאָר 1923, צוזאַמען מיטן באַרימטן אַדוואָקאַט אַנרי טאָרעס און אַנד. אויסגעשלאָסן, פאַר זיין נישט קענען שלום מאַכן מיט די דרכים פון רוסישן באָלשעוויזם.

בערנאַרד לעקאַש איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין אַ ריי פראַנצויזישע צייטונגען און זשורנאַלן און אויך אַרויסגעגעבן אייגענע אויסגאַבעס און זינט דעם יאָר 1933 האָט ער אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „די רעכט צו לעבן״ („לע דרואַ דע וויוור) אין וועלכן ער האָט אומאויפהערלעך געקעמפט קעגן יעדע אומרעכט און אין דער ערשטער ריי, קעגן נאַציאָנאַל־שאָוויניזם, ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם. ער איז אויך געווען אַ מחבר פון אַ ריי ביכער ווי: „פּוילן אָן אַ מאַסקע״, „ווען יידן שטאַרבן״, „די וואָס טראָגן דעם קרייץ״ און אַנדערע ווערק.

בערנאַרד לעקאַש איז געווען אויסגעצייכנט מיט דער „ווידערשטאַנד־מעדאַל״ און פון „קאַוואַליר פון ערן־לעגיאָן״.

זינט דעם יאָר 1978 איז אין פּאַריז, אין 12־טן אַראָנדיסמענט, פאַראַן אַ גאַס אויפן נאָמען פון בערנאַרד לעקאַש.

ביבליאָגראַפיע :

**זע נומער:**

2, 6, 10, 16, 21, 22, 23, 26, 28, 30, 34, 43, 52, 54, 56, 60, 61, 64, 69, 73, 76, 82, 87, 90, 93, 109, 110, 113, 116, 127, 130, 137, 139, 157.

# 9.

## דאָס בית־עולם פּאַסי

### טריסטאַן בערנאַרד:

דאָס בית־עולם פּאַסי געפינט זיך אין 16־טן אַראָנדיסמענט, וואָס שמט אַלס איינער פון די סאַמע רייכסטע קוואַרטאַלן.

מיר געפינען דאָ אויך אַ ריי יידישע קברים וואָס האָבן אַ באַשטימטן אינ־טערעס פאַר דער געשיכטע פון פּאַריזער יידישן ישוב און צווישן זיי געפינט זיך דאָס קבר פון שרייבער און באַרימטן פראַנצויזישן הומאָריסט טריסטאַן בערנאַרד, געבוירן דעם 7־טן סעפּטעמבער 1866 אין דער שטאָט בעזאַנסאָן און געשטאָרבן אין פּאַריז, דעם 7־טן דעצעמבער 1947.

טריסטאַן בערנאַרד האָט דעביוטירט ווי אַ שרייבער אין עלטער פון 25 יאָר, שאַפנדיק זיך אַ ביז גאָר אָנגעזעענעם נאָמען אין דער פראַנצויזיש־ליטעראַרישער וועלט ווי אַ מחבר פון דערציילונגען, ראָמאַנען און גאָר ספּעציעל פון טעאַטער־ווערק: קאָמעדיעס און הומאָריסטישע סקעטשן, וואָס האָבן אין פאַרלויף פון מערערע צענדליק יאָרן, אַזוי ווייט דאָמינירט דאָס פראַנצויזישע טעאַטער, אַז ער איז אפילו באַצייכנט געוואָרן ווי „דער קעניג פון הומאָריסטן". ער איז געווען זייער באַליבט ביים פראַנצויזישן טעאַטער־באַזוכער און איז עס אפילו אויך פאַר־בליבן ביז היינט צו טאָג.

זיינע ווערק זענען פול מיט וואַרעמקייט און האַרציקן הומאָר, פון וועלכן עס אָטעמט אַ מענטשלעכע איראָניע, אַ שטילער ציניזם און גוטהאַרציקער שמייכל פון אַ פילאָסאָף; אַ דיסקרעטע און נישט־ווייטיקלעכע קריטיק און סאַטירע, וואָס איז פול מיט מחילה פאַר מענטשלעכע שוואַכקייטן. די־אָ אייגנשאַפטן האָבן אים געשאַפן אַ גאָר גרויסע צאָל ליבהאָבער און אָנהענגער פון זיין פערזאָן און פון זיין שרייבערישן וועג.

וועגן טריסטאַן בערנאַרדס שרייבערישן דרך, האָט נאָך ביי זיין לעבן גע־שריבן דער באַדייטנדיקער פראַנצויזישער ליטעראַטור־קריטיקער עדמאָנד סעע: „ער אַמוזירט זיך און אַמוזירט אַלעמען און דאָך פילט מען, אַז ער איז ערנסט, ווי ער וואָלט געהאַט אויסצופירן אַ באַשטימטע מיסיע און פאַקטיש איז עס אויך

אַזוי. ער האָט זיך געשטעלט אַלס ציל נישט אַזוי דאָס אַרויסרופן געלעכטער, נאָר דער עיקר, צו אָבסערווירן, צו נאָטירן געענוי און מיט פּשטות אַלע מענטשלעכע טיפן וואָס זענען אונדז נאָענט און ער פירט עס אַדורך מייסטערהאַפט".

טריסטאַן בערנאַרד איז געווען אַ טיף אַסימילירטער ייד און אין זיין לעבן און אין זיינע ווערק געווען ווייט פון פאַרנעמען זיך און פון באַהאַנדלען וועלכע ס'איז פּאָליטישע און יידישע פּראָבלעמען. לייענענדיק זיינע ווערק, וואָלט קיינעם אפילו נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז דער שרייבער איז אַ ייד, אַ קינד פון אַ טראַדיציאָנעלער יידישער היים.

און אָט ברעכט אויס די מלחמה 1939 — 1945. די דייטשע אַרמייען באַזעצן פּאַריז. די לאַגע פאַר יידן הייבט אָן, פון טאָג צו טאָג, צו ווערן אַלץ אומזיכערער און שווערער. מען האָט מורא פאַרן נאָענטן מאָרגן פון יעדן ייד און אונטערן דרוק פון זיינע מערערע פריינט און גאָר ספּעציעל, פון שרייבער ראָמען דאָר־זשעלעס, פאַרלאָזט טריסטאַן בערנאַרד פּאַריז. ער האַלט זיך אויף אַ געוויסע צייט אין אַ שטעטל אין די פּירענעען־בערג און דערנאָך אין דרום־פראַנקרייך, אין דער שטאָט קאַן, וואָס האָט אַ געוויסע צייט זיך געפונען אונטער דער איטאַליענישער אָקופּאַציע. אָבער ווען איטאַליע קאַפּיטולירט און די דייטשע אַרמייען האָבן באַזעצט דאָס גאַנצע איבעריקע פראַנקרייך, הייבן זיך אָן אויך אין קאַן מאַסן־כאַפּונגען פון יידן און אין אַ געוויסן טאָג, קלאַפּן אָן די געסטאַפּאָ־לייט אין דער וווינונג פון טריסטאַן בערנאַרד. ער ווערט צוזאַמען מיט זיין פרוי אַרעסטירט און קורץ דערנאָך, געפינט זיך דער אַזוי־שטאַרק אַסימילירטער שרייבער אינ־טערנירט אין דראַנסי־לאַגער ביי פּאַריז, ווו עס דערוואַרט אים און זיין פרוי, דעפּאָרטירט צו ווערן אין דער א. ג. „אומבאַקאַנטער ריכטונג".

אָבער טריסטאַן בערנאַרד ווערט, ממש אין דער לעצטער מינוט, אָפּגעראַ־טעוועט פון דעפּאָרטירט ווערן דורך זיין פריינט, דעם פראַנצויזישן שרייבער און אַקטיאָר סאַשאַ גיטרי, וואָס האָט געהאַט באַשטימטע פאַרבינדונגען מיטן דייטשן אָקופּאַנט און האָט אויסגעפּועלט ביי זיי, די אַזוי זעלטענע באַפרייאונג פון זיין יידישן קאָלעגע פון דראַנסי־לאַגער.

דער אַסימילירטער טריסטאַן בערנאַרד איז געווען אַ פאָטער פון דריי זין און איינער פון זיי, דער שרייבער זשאַן־זשאַק בערנאַרד איז נאָך פאַר דער מלחמה געווען געשמדט און דאָך... האָט ער זיך ווי פיל אַנדערע משומדים, געפונען אינטערנירט אין אַ לאַגער ביי דער שטאָט קאָמפּיען, פון וועלכן די דייטשן האָבן אים לסוף אַרויסגעלאָזט „אויף דער פריי" צוליב זיין אויסגעשעפּטקייט פון הונ־גער, וואָרעם ער האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן.

זשאַן־זשאַק בערנאַרד איז נישט געשטאָרבן. ער האָט באַקומען הילף פון

נאָענטע מענטשן, לאַנגזאַם געקומען צו די כּוחות און סוף 1944, גלייך נאָכן פּאַר־טרייבן די דייטשן פון פראַנקרייך, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בוך אינטערנירונגס־זכרונות א. ג. „דער לאַגער פון לאַנגזאַמען טויט" און אין דאָזיקן בוך, דערציילט דער געשמדטער מחבר, אַז נאָך פאַר דער מלחמה, האָט ער פּראָבירט ווירקן אויף זיין פאָטער, אַז אויך ער זאָל זיך שמדן, אָבער טריסטאַן בערנאַרד האָט נישט געפאָלגט זיין זונס עצות און איז פאַרבליבן דאָס וואָס ער איז געווען — אַ ייד.

דאָ איז וויכטיק צו דערציילן וועגן אַ שטוינענדיק ווערק וואָס טריסטאַן בערנאַרד האָט אָנגעשריבן און פּובליצירט אין יאָר 1936 און וואָס איז דערשינען נישט אין אַ וועלכער ס'איז באַזונדערער אויסגאַבע, נאָר אין אַ גרעסערער זאַמ־לונג, צוזאַמען מיט אַ ריי שאַפונגען פון נאָך מחברים. ס'איז אַ ווערק אויף וועלכן מיר האָבן גאַנץ אומגעריכט זיך אָנגעשטויסן ערשט אין יאָר 1978 און וועגן וועלכן מיר האָבן אין אַלע אָפּהאַנדלונגען געווידמעט דעם שרייבער, נישט אָנגעטראָפן קיין איינציק וואָרט, קיין איינציקע דערמאָנונג אפילו און וואָס איז אויף אַן אומ־גלויבלעך שטוינענדיקן אופן פאַרבליבן אומבאַקאַנט דעם ברייטן עולם; ס'האַנדלט זיך אין אַ דראַמאַטיש ווערק, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דער ייד פון ווענעדיג" און וואָס איז נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַ זעלטענע, ביז גאָר אינטערעסאַנטע פּאַראָדיע אויף שעקספּיר'ס „דער קויפמאַן פון ווענעדיג". טריסטאַן בערנאַרד, דער אַזוי שווער אַסימילירטער ייד, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען און קיינמאָל נישט באַרירט אין זיינע ווערק קיין יידישע פּראָבלעמען, איז פּלוצעם אַרויסגעקומען מיט אַ ווערק אין וועלכן ער האָט אויסגעלאַכט דעם... קריסט־לעכן יושר. ס'איז אַ ווערק וואָס איז געווען און איז אַ זעלטענער ענטפער אויף דעם שוידערלעך־ליגנערישן אַרויסקום אויפן חשבון פון שיילאָקן, דעם דורך דער קריסטלעכער וועלט, אַזוי אומרחמנותדיק באַגזלטן ייד.

וואָס איז געשען? וואָס האָט עס באַוויגן דעם אַזוי אַסימילירטן טריסטאַן בערנאַרד, ער זאָל פּלוצעם אין יאָר 1936, נאָך 45 יאָר פראַנצויזיש־וועלטלעכער שרייבערישער אַקטיוויטעט, אַרויסקומען מיט אַזאַ ווערק, ווי ס'איז זיין פּאַראָדיע „דער ייד פון ווענעדיג"?

עס איז כּמעט ווי זיכער, אַז דאָס אַרויסקומען מיט דער פּאַראָדיע, זאָל האָבן געווען אַ רעזולטאַט פון די טאָג־טעגלעכע ידיעות, וואָס די פּרעסע האָט זינט 1933, געבערענגט וועגן די ווילדע אוממענטשלעכע אַנטי־יידישע מעשים וואָס שפּילן זיך אָפּ אין נאַצי־דייטשלאַנד און דער נעבעכדיקער אופן „רעאַגירן" פון דער קריסטלעך־ציוויליזירטער וועלט, אויף די נאַצישע יידן־פאַרפאָלגונגען; אַ שוידערלעכע אַנטי־יידישקייט, וואָס מען האָט זי אַלץ שווערער אָנגעהויבן פילן אויך אין פראַנקרייך.

„דער ייד פון ווענעדיג״ איז אַ זעלטענע פּאַראָדיע וואָס ענדיקט זיך מיט אַ שמועס פון דעם שווער דערשלאָגענעם שיילאָק און זיינס אַ פריינט, וואָס אין דער פּאַראָדיע הייסט ער דוד און ווו מיר לייענען:

„דוד: אַזוי, מיין אָרעמער שיילאָק, זיי האָבן דיך גוט דערנידעריקט... זיי זענען געווען זייער שווער צו דיר.

שיילאָק: ס׳איז אַ רעוואָלטירנדיקע אומגערעכטיקייט. צי וואָלטן זיי אָבער אַזוי געמשפּט, אויב ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ קריסט?

דוד: מעגלעך אַז נישט. אָבער אָט וואָס מען דאַרף זיך זאָגן: ס׳איז דער כבוד פון אויסדערוויילטן פאָלק צו דינען ווי אַ ביישפּיל, מכוח מענטשלעכער גערעכטיקייט״.

סאַראַ זעלטענע שורות, אַרויסגעבראַכט צום סאַמע ערשטן מאָל, דורך דעם אַסימילירטן, אָבער שווער געטראָפענעם שרייבער, אין וועמען עס האָט גע־לעבט דער באַוווסטזיין פון זיין יידישן שטאַם, פון זיין יידישער היים.

די פּאָפּולאַריטעט און דער אינטערעס צו דער פּערזענלעכקייט פון טריסטאַן בערנאַרד אין פראַנקרייך איז אַזוי גרויס, אַז זינט 1953 פאַרמאָגט די שטאָט פּאַ־ריז אַ פּלאַץ וואָס טראָגט דעם נאָמען פון שרייבער און אין יאָר 1971, גאַנצע 25 יאָר נאָך זיין טויט, איז אויף דעם זעלבן פּלאַץ, אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויך זיינס אַ מאָנומענט, אַ ביוסט און טראָץ דעם וואָס פּאַריז פאַרמאָגט ביי פּערציק גאַסן וואָס טראָגן נעמען פון יידן, איז אָבער דער טריסטאַן בערנאַרד־מאָנומענט דער איינציקער אין פּאַריז, פאַר אַ יידישן מענטשן.

אַז דאָס קומען פון היטלערן צו דער מאַכט און די כסדר נאָכקומענע ידיעות וועגן טראַגישן יידישן מצב אין דייטשלאַנד, האָט שווער אויפגערודערט דעם שרייבער טריסטאַן בערנאַרד, האָט זיך נישט פאַרענדיקט בלויז מיטן אָנשרייבן זיין „ייד פון ווענעדיג״ נאָר באַוויזן צו אַ באַשטימטער האַנדלונג. וועגן דעם דער־וויסן מיר זיך אויך פון אַן אַנדערער קוועלע:

אין די מלחמה־טעג, געפינענדיק זיך, ווי שוין דערמאָנט, אַ געוויסע צייט אין אַ שטעטל אין די פּירענעען, האָט דער שרייבער זיך באַקענט מיט אַ רב; דאָס איז געווען דער היינט גוט באַקאַנטער, נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענער מיליטערישער הויפּט־ראַבינער פון בעלגיע, דער יידישער פּען־מענטש פּנחס קאַלענבערג. זיי האָבן זיך אייניקע מאָל באַגעגנט און בעת זייערע שמועסן, האָט דער רב פיל דערציילט דעם שרייבער אויך וועגן יידישן הומאָר און „גלייך ביי די ערשטע ווערטער — דערציילט דער רב — ווען כ׳האָב מיך פאַרגעשטעלט מיט מיין טי־טול, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין מיר און געווען גליקלעך צו רעדן מיט אַ... ייד. זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן״. אין די פאָרגעקומענע שמועסן האָט דער רב

פּנחס קאַלענבערג דערציילט און אינפאָרמירט דעם שרייבער וועגן יידישן וויץ און הומאָר, וואָס זענען אַלעמאָל געווען אַ רפואה פאַר דעם יידישן גוף און נשמה, „און וואָס האָבן געהאָלפן טרייסטן יידן במשך פון דור דורות אין פינצטערן גלות".

קלישע נומער 22




מאָנומענט פון טריסטאַן בערנאַרד.

טריסטאַן בערנאַרד האָט דאָן, צום גרויסן שטוינען פון זיין מ״טשמועסער, אים דערציילט, אַז ער געדענקט נאָך אַ ריי תפילות, אפילו אויך די פון זיין בר־מצווה און לסוף אויסגערופן: „חטאתי! יום כיפור וועל איך זיך שטאַרק קלאַפּן אין האַרצן פאַר דעם גרויסן חטא וואָס כ׳בין באַגאַנגען לגבי דעם יידישן הומאָר".

טריסטאַן בערנאַרד איז אפילו געקומען אין שול הערן דעם הרב פּנחס קאַ־לענבערג מקבל שבת זיין און אים פאַרזיכערט אַז „ער וועט זיין גליקלעך צו קענען

אָנשרייבן נאָך דער מלחמה, אַ ספּעציעל ווערק, אַן אָפּפערע מיט אַ יידישן תוכן".

צי האָט טריסטאַן בערנאַרד נאָך דער מלחמה אָנגעשריבן די צוגעזאָגטע אָפּפערע „מיט אַ יידישן תוכן"? האָט ער זיך, נאָך די טראַגישע יאָרן און איבער־לעבענישן, זיך צוריק דערנענטערט צו זיין פאָלק, געשריבן וועגן די יידישע ליידן אין די מלחמה־טעג? וועגן זיינע אייגענע ליידן, בעת ער איז געווען אינ־טערנירט אין לאַגער דראַנסי? וועגן די אויפטרייסלונגען צוליב זיין זון, דעם קוים אָפּגעראַטעוועטן זשאַן־זשאַק בערנאַרד, נאָך זיין אַרויסקום פון קאָמפּיען־לאַגער? וועגן זיינס אַן איייניקל וואָס איז אומגעקומען אין מאַטהאַוזען, אַן אומקום וואָס האָט דעם אַלטן שרייבער שווער געטראָפן?

ליידער נישט! קיין שום פּובליקאַציעס וואָס זאָלן עפּעס דערציילן וועגן די יידישע געפילן פון שרייבער אין זיינע לעצטע לעבנס־חדשים, זענען נישט דער־שינען.

טריסטאַן בערנאַרד איז געווען צו שטאַרק דערווייטערט פון זיין פאָלק, צו שטאַרק אַסימילירט און אויסגעטאָן פון יידישן לעבן. אין סך־הכל זענען פון יע־נער טראַגישער צייט, פאַרבליבן אייניקע געציילטע טראַגיש־סאַטירישע ווערט־לעך זיינע, וועלכע דערציילן וועגן געוויסע ביטערע מאָמענטן זיינע אין די נאַצי־טעג 1).

טריסטאַן בערנאַרד איז געשטאָרבן דעם 7־טן דעצעמבער 1947 אין עלטער פון 81 יאָר.

דער שרייבער געהערט כסדר צו די זייער פיל געלייענטע און פאַרוויילנ־דיקע הומאָריסטן, וועמענס ביוסט געפינט זיך אין דער „פראַנצויזישער קאָמעדיע" און אויך אין פאַריזער מוזיי פון וואַקסענע פיגורן, „גרעוואַן" 2).

אויפן מאָנומענט וואָס די שטאָט פּאַריז האָט געשטעלט דעם שרייבער (אַ ווערק פון סקולפּטאָר י. ה. קאָעפּאַן J.H. Coeffin לייענען מיר דריי פון זיינע געדאַנקען: „כדי צו לעבן גליקלעך מיט מענטשן, דאַרף מען ביי זיי נישט בעטן מער ווי נאָר דאָס, וואָס זיי קענען געבן". „שטיץ זיך נאָר אויף דיר אַליין, אָבער אויך נישט צו פיל"; און „איך האָס דאָס האַסן".

---

1) זע יחזקאל קאָרנהענדלער: „פּאַריזער היסטאָרישע קוריאַזן", פּאַריז 1965.

2) אין יאָר 1943, האָט אַ פראַנצויזישער זשורנאַליסט פון דער נאַצישער צייטונג „זשע סווי פּאַרטו" געמאַכט אַ געוויסן טאַג אַ סקאַנדאַל אין פּאַריזער מוזיי „גרעוואַן" למאַי אויפן ביוסט פון שרייבער טריסטאַן בערנאַרד, וועלכן מען זעט דאָרט, איז נישט געווען אָנגעהאָנגען די... אָבליגאַטאָרישע געלע לאַטע.

**זשאָרזש מאַנדעל :**

דאָ, אויפן זעלבן בית עולם פּאַסי, געפינט זיך אויך דאָס קבר פון פראַנ־צויזיש־יידישן פּאָליטיקער, געוועזענעם מערערע מאָל פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַט און מיניסטער זשאָרזש מאַנדעל, דערהרגעט דורך דער פראַנצויזישער נאַצי־מיליץ דעם 7־טן יולי 1944.

דער נאָמען זשאָרזש מאַנדעל איז פּאַקטיש געווען זיינס אַ פּאָליטישער פּסעוו־דאָנים, מיט וועלכן ער האָט זיך אָנגעהויבן באַנוצן, זינט ער איז, אין עלטער פון 21 יאָר אַוועק אויפן וועג פון פּאָליטישער אַקטיוויטעט. זיין אמתער נאָמען איז געווען לואי־זשאָרזש ראָטשילד.

זשאָרזש מאַנדעל איז געבוירן אין יאָר 1885 אין דער שטאָט שאַטו (דעפּאַר־טאַמענט סען־אואַז). וועגן דער פּערזאָן פון זיין פאָטער זענען נישט פאַראַן קיין שום ספּעציעלע ידיעות. זיין מוטער האָט אָבער געהערט צו דער ראָטשילד־משפּחה און דער דאָזיקער פאַמיליע־נאָמען איז געווען ווייט נישט־באַקוועם פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט אומבאַדינגט געוואָלט אַוועקגיין אויפן וועג פון פּאָליטיק. דערפון זיין נאָמען מאַנדעל, מיט וועלכן ער האָט זיך טאַקע באַרימט געמאַכט אין פראַנצויזיש־פּאָליטישן לעבן.

אין יאָר 1906 ווערט זשאָרזש מאַנדעל פאַרבונדן מיטן באַרימטן פּאָליטישן טוער זשאָרזש קלעמאַנסאָ. ער איז באַשעפטיקט אין די פּאָליטישע צייטונגס־אויסגאַבעס פון דעם פראַנצויזישן פּאָליטיקער, צוערשט אין דער פּראָווינץ און דערנאָך אין קלעמאַנסאָ׳ס צייטונג, אַרויסגעגעבן שוין אין פּאַריז גופא. זשאָרזש מאַנדעל דר׳נגט אַלץ מער אַריין אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, אַ געביט וואָס פאַרכאַפּט אים. אין רעזולטאַט פון זיין גרויסער ערנסטקייט, זיינע אָרגאַניזאַטאָ־רישע פעאיקייטן און פּאָליטישער אָריענטאַציע, באַווירקט ער אַלץ מער דעם פּאָליטיקער קלעמאַנסאָ און ווערט ממש זיין רעכטע האַנט. און ווען קלעמאַנסאָ, „דער טיגער", ווערט אין יאָר 1917 פראַנצויזישער פּרעמיער־מיניסטער, ווערט דער יונגער 28 יאָריקער זשאָרזש מאַנדעל דער שעף פון זיין מיניסטרן־קאַבינעט. ער צייכנט זיך אַזוי שטאַרק אויס, אַז דער אַזוי פאַרנומענער קלעמאַנסאָ לאָזט אים איבער די פירונג פון אַלע, אַלע מיניסטאָרישע פּראָבלעמען, רעזערווירנדיק פאַר זיך בלויז דאָס געביט פון אָנגייענדיקן קאַמף קעגן די דייטשע אַרמייען, דער־קלערנדיק ביי יעדער שטערונג : „איך פיר מלחמה!".

דער צוטרוי, די ראָלע און איינפלוס פון וועלכן זשאָרזש מאַנדעל האָט גע־נאָסן ביי קלעמאַנסאָ, זענען געווען אַזוי גרויס, אַז אין לאַנד האָט אָנגעהויבן קור־סירן אַ קלאַנג, אַז עס איז אַזוי דערפאַר, ווייל מאַנדעל איז נישט נאָר דער פעאיקער

שעף פון קלעמאַנסאָ׳ס מיניסטאָרן־קאַבינעט, נאָר אַז פּאַקטיש, זאָל ער אויך זיין „דעם טיגערס״ אַ. . . זון.

זשאָרזש מאַנדעל איז אין זיין פּאָליטישער קאַריערע אייניקע מאָל געווילט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט און געווען צוערשט פּאָסט־מיניסטער, אַריינברענגנדיק וויכטיקע רעאָרגאַניזאַציעס אין פראַנצויזישן פּאָסט־וועזן, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטוינונג. ער איז אַ געוויסע צייט אויך געווען קאָלאָניע־מיניסטער און אין פאַרלויף פון אייניקע חדשים צייט, ביז צו דער קאַטאַסטראָפע און קאַפּיטולאַציע אין יוני 1940, געווען דער אינערן־מיניסטער.

נאָך דעם געשלאָסענעם וואָפן־שטילשטאַנד מיטן מאַרשאַל פּעטענס קומען צו דער מאַכט און מיטן איינשטעלן זיך אין לאַנד פון דעם א. ג. ווישי־רעזשים, פאָרט אָפּ זשאָרזש מאַנדעל, צוזאַמען מיט אַ גרעסערער גרופּע דעפּוטאַטן קיין מאַראָקאָ, אָבער דעם 29־טן יוני ווערט ער דאָרט אַרעסטירט און צוריקגעבראַכט קיין פראַנקרייך. זשאָרזש מאַנדעל, דער ייד און געוועזענער מיטאַרבעטער פון זשאָרזש קלעמאַנסאָ, וועמען ער האָט אַזוי פיל געהאָלפן אין קאַמף פאַר דער מפּלה פון דער דייטשער אַרמיי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, דערפילט גלייך אויף זיך די שווערע און פיינלעכע אַטמאָספערע פון נייעם רעזשים, וואָס פירט אויס דעם ווילן פון נאַצי־דייטשלאַנד. ער ווערט פאַרשפּאַרט אויף לאַנגע חדשים אין פראַנצויזישע טורמעס און צום סוף, דעם 22־טן נאָוועמבער 1941, אין קורצע טעג נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן באַזעצט די דרום־טייל פון פראַנקרייך, ווערט ער פאַרשיקט אין דער געגנט פון בוכענוואַלד, ווו ער מאַכט אַדורך אַ סך פּייניקונגען. אַ געוויסע צייט געפינט ער זיך אויך אינטערנירט צוזאַמען מיט לעאָן בלומען.

אין די לעצטע יוני־טעג פון 1944, דערהרגעט די פראַנצויזישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג דעם פראַנצויזישן ווישי־מיניסטער פאַר פּראָפּאַגאַנדע פיליפּ העגריאָ. די דייטשן באַשליסן אַדורכצופירן אַ נקמה און זיי אונטערהאַנדלען מיט דער ווישי־רעגירונג מכוח „ליקווידירן״ דעם געוועזענעם פּרעמיער־מיניסטער פּאָל רעינאָ, לעאָן בלומען, זשאָרזש מאַנדעל און אַנדערע. די ווישי־רעגירונג אַקצעפּטירט דאָס „אויסליווערן״ נאָר פון זשאָרזש מאַנדעלן, וועלכער ווערט צוריקגעברענגט קיין פראַנקרייך און איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פראַנצויזישער מיליץ, וואָס פאַרשפּאַרט אים אויף קורצע שעהן אין דער פּאַריזער טורמע „סאַנטע״ און דעם 7־טן יולי 1944 ווערט זשאָרזש מאַנדעל געבראַכט אין אן אויטאָמאָביל אין וואַלד פון פאָנטענבלאָ. אין אַ געוויסן מאָמענט שטעלט זיך די מאַשין אָפּ. מען הייסט אים פאַרלאָזן דעם אויטאָ און דאָן, ווערט דער דאָזיקער פּאָליטישער טוער, וועלכער האָט אין פאַרלויף פון 35 יאָר צייט געדינט מיט אַזוי

פֿיל טרייסאַפּט זיין פֿראַנצויזיש פּאַטערלאַנד, קאַלטבלוטיק דערהרגעט דורך פֿראַנצויזישע מענטשן, אַריינשיסנדיק אין אים 9 רעוואָלווער־קוילן.

זשאָרזש מאַנדעל איז דאַן אַלט געווען 59 יאָר.

זינט 1945 געפֿינט זיך אין פּאַריז, אין 16־טן אַראָנדיסמענט, אַן אַוועניו וואָס טראָגט דעם נאָמען פֿון מאַרטירער. צו דער 20 יאָריקער דאַטע פֿון אומברענגען אים, איז אויך דערשינען אַ פֿראַנצויזישע פּאָסט־מאַרקע מיט זיין פּאָרטרעט און אין פּאָנטענבלאָ־וואַלד, נעבן דעם אָרט ווו זשאָרזש מאַנדעל איז אומגעברענגט געוואָרן, איז אויך פֿאַראַן אַ טאָוול, וואָס דערמאָנט די שפּאַצירער און פֿאַרביי־פֿאָרער וועגן דער דראַמע וואָס האָט זיך דאָרט אָפּגעשפּילט.

זשאָרזש מאַנדעל איז געווען אַ שטאַרק אַסימילירטער ייִד, וואָס האָט זיך נישט באַשעפֿטיקט און איז קיינמאָל נישט געווען אַקטיוו אין ייִדישן לעבן פֿון ישוב. ער האָט אָבער אויך קיינמאָל נישט פֿאַרלייקנט זיין ייִדישקייט.

### דער דראַמאַטורג אַנרי בערנשטיין :

דאָ געפֿינען מיר אויך דאָס קבר פֿון דראַמאַטורג אַנרי בערנשטיין, גע־בוירן אין יאָר 1876 אין אַ באַנקירן־משפּחה און געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1935.

אין עלטער פֿון 23 יאָר, שרייבט ער אָן זיין ערשט טעאַטער־ווערק, אַ מאָ־דערנע קאָמעדיע אין דריי אַקטן, „דער יאַריד" און פֿול מיט גלויבן און זיכער־קייט אין זיין טאַלאַנט, שיקט ער דעם מאַנוסקריפּט צום דאַן זייער באַרימטן אַקטיאָר און טעאַטער־דירעקטאָר אַנטואַן, וואָס איז אַנטציקט פֿון ווערק פֿון דעם אומבאַקאַנטן יונגן מחבר. די קאָמעדיע ווערט גלייך אויפֿגעפֿירט און רופֿט אַרויס אַ גרויסן אינטערעס צום מחבר.

ס'קומען נאָך אַ ריי ווייטערדיקע טעאַטער־ווערק, וואָס פּאָפּולאַריזירן דעם נאָמען פֿון אַנרי בערנשטיין, וועלכער ווערט לסוף באַטראַכט ווי איינער פֿון די סאַמע באַדייטנדיקסטע פֿראַנצויזישע דראַמאַטורגן פֿון זיין צייט. זיין דיאַלאָג איז פֿריי, אימפּולסיוו, טעמפּעראַמענטפֿול און אָפּטמאָל אויך שטורמיש, אַ זאַך וואָס עס באַשטעטיקט אויך זיינס אַ פּערזענלעכע האַנדלונג, צו וועלכער מיר זענען נישט געוווינט אַנצוטרעפֿן ביי ייִדישע מענטשן, ווי זיין אַרויסרופֿ, צוליב אַן אויס־געבראָכענעם קאָנפֿליקט אין יאָר 1938, דעם הויפּט־אַדמיניסטראַטאָר פֿון דער „פֿראַנצויזישער קאָמעדיע", עדואַרד בורדע אויף אַ... דועל, וואָס האָט זיך גע־ענדיקט מיטן פֿאַרוווּנדן די רעכטע האַנט פֿון זיין קעגנער. ס'איז געווען אַ גע־שעעניש, מיט וועלכן עס האָט זיך דאַן פֿיל געטומלט.

אַנרי בערנשטיין איז כמעט נישט געווען אַריינגעטאָן אין ייִדישן לעבן און

אין יידישע פּראָבלעמען, אָבער צווישן זיינע מערערע טעאַטער־ווערק געפינען מיר צוויי פּיעסעס אויף יידישע טעמעס; דאָס איז זיין פּיעסע „ישראל", וועמענס פּרעמיערע איז פאָרגעקומען דעם 13־טן אָקטאָבער 1908 און זיינס אַ צווייט ווערק „יהודית" אין 1922.

דאָ האַלטן מיר פאַר וויכטיק צו ציען די אויפמערקזאַמקייט דערויף, וואָס בעת אין פראַנקרייך איז אין יאָר 1894 אויסגעבראָכן די אַזוי באַרימטע דרייפוס־אַפערע, איז אַנרי בערנשטיין אַלט געווען נאָר 18 יאָר. אָבער ערשט אין יאָר 1908, צוויי יאָר נאָך דער ענדגילטיקער רעהאַביליטאַציע פון יידישן אָפיציר, איז דער דראַמאַטורג אַרויסגעקומען מיט זיין טעאַטער־ווערק „ישראל" אין וועלכן ער האָט ביטער אויסגעחוזקט די אַנטיסעמיטישע וועלט; געטאָן האָט ער עס אָבער, לויט אונדזער טיפער איבערצייגונג נישט אַזוי ווייט צוליבן אָנגעמען זיך פאַר דער שווערער עוולה וואָס יידן אין פראַנקרייך האָבן אַדורכגעמאַכט אין די יאָרן פון דער דרייפוס־אַפערע, ווי צוליב די צרות וואָס דער שרייבער גופא, האָט ווי אַ ייד, געהאַט אויסצושטיין אין רעזולטאַט פון די געשעענישן וואָס האָבן געטרייסלט מיטן לאַנד.

ס׳איז ווייט נישט אויסגעשלאָסן, אַז אַנרי בערנשטיינס אַרויסקום אין יאָר 1908 מיט זיין טעאַטער־ווערק „ישראל" זאָל האָבן געווען באַווירקט דורך אַן אַטענטאַט, וואָס אַן אַנטיסעמיט האָט אין זעלבן יאָר אויסגעפירט אויפן יידישן אָפיציר דרייפוס, שיסנדיק און פאַרוווּנדנדיק אים לייכט, בעת דער צערעמאָניע פון איבערפירן אין פּאַנטעאָן, דעם קערפּער פון גרויסן הומאַניסטישן שרייבער און קעמפער עמיל זאָלאַ.

די צווייטע פּיעסע פון אַנרי בערנשטיין, אויפן ביבלישן סיוזשעט „יהודית", וואָס איז דורך אים אָנגעשריבן געוואָרן אין יאָר 1922, איז אַ מערקווירדיק, הויך־דיכטעריש און יידיש־פּאַטריאָטיש ווערק.

אַנרי בערנשטיין, וואָס ווערט ביז היינט צו טאָג, באַטראַכט ווי אַ מייסטער אויפן טעאַטראַלן געביט, האָט איבערגעלאָזט אַ גרעסערע צאָל גלענצנדיקע ווערק, וואָס ווערן אָפט אויפגעפירט אויף פאַרשידענע טעאַטער־סצענעס 1).



**דינאַ פעליקס:**

דאָ געפינט זיך אויך דאָס קבר פון דער פראַנצויזישער אַקטריסע דינאַ פע־

1) זע „יידן אין פּאַריז", זייט 259, ערשט בוך.

ליקס, וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1910. זי איז געווען די סאַמע ייִנגסטע שוועס־טער פון דער גרויסער ייִדישער אַקטריסע ראַשעל [2].

***

**מאַטיע דרייפוס :**

מיר געפינען אויך אויף דעם בית־עולם, דאָס קבר פון מאַטיע (מתתיהו) דרייפוס ; דער ברודער פון קאַפּיטאַן אַלפרעד דרייפוס, וואָס איז געווען די פּאַק־טישע נשמה פון דער קאַמפּאַניע אויף צו מאָביליזירן די ערלעכע פראַנצויזישע געזעלשאַפטלעכקייט, אויף צו באַווייזן די אומשולד פונעם ייִדישן אָפיציר און דערגרייכן זיין באַפרייאונג.

מאַטיע דרייפוס איז געווען איינער פון די הויפּט־פיגורן אין קאַמף, צוליב וואָס ער האָט פאַרלאָזט זיינע פערזענלעכע פּרנסה־ענינים, ווידמענדיק זיך נאָר איין ציל : דאָס ראַטעווען זיין ברודער. אים איז עס געלונגען צו פאַראינטערעסירן און צו געווינען וויכטיקע פערזענלעכקייטן פון פראַנקרייך פאַרן קאַמף און באַ־פרייאונג פון זיין אומשולדיק־פאַרמשפּטן ברודער, אַלפרעד דרייפוס [3].

***

מיר פאַרענדיקן מיטן דערמאָנען אויך דאָס קבר פון באַרימטן פראַנצויזישן דראַמאַטורג פראַנסיס דע קרואַסע (פראַנץ ווינער), וואָס רוט אויף דעם בית־עולם אין אַ קריסטלעכן קבר [4].

ביבליאָגראַפיע :

**זע נומער:**

1, 14, 16, 17, 18, 35, 49, 57, 64, 66, 103, 121, 132.

2) זע „ייִדן אין פּאַריז", זייט 261, ערשט בוך.
3) זע „ייִדן אין פּאַריז", זייט 259, ערשט בוך.
4) זע „ייִדן אין פּאַריז", זייט 122, ערשט בוך.

## 10.

# הייזער דערציילן:

אין אונדזער ערשט בוך „יידן אין פּאַריז" האָבן מיר דערציילט וועגן מע־רערע הייזער, ווו ס'האָבן געלעבט אַ ריי יידישע און פון יידן אָפּשטאַמיקע פּער־זאָנען, פאַר וועלכע אונדזער געשיכטע האָט אַן אינטערעס און ווו עס האָבן זיך אויך אָפּגעשפּילט וויכטיקע יידישע געשעענישן.

ברענגען מיר איצט אַ וויטערדיק קאַפּיטל מיט אָנווייזונגען אויף ערטער אין פּאַריז, וואָס זענען פאַרבונדן מיט יידן און יידיש לעבן.

### ערשטער אַראָנדיסמענט:

26, place Dauphine

דאָ האָט אַ צייט לאַנג געוווינט און געשטאָרבן אין יאָר 1908, אין עלטער פון 74 יאָר, דער דראַמאַטורג און ראָמאַניסט, דער אַקאַדעמיקער לודאָוויק האַ־לעווי. ער איז געווען אַ זון פון יידיש־פראַנצויזישן היסטאָריקער לעאָן האַלעווי און אַ ברודערן־זון פון קאָמפּאָזיטאָר פראָמענטאַל האַלעווי.

לודאָוויק האַלעווי איז געווען געטויפט.

15, rue Thérèse

דאָ האָט לאַנגע יאָרן געוווינט און געהאַט זיין ביוראָ, דער אַדוואָקאַט לעאָן גלעזער, וואָס איז געקומען קיין פּאַריז אין יאָר 1907 און געווען זייער אַקטיוו אין קולטור־געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן פון ישוב.

גלייך נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן באַזעצט פּאַריז, איז די וווינונג פון לעאָן גלעזער געוואָרן אַן אָרט פון צונויפקומען זיך פון די אין פּאַריז געבליבענע (קליינע צאָל) יידיש־געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס האָבן דאָ טאָג־טעגלעך אָפּגע־האַלטן באַראַטונגען.

דעם 14־טן יוני 1940 זענען זיי געווען פינף געזעלשאַפטלעכע טוער, אויף צו מאָרגנס, צען יידישע מענטשן, לסוף האָט זייער צאָל דערגרייכט אַכצן פּערזאָן און דאָ, אין דער דאָזיקער וווינונג, איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע יידישע ווידער־שטאַנד־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָנגעהויבן איר אַקטיוויטעט אין פּאַריז. דאָ איז אויך געשאַפן געוואָרן דער קאָמיטעט וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט אַלס „קאָ־

מיטעט רי אַמלאָ״, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט ראַטעווען ייִדישע קינדער.

שפּעטער איז אַדוואָקאַט לעאָן גלעזער געזוכט געוואָרן דורכן נאַצישן אָקו־פּאַנט פֿאַר זיין אַקטיוויטעט אין ייִדישן ווידערשטאַנד. דאַן איז ער אַריבער אין דער א. ג. ווישי־זאָנע, וווּ ער איז כסדר און אומדערמידלעך אָנגעגאַנגען מיט זיין ייִדישער ווידערשטאַנד־אַקטיוויטעט, אויספֿירנדיק אַ ריי ביז גאָר געפֿערלעכע מיסיעס.

קלישע נומער 23



לעאָן גלעזער.

אַרעסטירט דעם 28־טן יוני 1944 דורך די נאַציס, איז ער אויף צו מאָרגנס דערשאָסן געוואָרן הינטער ליאָן, צוזאַמען מיט נאָך זעקס ייִדישע ווידערשטאַנדלער.

## צווייטער אַראָנדיסמענט :
7, bd Montmartre

דאָ געפֿינען מיר זיך פֿאַרן קלאַסישן פֿאַסאַד פֿון „טעאַטר דע וואַריעטע״. אין דעם בנין איז דעם 13־טן דעצעמבער 1864 פֿאָרגעקומען די פּרעמיערע פֿון זשאַק אָפֿענבאַכס וועלט־באַרימטע אָפּערעטע „די שיינע העלענע״, איינע פֿון די שע־דעווורען פֿון קאָמפּאָזיטאָר.

## פֿערטער אַראָנדיסמענט :
6, rue des Hospitalières Saint-Gervais

מיר געפֿינען זיך אין קוואַרטאַל „מאַרע״, אין האַרץ פֿון א. ג. „פּלעצל״.

דאָס הויז נ׳ר 6 אויף דער דאָזיקער קליינער גאַס, וואָס האַלט סך־הכל 92 מעטער די לענג, איז שוין זינט לאַנגע יאָרן אַ שטאָטישע שולע פאַר יונגע שילער. אויף דער מויער פון דעם בנין לייענען מיר אַן אויפשריפט וואָס דערציילט, אַז דעם 16־טן יולי 1942, האָבן די דייטשן אַרויסגענומען פון דער שולע 165 יידישע ייִנגלעך און אויך זייערע לערערס, און אַלע זענען זיי דעפּאָרטירט געוואָרן אין די נאַצישע גיהנום־לאַגערן, ווו זיי זענען אַלע אומגעקומען.

## 10-12, rue des Deux-Ponts

די דאָזיקע צוויי גרויסע בנינים זענען געבויט געוואָרן דורכן יידישן פילאַנ־טראָפּ פערנאַן האַלפען, כדי אויפצונעמען גרעסערע יידישע עמיגראַנטן־משפחות וואָס האָבן געהאַט מערערע קינדער.

אויך אויף דער דאָזיקער מויער לייענען מיר אַן אויפשריפט וואָס אינפאָר־מירט אַז „דעם 10־טן דעצעמבער 1942 האָבן די דייטשן דאָ אַרעסטירט 112 יידישע איינוווינער פון בנין, דערונטער 40 קינדער, וואָס זענען דעפּאָרטירט גע־וואָרן און אומגעקומען אין דייטשע לאַגערן״.

## 26, rue Charainesse

אין דעם אַזוי אַלטן בנין, האָט שיינע יאָרן געוווינט דער ציוניסטישער יידיש־געזעלשאַפטלעכער טוער און זשורנאַליסט מאַרק יאַרבלום. פון דאַן איז ער עולה געווען קיין ישראל.

## 22, rue du Figuier

מיר געפינען זיך דאָ, פאַר אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטן בנין, אַ געמיש פון גאָטישן און רענעסאַנס־סטיל, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן צווישן די יאָרן 1475 און 1519 און וואָס איז באַרימט אַלס דער האָטעל סאַנס. אין 16־טן יאָרהונדערט איז דאָ, אין פאַרלויף פון אייניקע חדשים צייט, איינגעשטאַנען אַ זון פון אַ גע־שמדטער יידישער משפחה, דער באַרימטער מישעל נאָסטראַדאַמוס, וואָס האָט געלעבט אין פראַנצויזישן פּראָוואַנס און האָט זיך געשאַפן אַ גרויסן נאָמען ווי אַ... שטערנזעער און פאָרויסזאָגער וועגן מענטשלעכן גורל און אויך טרעפער וועגן פּאָליטישע געשעענישן, וועלכע ער האָט אַרויסגעברענגט, געשריבענע אין פערזן.

אין 16־טן יאָרהונדערט, ווען דער נאָמען פון טרעפער און פאָרויסזאָגער פון מענטשלעכן גורל, איז געוואָרן ביז גאָר באַרימט, האָט די קעניגין קאַטערינע מע־דיטשי, אַ פאַנאַטיש־גלויביקע קאַטאָליקין, אים איינגעלאַדן קיין פּאַריז, כדי הערן פון אים גופא, פאָרויסזאָגונגען וועגן דעם, וואָס עס דערוואַרט — אין יענער ווייט

נישט זיכערער צייט — די מיטגלידער פון קעניגלעכן הויף און אויך וועגן גורל פון דער מדינה גופא.

נאָסטראַדאַמוס (פון וואָרט און אויסדרוק „נאָטר־דאַם״), וואָס איז געבוירן אין יאָר 1503 אין שטעטל סאַן־רעמי און געשטאָרבן אין יאָר 1566 אין פראַנצויזישן סאַלעם, האָט איבערגעלאָזט ביז גאָר רייכע פּאָרויסזאָגונגען, וואָס אַ טייל פון זיי, ווי שטוינענדיק דאָס זאָל נישט קלינגען, האָבן זיך אויך רעאַליזירט נאָך ביי זיין לעבן. זיינע פאַרבליבענע, פיר־פּערזיקע, שריפטלעכע פאָרויסזאָגונגען, פול מיט מיסטיש־נעפּלדיקן אינהאַלט, ווערן שטודירט אפילו אויך ביז היינט צו טאָג. ער זאָל אפילו האָבן פאָרויסגעזען דאָס קומען פון אַ... היטלער צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד און אפילו אויך, די ווידעראַנטשטייאונג פון אַ יידיש לאַנד.

קלישע נומער 24



האָטעל סאַנס

מישעל נאָסטראַדאַמוס איז געווען שטאָלץ פון זיין יידישער אָפּשטאַמונג. ער איז איינגעשטאַנען אין האָטעל סאַנס, אַ קנאַפּ יאָר צייט, דאָס איז געווען אין יאָר 1555. אין זעלבן אַלטן האָטעל, וואָס איז היינט צו טאָג, פיין רעסטאַרירט און אָפּגעהיטן, האָט נאָך אין יאָר 1910 עקסיסטירט אַ קליינע יידישע שול, וווהין יידן פון „פּלעצל״ פלעגן קומען דאַווענען.

**פינפטער אַראָנדיסמענט:**
6, rue des Quatrefages

דאָ האָט לאַנגע יאָרן געוווינט דער דיכטער דוד איינהאָרן. ער האָט פאַרלאָזט

די ווינונג אין די מלחמה־טעג, אָפּפאָרנדיק אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, כּדי אויסצומיידן די געפאַרן, בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע פון פּאַריז.

9, rue Vauquelin

אין דעם בנין געפינט זיך דער פאַריזער ראַבינער־סעמינאַר. ס׳איז דער איינציקער סעמינאַר וואָס פאָרמירט רבנים פאַר פראַנקרייך און פאַר פראַנצויזיש־רעדנדיקע לענדער (און אויך שוחטים און חזנים).

אַ שטיין־טאָוול וואָס הענגט אין דעם בנין גופא, דערציילט וועגן אַכצן, דורך די דייטשן פאַרהאַלטענע אין די יאָרן 1941 — 1943, לערערס, אומגעקומענע אין דעפּאָרטאַציע. צווישן די אומגעקומענע, האָט זיך אויך געפונען דער היסטאָריקער לעאָן בערמאַן, מחבר פון בוך „געשיכטע פון יידן אין פראַנקרייך״.

10, rue Le Goff

מיר געפינען זיך פאַר אַ באַשיידענעם האָטעל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „בראַזיל״. דאָ האָט אין די יאָרן 1885 — 1886 זיך אויפגעהאַלטן דער נאָך קיין דרייסיק יאָר נישט אַלטער, זיגמונד פרויד. ער האָט דאַן אַדורכגעמאַכט אין שפּיטאָל „סאַל־פּעטריער״ אַ שטודיום־קורס ביים פּראָפ. שאַרקאָ, איבער היסטעריע.

65, bd Saint-Michel

מיר געפינען זיך דאָ פאַר אַ קאַפע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „מאַיע״, אין וועלכער געציילטע יידישע מענטשן האָבן אין יאָר 1940, זיך איינציקע מאָל געטראָפן מיט דעם פון וואַרשע זיך אַרויסגעריסענעם און בשלום אָנגעקומענעם יידישן טוער און קעמפער מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים. פון דאַנען לאָזט ער זיך קיין ניו־יאָרק און דערנאָך לאָנדאָן, ווו ער האָט געהאָפט אויפצורודערן די וועלט און אפשר עפּעס דערגרייכן, כּדי צו ראַטעווען דאָס פּוילישע יידנטום פון גיהנום־מצב.

אין די קורצע טעג פון זיין געפינען זיך אין פּאַריז, האָט אַרטור זיגעלבוים געהאַלטן אין פּאַריז אַ רעפעראַט, געווידמעט דער 25־טער יאָרצייט פון י. ל. פּרצן, וועמענס אינהאַלט ס׳איז געווען פּובליצירט אין דער פּאַריזער „אונזער שטימע״ פון 20־טן אַפּריל 1940 און ווו מיר לייענען צווישן אַנדערן אַז : „היינט לעבן מיר ווידער איבער טעג פון גרויל, נאָך גרעסער, נאָך שרעקלעכער ווי דעמאָלט האָט אומגליק אַרומגענומען די יידישע מאַסן מיט ביינערדיקע אָרעמס״ — רייד אין פאַרבינדונג מיט דער דאַן טראַגישער רעאַליטעט פון פּוילישן יידנטום און אַז די יידישע מאַסן געפינען זיך — „אין אַ שווערן, מסירת־נפשדיקן קאַמף פאַרן לעבן, פאַרן קיום, אַ קאַמף מיט אַ שרעקלעכן, מיט אַ מאָנסטרועלן שונא״.

ס׳איז געווען אַ שטוינענדיקע רייזע וועלכע דער קעמפער און מאַרטירער

האָט אונטערגענומען. ס'איז געווען אַ וועג פון היטלער־פּוילן, דורך טויט־סכנות־דיקע גרענעצן: דייטשלאַנד, האָלאַנד, בעלגיע, פראַנקרייך, ליסבאָן, ניו־יאָרק און לאָנדאָן. ס'איז געווען אַ מסירת־נפשדיקער שפּאַציר, כדי צו דערגרייכן די אויערן און „געוויסן" פון דער וועלט, וואָס איז געווען טויב־שטום און וואָס האָט דערפירט צום טראַגישן זעלבסטמאָרד פון דעם זעלטן־טייערן ייִדישן מענטשן.

**זעקסטער אַראָנדיסמענט:**

73, bd du Montparnasse

אין דעם בנין ווו עס געפינט זיך היינט אַ פילם־הויז, האָט אַמאָל עקסיסטירט אַ קאַפע, „דימעניל", וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן קעלער־זאַל אין וועלכן דער ייִדישער אַקטיאָר שלמה מיכאָעלס האָט אין יאָר 1928 געהאַלטן אַ רעפּעראַט פאַר אַן איבערפולטן זאַל פּאַריזער ייִדן, זוכנדיק אויפצוקלערן דעם עולם, די טענדענצן און די זייער נישט קלאָרע וועגן פון מאָסקווער ייִדישן קאַמער־טעאַטער אונטער דער לייטונג פון א. גראַנאָווסקי, וואָס האָט גאַסטראָלירט אין פאַרלויף פון אַ חודש צייט אין פּאַריז, אויספירנדיק די פּיעסן „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום עליכמען, „די באָבע יאַכנע" פון אברהם גאָלדפאַדען און „מסעות בנימין השלישי" פון מענדעלע'ן; דאָס זענען געווען ספּעקטאַקלען וואָס האָבן פאַרמאָגט מערערע, שטוינענדיק־אומפאַרשטענדלעכע פאַרן עולם, סצענעס.

14, rue de la Grande-Chaumière

דאָ, איבער דער „אַקאַדעמי דע לאַ גראַנד שאָמיער", האָט געוווינט און געהאַט זיין אַטעליע ביז צום יאָר 1920, דער קינסטלער אַמעדעאָ מאָדיליאַני. דאָ, איז ער אַוועקגעפאַלן און צוויי טעג שפּעטער, געשטאָרבן אין „שפּיטאָל שאַריטע", אין עלטער פון 35 יאָר.

100 bis, rue d'Assas

דאָ האָט געוווינט און געהאַט זיין אַטעליע, דער סקולפּטאָר אָסיפּ זאַדקין, געשטאָרבן אין יאָר 1967 אין עלטער פון 77 יאָר. דער סקולפּטאָר, אַ ייִדן פון וויטעבסק, איז געווען געטויפט אויף אַ פּראַוואָסלאַוונעם. זיין קבר געפינט זיך אויפן בית־עולם מאָנפּאַרנאַס.

5, rue de Médicis

דאָ געפינט זיך זינט לאַנגע יאָרן, דער ייִדישער סטודענטן־רעסטאָראַן וואָס טראָגט דעם נאָמען „פּואַיע מעדיסיס". דעם 23־טן מערץ 1979 האָבן אַראַבישע טעראָריסטן אַוועקגעלייגט דאָ אַ באָמבע, וואָס האָט אויפגעריסן מיטאָג־צייט. דער אַטענטאַט האָט שווער חרוב געמאַכט דעם רעסטאָראַן און פאַרוווּנדעט קרוב פערציק ייִדישע סטודענטן.

14, rue Monsieur-le-Prince

דאָ האָט פון יאָר 1876 ביז 1889 געוווינט און געשאַפן דער קאָמפּאָזיטאָר סען־סאַנס, מחבר פון דער אָפּערע „שמשון און דלילה", „דער טויטן־טאַנץ" און אַנדערע ווערק. סען־סאַנס איז געווען אַ זון פון אַ יידישער מוטער.

52, rue de Vaugirard

קומענדיק קיין פּאַריז אין יאָר 1831 האָט דער דיכטער היינריך היינע זיך דאָ אויפגעהאַלטן אַ קורצע צייט.

1 bis ,rue de Vaugirard

אין דאָזיקן גרויסן האָטעל „טריאַנאָן" האָט אין יאָר 1940 זיך אויפגעהאַלטן און אָפּגעריכט גלות, דער דייטש־יידישער זשורנאַליסט און שרייבער ערנעסט ווייס. ווען די דייטשע אַרמיי איז אין 1940 אַריין אין פּאַריז, איז דער שרייבער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, דערטרינקענדיק זיך אין דער וואַננע פון זיין האָטעל־צימער.

2, rue Racine

ביים הויז נ'ר 2, האַרט ביים בולוואַר סען־מישעל, האָט שלום שוואַרצבאַרד אויסגעפירט דעם 25־טן מאַי 1926, דעם אַטענטאַט אויף דעם אוקראַינישן אַטאַמאַן סימאָן פּעטלוראַ, איינעם פון די הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט אין אוקראַינע, אין די יאָרן 1919 — 1920. שלום שוואַרצבאַרד איז געשטאָרבן דעם 3־טן מערץ 1938 אין קייפּטאָן (דרום־אַפריקע) אין שליחות פון דער „אַלגעמיינער יידישער ענציקלאָפּעדיע". זיין אַש איז איניקע יאָר שפּעטער, געבראַנגט געוואָרן קיין ישראל.

דער קדוש אַלטער קאַציזנע (דערמאָרדעט אין יאָר 1941 דורך אוקראַינער) האָט אין יאָר 1936 אָנגעשריבן אַ טעאַטער־ווערק געווידמעט שלום שוואַרצבאַרדן. דאָס ווערק איז איבערגעזעצט געוואָרן דורכן שרייבער הענרי בולאַווקאָ און אויסגעפירט געוואָרן דורכן פראַנצויזישן ראַדיאָ „פראַנס־קולטור". אין יידיש איז די פּיעסע „שלום שוואַרצבאַרד" פון אַלטער קאַציזנע אויסגעפירט און געשפּילט געוואָרן דורך אל. גראַנאַך, זיגמונד טורקאָוו און יעקב ווייסליץ. צום ערשטן מאָל דערשיינט זי אין פּאַריז אין יאָר 1980.

5, rue de l'Ecole-de-Médecine

דאָ אויף דער מויער הענגט אַ שטיינטאָוול וואָס אינפאָרמירט אַז אין דעם הויז, איז אין יאָר 1844 געבוירן געוואָרן די אַקטריסע סאַראַ בערנהאַרד. אָבער די אינפאָרמאַציע איז ווייט נישט קיין זיכערע 1).

---

1) זע „יידן אין פּאַריז", זייט 224, ערשט בוך.

## 63, rue de Seine

אַן אויפשריפט אויף דער מויער פון דעם הויז אינפאָרמירט, אַז דאָ האָט אין יאָר 1834 געוווינט דער באַרימטער פּוילישער דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש. דאָס איז אויך געווען דאָס יאָר, ווען ס'איז דערשינען זיין באַרימט ווערק, די עפּאָ־פּייע „פּאַן טאַדעאוש״, וואָס ווערט באַטראַכט פאַרן גרעסטן דיכטערישן ווערק פון דער פּוילישער ליטעראַטור.

וועגן אַדאַם מיצקעוויטש'עס אָפּשטאַמונג איז פיל געשריבן געוואָרן און גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז זיין מוטער זאָל האָבן געווען אַן אָפּשטאַמיקע פון אַ ייִדיש־פראַנקיסטישער משפחה. אַדאַם מיצקעוויטש האָט ביי געלעגנהייטן אויך באַשטע־טיקט זיין ייִדישע אָפּשטאַמונג; עס צירקולירט זיינס אַ זיבן־פערזיקע „פּאָעמע״ מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט: „כ'בין אַ האַלבער ייִד, אַ האַלבער פּאָליאַק, אַ האַלבער יאַקאָבינער, אַ האַלבער זשאַק (אַ פראַנצויזישער פאָלקס־מענטש), אַ האַלבער צי־ווילער, אַ האַלבער סאָלדאַט, דערפאַר אָבער, אַ גאַנצער ליידאַק״.

אָבער אַ חוץ דעם דיכטערס אָפּשטאַמונג פון ייִדן, איז אויך פאַראַן אַ רייכע ליטעראַטור, וואָס דערציילט וועגן זיין גרויסער ייִדן־פריינטשאַפט, מכוח זיינע פאַרבינדונגען מיט ייִדישע מענטשן און וועגן זיין גרויסן אינטערעס פאַר אַלע ייִדישע פּראָבלעמען און אויך וועגן גורל פון פּוילישן ייִדנטום. די אַזוי פיל באַ־שריבענע ייִדן־פריינטשאַפט פון דיכטער, באַזירט זיך אויך אויף זיין אַרויספירן אין דעם שוין דערמאָנטן בוך „פּאַן טאַדעאוש״, דעם ייִדישן מענטשן, יאַנקעל צימבאַליסט, וועלכן דער דיכטער שילדערט אויף אַ שיינעם אופן, סיי ווי אַ מוזי־קער און סיי ווי אַ גרויסן פּוילישן פּאַטריאָט, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין דער געהיימער פּוילישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געקעמפט פאַר באַפרייען פּוילן פון דער צאַרישער אָקופּאַציע.

און טראָץ די שיינע שילדערונגען פון ייִדישן מענטשן יאַנקעל צימבאַליסט, זענען מיר ווייט פון דעם פאַרשפּרייטן גלויבן אין אַדאַם מיצקעוויטשעס גרויסער ייִדן־פריינטשאַפט און עס איז אַזוי, צוליב זיינס אַ פערצן־פערזיקן משל וועלכן מיר געפינען אין זיינע ווערק און וואָס הייסט . . . „די פלוי און דער רבי״, ווו מיר לייענען, נישט מער און נישט ווייניקער:

„אַ געוויסער רבי, וואָס איז געזעסן, ביז איבער די אויערן, אַריינגעטאָן אין לערנען דעם תלמוד, האָט געליטן פון אַ פלוי, וואָס האָט אים געביסן. דער רבי האָט אָנגעהויבן „טשאַטעווען״ אויף דעם באַשעפעניש און עס לסוף געכאַפּט״.

„איינגעקלאַמערט צווישן זיינע פינגער און דרייענדיק מיטן קעפּל און פיס־לעך, האָט די פלוי זיך געבעטן: זיי מיר מוחל רבי, ס'פּאַסט נישט פאַר אַ חכם און הייליקן מענטשן, זיך צו ברוגזן און פאַרגיסן בלוט״.

„בלוט פּאַר בלוט — האָט דער רבי זיך געקאָכט, דו פּאַשעסט זיך אויף פרעמדן חשבון. אַנדערע באַשעפֿענישן זאַמלען שפּײַז, האָניג און וואַקס. דו לעבסט פון טרינקען פרעמד בלוט".

„און ווען דער רבי האָט אָן רחמנות, אָנגעהויבן שטיקן די פלוי, האָט זי אויסגעייענדיק, אַרויסגעקרעכצט: — און פון וואָס לעבט דער רבי?".

די אויבן־ציטירטע, פּאַר יעדן יידישן מענטשן, אויפרודערנדיקע שורות, האָבן זיכער אַרויסגערופן פיל אַפּלאָדיסמענטן אין דער אַנטי־יידישער, קריסטלעך־פוילישער וועלט און זיי האָבן אָן יעדן ספק, אויך געשפּילט זייער ראָלע אין דער אַנטי־יידישער דערציאונג אין פוילן און מסתמא אויך אויסגעפירט אַ באַשטימטע אַנטי־יידישע ראָלע אין פוילן, בעת די נאַצי־טעג.

נישט נאָר איז די לעגענדע וועגן אַדאַם מיצקעוויטש׳עס פּראָ־יידישקייט ביז גאָר פאַרשפּרייט צווישן יידן, נאָר פאַראַן אפילו דורך יידן געשריבענע ווערק, גע־ווידמעט דעם דיכטערס יידן־פרײַנטשאַפט, ווערק אין וועלכע די מחברים האָבן אפי־לו מיט קיין איינציק וואָרט, נישט דערמאָנט, אַז ביי דעם „גרויסן יידן־פרײַנט"... איז פאַראַן אַזאַ שוידערלעך אַנטי־יידיש ווערק ווי „די פלוי און דער רבי".

די הענגנדיקע אויפשריפט אויף דער מויער פון הויז ב׳ר 63 רי דע סען, וואָס דערמאָנט דעם פּאַריזער יידישן פאַרבייגייער, וועגן דעם מחבר פון משל וועלכע יידישע מענטשן גופא מאַכן זיך פאַרגעסן, אָדער האָבן נישט דעם מוט צו באַהאַנדלען, די דאָזיקע אויפשריפט צווינגט כסדר צו טראַכטן, אַז די מעשה „די פלוי און דער רבי" האָט, אפשר טראָץ דער כוונה פון דיכטער, נישט ווייניק ביי־געשטייערט צו דער טראַגעדיע פון פוילישן יידנטום אין די נאַצי־טעג.

19, quai Malaquais

אין דעם הויז איז דעם 16־טן אַפּריל 1844 געבוירן געוואָרן דער שרייבער אַנאַטאָל פראַנס, וואָס איז געווען אַ מענטש פון יידישער אָפּשטאַמונג, וואָרעם זיין באָבע איז געווען אַ יידישע פרוי.

אַנאַטאָל פראַנס, וועמענס פאַקטישער נאָמען איז געווען פראַנסואַ טיבאָ, איז געווען דער מחבר פון וועלט־באַרימטע ווערק, ווי „דאָס פאַרברעכן פון סיל־וועסטער באָנאַרד", „ראָטיסערי דע לאַ רען פּעדאָק", „די רויטע ליליע", „די גע־טער זענען דאָרשטיק" און אַנד. ווערק, וואָס זענען איבערזעצט כמעט אין אַלע שפּראַכן. פון זיינע ווערק האָט אַרויסגערעדט אַ זעלטן דעליקאַטע איראָניע און אַ סך האַרץ, וואָס האָט באַקעמפט יעדע רשעות. ער איז אויך געווען אַן אַקטיווער קעמפער קעגן אַנטיסעמיטיזם.

בעת דער דרייפוס־אַרעפע, האָט אַנאַטאָל פראַנס צוזאַמען מיטן יידיש־פראַנ־

צווישן שרייבער סאַלאָמאָן רייַנאַך, צוריקגעשיקט דער רעגירונג, די באַקומענע אויסצייכענונגען פון „ערן־לעגיאָן".

אַנאַטאָל פראַנס איז געווען אַ מיטגליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע און אין יאָר 1921 אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן נאָבעל־פּרייז פאַר ליטעראַטור.

ליידער האָט דער־אָ מענטש פון יידישער אָפּשטאַמונג כמעט נישט געקענט די יידישע וועלט און טראָץ זיין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, האָט ער געזען אין יידן אַ געפיל פון... געשעפטלעכקייט און פראַקטישקייט.

**זיבעטער אַראָנדיסמענט:**

23, rue de Lille

דאָ האָט אַ באַשטימטע צייט געוווינט דער מחבר פון „קאַפּיטאַל", דער סאָציאַליסטישער טעאָרעטיקער קאַרל מאַרקס (1818 — 1883). נאָך ווי אַ קינד, אָפּגעשמדט דורך זיין פאָטער, צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה.

קאַרל מאַרקס האָט זיין גאַנץ לעבן געקוקט אויף אונדזער פאָלק, וואָס ער האָט פאַקטיש נישט אָנגעהויבן צו קענען, פון אויבן אַראָפּ און געשריבן אַזעלכע אַנטי־יידישע שורות, מיט וועלכע ער האָט כמעט געקענט קאָנקורירן מיט יעדן יידן־שונא. „וואָס איז דעם יידנס פראַקטישער יסוד — האָט ער געשריבן — תכלית, עגאָאיזם. וואָס איז דעם יידנס וואָכעדיקער קולט? געשעפט־מאַכעריי. וואָס איז זיין וועלטלעכער גאָט? געלט!".

קאַרל מאַרקס האָט אויך קיינמאָל נישט דערזען און קיינמאָל נישט באַדויערט די דאָזיקע אַנטי־יידישע שרייבערייען — און זיין אייגענע מוטער האָט איראָניזירט אויף זיין חשבון, זאָגנדיק וועגן אים: „דער קאַרל, אנשטאָט צו שרייבן דעם „קאַפּיטאַל", וואָלט ער געטאָן גלייכער, ווען ער זאַמלט אָן אַ קאַפּיטאַל"...

די אַנטי־יידישע שרייבערייען פון קאַרל מאַרקס זענען געווען אַזוי שאַרף, אַז נאָר זיין יידישע אָפּשטאַמונג, האָט געשטערט די נאַציס, זיך דערמיט צו באַנוצן.

43-45, rue des Saints-Pères

דאָ געפינען מיר זיך ביים בנין פון מעדיצינישן אוניווערסיטעט פאַר פראַקטישע שטודיעס, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן צווישן די יאָרן 1937 — 1953 און וואָס איז דעקאָרירט מיט 45 רעליעף־מעדאַליאָנען, געווידמעט דער געשיכטע פון דער מעדיצין, זינט די סאַמע עלטסטע צייטן. צווישן די מעדאַליאָנען, איז אויך פאַראַן איינער (שוין אין דער רי זשאַקאָב), וואָס איז געווידמעט דעם יידישן גאון, דענקער, פילאָסאָף און מעדיצינער, וואָס איז באַרימט אין דער יידישער וועלט ווי דער רמב״ם (ר' משה בן מימון), געבוירן אין קאָרדאָווע (שפּאַניע) אין יאָר 1135

און געשטאָרבן אין יאָר 1204 אין קאיר (עגיפּטן) און אויך באַרימט אין דער נישט־יידישער וועלט, אונטערן נאָמען מיימאָניד.

אין דעם פריערדיקן בנין, האָט זיך געפונען דאָס שפּיטאָל „שאַריטע", אין וועלכן ס'איז אין יאָר 1920 געשטאָרבן דער מאָלער אַמעדעאָ מאָדיליאַני.

## אַכטער אַראָנדיסמענט :

54, rue d'Amsterdam

דאָ האָט פון 1848 ביז 1851 געוווינט דער דיכטער היינריך היינע.

63, rue de Monceau

אין דאָזיקן בנין, אויפגעבויט אין יאָר 1910, געפינט זיך זינט 1936 אַ רייַכער מוזיי פאַר דעקאָראַטיווער קונסט. ס'איז אַ זעלטן רייכע זאַמלונג פון מעבל, מאָלעריי און בכלל פון קונסטווערק פון 17־טן, 18־טן און 19־טן יאָרהונדערט.

דער מוזיי איז געשאַפן געוואָרן דורכן גראַף משה דע קאַמאָנדאָ, אויפן נאָמען פון זיין זון נסים דע קאַמאָנדאָ, אַ פראַנצויזישער אַוויאַטאָר, וואָס איז אין עלטער פון 27 יאָר, אומגעקומען אין יאָר 1917 אין אַ לופט־שלאַכט קעגן די דייטשן.

די גראַפן דע קאַמאָנדאָ איז אַ פּאָרטוגעזיש־יידישע משפחה, וואָס האָט אין די אינקוויזיציע־טעג אויסגעוואַנדערט קיין טערקיי און קיין ווענעדיג, ווו זיי זענען געווען זייער אַקטיוו.

מיטן אַנשליסן זיך פון ווענעדיג צו איטאַליע, איז די משפחה אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן גראַפן־טיטול.

צוויי ברידער פון דער משפחה, די גראַפן אברהם און רפאל דע קאַמאָנדאָ האָבן אין פאַרגאַנגענעם 19־טן יאָרהונדערט זיך באַזעצט אין פּאַריז, ווו זיי האָבן אָנגעהויבן זייער פינאַנסיעלע אַקטיווּיטעט.

סוף פון 19־טן יאָרהונדערט האָט דער גראַף משה דע קאַמאָנדאָ, דער זון פון רפאלן, אַ גרויסער ליבהאָבער פון קונסט, זיך אָנגעהויבן איינשאַפן און קאָלעקציאָנירן קונסט־ווערק, וועלכע ער האָט אין זיין צוואה (געשטאָרבן אין יאָר 1935) איבערגעלאָזט פאַר דער מלוכה מיטן באַדינג, אַז דער מוזיי זאָל טראָגן דעם נאָמען פון זיין אומגעקומענעם זון נסים דע קאַמאָנדאָ.

די משפחה האָט אויך באַרייכערט דעם לוווּר־מוזיי, מיט מערערע קונסט־ווערק, דערונטער אויך מיט 150 בילדער פון מאָדערנע קינסטלער.

אַ לעצטע פון דער משפחה, אַן אייניקל פון אברהם דע קאַמאָנדאָ, די טאָכטער פון משה דע קאַמאָנדאָ, איז סוף 1942 אינטערנירט און דעפּאָרטירט געוואָרן מיט איר מאַן און זייערע צוויי קינדער.

2, place de la Madeleine

דאָ האָט געוווינט און אין דעם הויז האָט עמיל זאָלאַ געשריבן זיין באַרימטן אַרויסקום „כ׳באַשולדיק״, אין שייכות מיטן דרייפוס־פּראָצעס. אַן אַרויסקום וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל און דערפירט צו דער רעוויזיע און צו דער באַפרייאונג פון אומשולדיק פאַרמשפּטן יידישן אָפיציר.

3, av. Matignon

אין דעם פריערדיקן הויז, איז דעם 17־טן פעברואַר 1856 געשטאָרבן אין עלטער פון 56 יאָר, דער דיכטער היינריך היינע.

44, av. Gabriel

אין דעם הויז, איז אין יאָר 1937 געשטאָרבן אין עלטער פון 60 יאָר, דער פראַנצויזיש־יידישער שרייבער פראַנסיס דע קרואַסע, וועמענס אמתער נאָמען איז געווען פראַנץ ווינער. ער רוט אויפן בית־עולם פּאַסי, אונטער אַ צלם[2].

160, bd Malesherbes

דאָ האָט ביז זיין לעצטן לעבנס־טאָג געוווינט דער יידיש־פראַנצויזישער שרייבער קאַטיל מענדעס, וואָס איז אין יאָר 1909 אומגעקומען אין עלטער פון 68 יאָר, אַרויספאַלנדיק פון אַ צוג.

6, rue Jean-Mermoz

דאָ איז אין יאָר 1864 געשטאָרבן אין עלטער פון 73 יאָר, דער יידישער קאָמפּאָזיטאָר מאַיערבער, מחבר פון דער אָפּערע „די הוגענאָטן״, „די אַפריקאַ־נערין״ און אַנדערע ווערק. דאָס הויז איז נישט מער דאָס זעלבע.

104, rue de Miromesnil

דאָ האָט געוווינט און געהאַט איר סאַלאָן די אלמנה פון קאָמפּאָזיטאָר בי־זעט (מחבר פון דער אָפּערע „קאַרמען״). זי איז געווען די טאָכטער פון פראָ־מענטאַל האַלעווי.

זי האָט נאָך געלעבט בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע פון פּאַריז און אין זייער טיפער עלטער אַדורכגעמאַכט דאָן שווערע טעג, צוליבן אַרעסט, וואָס די דייטשן האָבן געלייגט אויף איר באַנק־קאָנטאָ.

זי פלעגט אָפט באַזוכט ווערן דורך די שרייבער מאַרסעל פרוסט, ראָבערט דע פלער, אַנרי באַרביס, אַנרי בערנשטיין, זשאָזעף ריינאַך, זשאָרזש דע פּאָרטאָ־ריש, לעאָן בלום און פיל אַנדערע פערזענלעכקייטן.

2) זע „יידן אין פּאַריז״, זייט 219, ערשט בוך.

9, rue Alferd de Vigny

דאָ האָט אין יאָר 1910 געוווינט דער קאָמפּאָזיטאָר רעינאַלדאָ האַהן. מחבר פון דער אָפּערע „דער קויפמאַן פון ווענעדיג״ און אַנדערע ווערק.

35-39, av. Hoche

אין דעם האָטעל „ראָיאַל מאָנסאָ״ איז דעם 7־טן אָקטאָבער 1956, נאָך אַ האַרץ־אַטאַק וואָס האָט געדויערט 20 טעג, געשטאָרבן אין עלטער פון 67 יאָר, די זעלטענע יידישע פּערזענלעכקייט, דער פּאָרזיצער פון דער וועלט־אָרגאַניזאַציע „אָרט״, ד״ר אהרן סינגאַלאָווסקי.

געבוירן אין יאָר 1889 אין אַ שטעטל אין מינסקער גובערניע, האָט ער זינט 1909 זיך אויפגעהאַלטן לענגערע יאָרן אין בערלין, ווו ער האָט געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט און ווו ער איז געווען זייער אַקטיוו אין יידיש־געזעלשאַפט־לעכן און קולטורעלן לעבן, ווי אַ רעפערענט און שרייבער, וואָס פלעגט ס׳רוב באַהאַנדלען יידיש־געזעלשאַפטלעכע און וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

ד״ר אהרן סינגאַלאָווסקי האָט זיך ספּעציעל געווידמעט דעם פּראָבלעם פון פאַרשפּרייטן מלאכה און ערד־אַרבעט ביי יידן און אויך רעדאַגירט די זשורנאַלן „אָרט״ און „ערד־אַרבעט״.

זינט 1921 איז ער געווען אַקטיוו אין „אָרט״ און באַזוכט אַמעריקע און אַנ־דערע לענדער און לסוף אויך געוואָרן דער וועלט־פּרעזידענט פון דער אָרגאַני־זאַציע, אַן אַקטיוויטעט וועלכער ער האָט געווידמעט אַלע זיינע כוחות און וואָס האָט אים פולשטענדיק אָפּגעריסן פון זיין שרייבן.

ד״ר אהרן סינגאַלאָווסקי איז געווען אַ הויך־עטישע פּערזענלעכקייט און גע־ווען אויך אַ זעלטענער רעפערענט אויף יידיש־עטישע, ליטעראַרישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעמעס.

די מלחמה־יאָרן 1939 — 1945 און אויך נאָך דער מלחמה, האָט ד״ר א. סינ־גאַלאָווסקי געלעבט אין זשענעווע און בעת איינעם פון זיינע באַזוכן אין פּאַריז איז ער אַוועקגעפאַלן אויף אַ האַרץ־אַטאַק.

נײַנטער אַראָנדיסמענט:

102, bd Haussman

דאָ האָט פון יאָר 1906 ביז 1916 געוווינט דער פראַנצויזישער שרייבער מאַרסעל פּרוסט, אַ קינד פון אַ יידישער מוטער, זשאַנעט וויל. דער שרייבער האָט

אָנגעהאַלטן זייער נאָענטע באַציאונגען מיט ייִדן און אין זיינע ווערק אַרויסגעפירט פיל ביז גאָר סימפּאַטישע ייִדישע געשטאַלטן.

9, rue La Bruyère

דאָס הויז איז געווען דער האָטעל אין וועלכן ס'האָט ביז זיין לעצטן לעבנס־טאָג, געוווינט דער גרויסער ייִדישער מעצענאַט דאַניעל אָזיריס. אויך די הייזער נ'ר 11, 13, 15, און 17 האָבן געהערט צום מעצענאַט.

3, cité Bergère

דאָ האָט אין יאָר 1834 געוווינט דער דיכטער היינריך היינע.

18, rue Lamartine

דאָ איז דעם 18־טן אָקטאָבער 1859 געבוירן געוואָרן דער פילאָסאָף אַנרי בערגסאָן.

צענטער אַראָנדיסמענט :

19, rue du Château-d'Eau

אין דעם האָטעל־בנין האָט געלעבט און דאָ אויך געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק, דער ייִדישער טעאַטראַל, סופלאָר און רעזשיסאָר, דער לאָדזשער ייִד יצחק לאַקס, וואָס האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געשאַפן און אַרויסגעגעבן די ערשטע ייִדישע וואָכן־צייטונג אין פּאַריז א. נ. „פּאַריזער בלעטער". דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 3־טן אָקטאָבער 1924. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון אַ כסדרדיקער ייִדישער פּרעסע אין פּאַריז.

106, rue du Fg du Temple

אין דאָזיקן האַנדלס־פּאַסאַזש האָט זיך זינט יאַנואַר 1926 געפונען די רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע פון דער פּאַריזער ייִדישער טאָג־צייטונג „פּאַריזער היינט", געגרינדעט דורך די „היינט"־באַלעבאַטים פון פּוילן, נח פינקעלשטיין און ש. י. יאַצקאַן און וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון שרייבער וולאַדימיר גראָסמאַן.

די צייטונג איז שפּעטער אויך דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון זשורנאַליסט אהרן אַלפּערין און זיך געשלאָסן דעם 10־טן יוני 1940, ווען די נאַצישע אַרמיי האָט זיך דערנעענטערט צו דער שטאָט.

פערצנטער אַראָנדיסמענט :

3, rue Campagne Première

דאָ האָט אַ געוויסע צייט, געהאַט זיין אַטעליע דער מאָלער אַמעדעאָ מאָדיליאַני.

23, rue Gazan

דאָ האָבן געוווינט ביז זייערע לעצטע לעבנס־טעג, דער שרייבער אפרים קאַגאַנאָווסקי און זיין פרוי, די אַקטריסע טעאַ אַרטשישעווסקאַ.

242, bd Raspail

דאָ האָט זיך אַ געוויסע צייט אויסבאַהאַלטן דער סאָציאַליסטישער טוער און צאַרישער אַגענט אַזעף. אין דעם הויז האָבן זיך מיט אים אויך געטראָפן די סאָציאַליסטישע טוערס סאַווינקאָוו און טשערנאָוו, וועלכע האָבן פּראָבירט אויף אים ווירקן ער זאָל זיך מודה זיין אין זיין אַ צאַרישער אַגענט.

אויף צו מאָרגנס, האָט אַזעף פאַרלאָזט דעם האָטעל און אויף לאַנג נעלם געוואָרן פון האָריזאָנט.

61, rue Froidevaux

דאָ האָט לאַנגע יאָרן געוווינט און געשאַפן די דייטש־יידישע מאָלערין קעיטע מינצער. געבוירן אין ברעסלאַו אין יאָר 1882 אָדער 1883, האָט זי איר קינסטלערישע אויסבילדונג באַקומען אין בערלין, אין פּאַריז און אין האָלאַנד. זי האָט געשפּאַנט מיטן וועג פון דער קלאַסישער מאָלעריי און זיך געשאַפן אין דייטשלאַנד אַ גרויסן קינסטלערישן נאָמען.

אין יאָר 1933, ווען די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָבן זיי איינגעלאַדן די קינסטלערין קעיטע מינצער איבערצונעמען אַ גאָר הויכע שעף־ראָלע אין דער דייטשער קונסט־אָנפירונג און ס׳איז געווען גרויס זייער איבעראַשונג פון דערוויסן זיך, פון דער מאָלערין גופא, אַז זי איז אַ יידישע טאָכטער.

אין זעלבן יאָר 1933 פאַרלאָזט זי דייטשלאַנד און באַזעצט זיך אין פּאַריז. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע פאַרבאַהאַלט דער לוּווּר אירע בילדער און זי גופא ווערט די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן דורך פריינט אין לאַטיינישן קוואַרטאַל און גייט כסדר אָן מיט איר שאַפונג.

אין יאָר 1935 באַקומט די קינסטלערין אַן ערן־אויסצייכענונג פון „סאַלאָן דעז אַרטיסט דע פראַנס" און אין יאָר 1949, באַקומט זי דעם ערשטן פרייז פון אַן אויסשטעלונג פון פרויען־מאָלערינס.

זייענדיק אויסבאַהאַלטן אין פּאַריז בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, שאַפט די מאָלערין, צווישן אַנדערע ווערק, אויך אַן אָריגינעל בילד: „די מאַדאָננע מיטן קינד", אַ מאַדאָננע וואָס טראָגט אויף איר לינקער ברוסט, די געלע לאַטע מיט דער אויפשריפט „זשוויף"... דאָס בילד איז נאָך דער מלחמה אָפּגעקויפט געוואָרן דורכן שרייבער ד״ר יעקב שאַצקי און געפינט זיך אין ייוו״אָ־בנין אין ניו־יאָרק.

34, rue Dombasle

דאָ האָט אַ לענגערע צייט געוווינט דער יידישער היסטאָריקער און „ייוו״אָ"־טוער ד״ר אהרן טשעריקאָווער, וואָס האָט פאַרלאָזט פּאַריז אין די מלחמה־טעג 1939 — 1940.

קלישע נומער 25



„די מאַדאָננע מיט דער געלער לאַטע".

**זעכצנטער אַראָנדיסמענט :**

96, rue La Fontaine

אויף דער מויער פון דאָזיקן בנין, הענגט זינט דעם 19־טן מאַי 1971 אַ טאָוול, וואָס אינפאָרמירט אַז דער שרייבער מאַרסעל פּרוסט איז געבוירן געוואָרן אין דעם הויז דעם 10־טן יולי 1871.

44, rue Mamelin

זינט 1919 האָט מאַרסעל פּרוסט געוווינט אין דעם דאָזיקן בנין און דאָ איז ער אויך דעם 18־טן נאָוועמבער 1922 געשטאָרבן אין עלטער פון 51 יאָר.

16, rue de Passy

דאָ האָט ביז דעם יאָר 1845 געוווינט און געשאַפן דער יידיש־פראַנצויזישער שרייבער, דער קריטיקער זשיל זשאַנאַן.

64, rue de Passy

אויך אין דעם בנין האָט אַ געוויסע צייט געוווינט דער דיכטער היינריך היינע.

1, rue de Longchamp

דאָ האָט געוווינט דער יידישער פינאַנסיסט אַלבערט קאַהן, וואָס האָט אין יאָר 1900, געשאַפן אַ גאָרטן אין דערנעבנדיקן בולאָן, ווו ער האָט געלאָזט פלאַנצן זעלטענעביימער, אַ וואָגעזן־וואַלד, אַ יאַפּאַנישן גאָרטן און אַנדערע אינטערעסאַנטע פלאַנצונגען.

23, av. de Montmorency

דאָ האָט לאַנגע יאָרן געלעבט דער קאָמפּאָזיטאָר פון יידיש־רעליגיעזער מוזיק לעאָן אַלגאַזי, וועלכער האָט אין יאָר 1929 געשאַפן די פראַנצויזישע אוידיציע „עקוט איזראַעל" און מיט איר אָנגעפירט איבער פערציק יאָר, ביז זיין לעצטן לעבנס־טאָג. ער איז געווען דער קאָמפּאָזיטאָר פון מערערע סינאַגאָגאַלע ווערק און אויך פון תהילים־מאָטיוון. ער האָט אויך געשאַפן די מוזיק צו דער פראַנצויזישער אויפפירונג פון „דיבוק", מוזיקאַליש אילוסטרירט דעם פילם „דאַוויד גאָלדער" און אויך געשאַפן די מוזיק צום פילם פון ראַסינ'ס „אַטאַלי".

לעאָן אַלגאַזי איז אויך געווען דער פרעזידענט פון דער געשאַפענער געזעלשאַפט „יידיש־קריסטלעכע פריינטשאַפט" און געווען אויסגעצייכנט מיטן אָרדן פון ערן־לעגיאָן. דאָ איז אויך דער קאָמפּאָזיטאָר געשטאָרבן אין יאָר 1971.

32, rue Vital

דאָ האָט אין יאָר 1923 געוווינט דער שרייבער און פילאָסאָף אַנרי בערגסאָן.

59, av. Foch

דאָ האָט געלעבט און דאָ אויך געשטאָרבן אין יאָר 1899, אין עלטער פון 87 יאָר, דער יידיש־פראַנצויזישער שרייבער, דער דראַמאַטורג אַדאָלף דעננערי, דער מחבר פון דער אַזוי באַרימטער פּיעסע „די צוויי יתומים" און פיל, פיל (ביי דריי הונדערט) אַנדערע טעאַטער־ווערק.

אין דעם בנין געפינט זיך זינט 1908 אַ מוזיי פון כינעזיש־יאַפּאַנישער קונסט. די קאָלעקציע פון שרייבער איז דורך זיין פרוי אַוועקגעשענקט געוואָרן דער שטאָט. דער מוזיי טראָגט דעם נאָמען פון שרייבער.

5, villa Saïd

דאָ האָט זינט 1893 געוווינט דער פון יידן־אָפּשטאַמיקער שרייבער אַנאַטאָל פראַנס. אין דער וווינונג איז ער אויך געשטאָרבן אין יאָר 1920, אין עלטער פון 80 יאָר.

אַכצענטער אַראָנדיסמענט :

36, bd Clichy

דאָ האָט געוווינט דער מאָלער פּאַסקין, וועמענס פּאַקטישער נאָמען איז געווען פּינקאַס, געבוירן אין יאָר 1885 אין בולגאַרישן שטעטל ווידין. ער האָט געפירט אַ ווייט נישט נאָרמאַל לעבן און אין חודש יוני 1930, אין עלטער פון נאָר 45 יאָר, איז ער דאָ ווינענדיק, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אויפהענגען זיך.

19, rue Gabrielle

דאָ האָט אין פריערדיקן בנין, געוווינט אין יאָר 1910, אין אַ קליין צימערל, דער דיכטער און מאָלער מאַקס זשאַקאָב, דער פּאָרויסגייער פון סימבאָליזם, געבוירן אין יאָר 1876 אין אַ יידישער שניידער־משפּחה, אין דער שטאָט קיאַמפּער.

זייער אַ גוטער און פילבאַרער מענטש, מיט אַ פריילעכן כאַראַקטער, אַ שטיפער און אַ מעשה־דערציילער, האָט ער אָבער אויך געהאַט אַ גרויסע נייגונג צו מיסטישע ענינים; געווען אַריינגעטאָן אין זאָדיאַק און בכלל אין שטערן־געשיכטעס, אין טרעפעריין, געלייגט קאָרטן, אָנגעזאָגט די צוקונפט און אַ טאָג, דאָס איז געשען דעם 22־טן סעפּטעמבער 1909 (ער האָט דאַן געוווינט אין דער רי ראַוויניאָן נ׳ר 7) האָט ער, אַן אויפגעטרייסלטער, דערציילט זיינע פריינט שרייבערס און קינסטלערס, וועגן אַן אויסערגעוויינלעך געשעעניש וואָס איז מיט אים פאָרגעקומען, אַז עס האָט זיך צו אים באַוויזן די... קריסטוס־געשטאַלט!

אויף צו מאָרגנס, איז ער אַוועק צו אַ גלח, כדי אים דערציילן וועגן דער וויזיע און זיך מיט אים באַראַטן מכוח דעם מערקווירדיקן געשעעניש.

די קירכע האָט, ווי מיר ווייסן עס, נישט אויסגענוצט דעם ווונדער, אָבער מאַקס זשאַקאָב, דער שטערן־לייענער, קאָרטן־לייגער און טרעפער, האָט זיך שוין מער נישט באַפרייט פון דער וויזיע־איבערלעבונג. ער האָט אָנגעהויבן לייענען די עוואַנגעליע, טוען תפילה, אָפט געוויינט, און דאָ ווינענדיק, האָט ער דעם 18־טן פעברואַר 1915 זיך געטויפט אַלס קאַטאָליק און ביי יעדער געלעגנהייט, האָט ער געזוכט צו באַווירקן זיינע יידישע פריינט און יידישע מענטשן אויף ווערן קריסטן.

ער קומט אָפט אין זיין געבוירן־שטאָט און פאַרברענגט אין אַ דערנעבנדיק קליין שטעטל, סאַנט־בענואַ סיר־לואַר, ווו ער איז אַ כסדרדיקער טרייער באַזוכער פון דער קירכע און דאָ זייענדיק, טרעפט אים אויך דער מלחמה־אויסברוך פון יאָר 1939.

בעת די נאַצישע יידן־פאַרפאָלגונגען, איז דער אַזוי גלייביקער קאַטאָליק מאַקס זשאַקאָב אויך געצוווּנגען צו טראָגן די געלע לאַטע. אַ געוויסן טאָג, דעם 12־טן יולי 1942 זענען זשאַנדאַרן ספּעציעל געקומען אינעם קליינעם שטעטל אַריין, כדי קאָנטראָלירן, צי דער געטויפטער און אין שטעטל זייער פּאָפּולערער קינסטלער, טראָגט אויף זיך די געלע לאַטע.

מאַקס זשאַקאָב האָט אין יענע נאַצי־טעג, די גרעסטע טייל פון טאָג פאַר־ברענגט אין דער קירכע, ווו ער פלעגט ס׳רוב פון זיין תפילה־טאָן, ליגן מיטן פּנים און שטערן אויף די ערד־שטיינער. ער האָט זיך אַפילו נישט אָריענטירט ווי גע־הערט, מכוח דעם וואָס עס געשעט דאַן פאַקטיש מיט יידן, וואָרעם ער האָט גע־שריבן מערערע בריוו צו אַ ריי פּערזענלעכקייטן, דורך וועלכע ער האָט פּראָבירט אויספועלן דאָס באַפרייען זיינס אַ שוועסטער, וואָס איז זינט דעם 4־טן יאַנואַר 1944 געווען אינטערנירט און שפּעטער אומגעקומען.

טראָץ דעם וואָלגערן זיך טאָג־טעגלעך מיטן פּנים אויף די שטיינער פון דער קירכע, איז ער דעם 24־טן פעברואַר 1944 אַרעסטירט געוואָרן, געבראַכט קיין דראַנסי, ווו ער איז צען טעג שפּעטער, אויסגעגאַנגען פון אַ לונגען־אָנצינדונג. ער איז דאַן אַלט געווען 68 יאָר.

דערזעענדיק דעם דיכטער אַן אַרעסטירטן, האָט די קריסטלעכע פרוי ביי וועמען מאַקס זשאַקאָב האָט געוווינט, מיט ביטערניש אָדער איראָניע, אויסגערופן:

— איר זעט! אייערע תפילות האָבן אייך טאַקע געהאָלפן...

און פאַרן טויט, אין די טראַגישע אומשטענדן אין דראַנסי־לאַגער, האָט דער דיכטער געבעטן ביי זיינע אינטערנירטע יידישע אומגליקס־קאָלעגן, מען זאָל אים קובר זיין ווי אַ... קאַטאָליק!

פֿאַראַן היינט צו טאָג אַ יערלעכע ליטעראַטור־פּרעמיע אויפֿן נאָמען פֿון דיכטער אין דער שטאָט קיאַמפּער. אין יאָר 1976, צו די הונדערט יאָר פֿון זיין געבוירן ווערן, איז אויף דעם בנין ווו דער קינסטלער איז געקומען אויף דער וועלט, אויפֿגעהאָנגען געוואָרן אַ שטיין־טאָוול, וואָס דערמאָנט די פֿאַרבייגייער וועגן זיין לעבן און אומקום און אין דרייצנטן אַראָנדיסמענט געפֿינט זיך אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

מאַקס זשאַקאָב איז געווען אַ מערקווערדיקע אומרואיקע נשמה, פֿול מיט נישט נאָרמאַלע מיסטישע שטימונגען און גלויבונגען, וואָס האָבן אים דערפֿירט אין דער קירכע אַריין.

## נייננצנטער אַראָנדיסמענט :
78, av. Secrétan

אין דעם בנין געפֿינט זיך אַ ייִדישע שולע א. נ. פֿון לוסיען דע הירש, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין יאָר 1901 דורכן באַראָן הירש, לזכר פֿון זיינס אַ זון.

אַ אויפֿשריפֿט אויף דער מויער אינפֿאָרמירט, אַז דעם 24־טן יולי 1944 האָבן די נאַציס אַרויסגענומען פֿון דער שולע 107 ייִדישע קינדער צוזאַמען מיט די לערערס און מיטן דירעקטאָר. אַלע זענען זיי אומגעקומען אין דעפּאָרטאַציע.

## צוואַנציקסטער אַראָנדיסמענט :
27, rue Lesage

דאָ האָט קומענדיק פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד, געוווינט דער שרייבער מ. קראַס־נאָיאַרסקי און דאָ וווינענדיק, האָט ער אין יאָר 1949 אָנגעהויבן פּובליצירן זיין עלף־בענדיקן ראָמאַן א. נ. „אַ זעקסטל וועלט־טייל", וואָס ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אונטערן פּסעוודאָנים מ. סמבטיון. דאָס ווערק האָט באַהאַנדלט אין בעלעטריסטי־שער פֿאָרם, דאָס רעליגיעזע ייִדישע לעבן אין ראַטנפֿאַרבאַנד און שטעלט מיט זיך פֿאָר דעם סאַמע גרעסטן ייִדישן ראָמאַן. דער לעצטער, דער עלפֿטער באַנד, איז דערשינען אין יאָר 1955.

נאָכן פֿאַרענדיקן דאָס פּובליצירן דעם ראָמאַן, איז דער שרייבער מ. קראַס־נאָיאַרסקי־סמבטיון עולה געווען קיין ישראל, ווו ער איז אָנגעגאַנגען מיט זיין שעפֿערישקייט, אָבער אונטערן פּסעוודאָנים, משה אפרתי.

ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1968.

ביבליאָגראַפֿיע :

**זע נומער:**

4, 7, 9, 11, 25, 60, 62, 117, 124, 125, 143, 146, 150, 161.

## 11.

# הונדערט יאָר יידיש טעאַטער אין פּאַריז

אין דער יידישער קולטור־וועלט האָט מען אין די יאָרן 1976 — 1977 אָפּגעצייכנט הונדערט יאָר אַז ס׳איז אַנטשטאַנען דאָס יידישע טעאַטער. אַ פייערונג וואָס האָט באַזירט דערויף וואָס אין יאָר 1876 האָט אברהם גאָלדפאַדען אַדורכגעפירט די ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונג אין רומעניע, אין דער שטאָט יאַסי.

האַלטן מיר פאַר וויכטיק, אויף ווי ווייט ס׳איז נאָר מעגלעך, אויפצושטעלן אַ קאַפּיטל מכּוח הונדערט יאָר יידיש טעאַטער אין פּאַריז, וואָס מיר הויבן אָן מיט אַ געשעעניש, וואָס איז פאָרגעקומען מיט צען יאָר פאַר דעם ערשטן טעאַטער־ספּעקטאַקל, וואָס עס האָט רעאַליזירט אברהם גאָלדפאַדען אין יאַסי.

די דאָזיקע געשעעניש איז פאַרבונדן מיטן כמעט פאַרגעסענעם יידישן שרייבער, ראָמאַניסט און איינער פון די ערשטע מחברים פון אַ ריי יידישע טעאַטער־ווערק, דראַמעס און טעאַטראַלע סאַטירעס, געשאַפן ווען קיין יידיש טעאַטער האָט נאָך נישט עקזיסטירט, דעם מחבר פון „שטערנטיכל״, פון „ערשטן יידישן רעקרוט״ און פון אַ ריי אַנדערע טעאַטער־ווערק, ישראל אַקסענפעלד, וואָס האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז אין יאָר 1864, ווו איינער פון זיינע זין איז געווען אַ זייער באַרימטער מעדיצינער און פּראָפעסאָר אין דער סאָרבאָנע און דאָ ווױנענדיק, איז ישראל אַקסענפעלד געשטאָרבן אין יאָר 1866 אין עלטער פון 79 יאָר.

דאָס איז געשען צען יאָר פאַר אברהם גאָלדפאַדענס רעאַליזירן אין יאָר 1876 דעם ערשטן יידישן טעאַטער־ספּעקטאַקל.

און אויב עס איז אונדז ליידער נישט באַוווסט אויף וועלכן פּאַריזער בית־עולם ישראל אַקסענפעלד איז געקומען צו קבר ישראל, איז אָבער אינטערעסאַנט צו דערציילן, אַז דאָס גרויסע פּאַריזער שפּיטאָל „טענאָן״ פאַרמאָגט ביז היינט צו טאָג, אַן אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון ד״ר אויגיסט אַקסענפעלד, דעם זון פון ישראל אַקסענפעלד, וואָס איז געבוירן אין יאָר 1825 אין אָדעס, ווו זיין פאָטער, דער שרייבער, אַ געבוירענער אין נעמיראָוו, האָט זיך באַזעצט אין יאָר 1824 און ווו ער איז לאַנגע יאָרן געווען אַדוואָקאַט און נאָטאַר.

דער זון אויגוסט האָט שטודירט אין פּאַריז מעדיצין. זיך ביז גאָר אַרויסגערוקט. געווען דער שעף (דער פּאַטראָן) פון פּאַריזער שפּיטאָל „באָזשאָן״ און פּראָפעסאָר אין דער סאָרבאָנע. ער איז אויך געווען אַ מחבר פון אַ ריי מעדיציניש־

וויסנשאַפטלעכע ווערק און זיך זייער אויסגעצייכנט אין די יאָרן 1849 און 1854 בעת אַ כאָלערע־עפּידעמיע אין פּאַריז.

און מערקווירדיק, דער פּראָפעסאָר אויגוסט אַקסענפעלד, דער זון פון שרייבער און דראַמאַטורג ישראל אַקסענפעלד, וואָס האָט געקענט ייִדיש און וואָס האָט איבערגעזעצט אייניקע ווערק פון זיין פאָטער אויף פראַנצויזיש, איז געשטאָרבן (אין עלטער פון סך־הכל נאָר 51 יאָר) אין זעלבן יאָר 1876, ווען אברהם גאָלדפאַדען האָט רעאַליזירט אין יאַסי די ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונג.

אין יאָר 1889 קומט קיין פּאַריז אברהם גאָלדפאַדען. ער אָרגאַניזירט דאָ אַ טרופּע און פירט אויס אייניקע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, ווי: „נס חנוכה", „רש״י", „שולמית", „בר כוכבא", „יהודה המכבי" און אַנד. ספּעקטאַקלען. די כוונה פון אברהם גאָלדפאַדענען איז געווען צו גרינדן דאָ אַ שטענדיק ייִדיש טעאַטער, וואָס האָט זיך אָבער נישט רעאַליזירט, ווייל דאָס פּובליקום איז דער עיקר באַשטאַנען פון אָרעמע ייִדישע עמיגראַנטן, דער רוב אויסגעוואַנדערטע נאָך די פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד פון 1880 — 1882.

אין יאָר 1890 פאַרלאָזט אברהם גאָלדפאַדען פּאַריז, און אין יאָר 1897 איז ער ווידעראַמאָל דאָ און שפּילט אין דעם אַמאָל אַזוי באַקאַנטן טעאַטער „לאַנקרי". ער בלייבט דאָ נישט לאַנג און אין יאָר 1893 געפינט זיך אברהם גאָלדפאַדען אויף דאָס ניי אין פּאַריז. ער וווינט דאַן אין רייכן אַריסטאָקראַטישן קוואַרטאַל פּאַסי, אויף דער רי דע סיאַם נ׳ר 16 און ציט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרומיקע איינוווינער מיט זיין באַוויזן זיך אין גאַס שטענדיק אָנגעטאָן אין אַ פּעלערינע און צילינדער אויפן קאָפּ. טראָץ דעם אויפהאַלטן זיך אין דעם רייכן פּאַסי־קוואַרטאַל, האָט אברהם גאָלדפאַדען אַדורכגעמאַכט אַ גרויסע נויט, וועגן וועלכער עס דערציילן זיינע בריוו געשריבן פון פּאַריז קיין אַמעריקע, ווין און אַנד. ערטער. געווען טעג ווען ער איז בוכשטעבלעך געבליבן אָן איין פראַנק אין קעשענע.

אין דעם זעלבן יאָר 1903, לאָזט זיך א. גאָלדפאַדען ווידער אין וועג אַריין. דאָס איז געווען זיין ענטגילדיק פאַרלאָזן די שטאָט.

דער אָנקום פון אַ גרויסער ייִדישער אימיגראַנטן־מאַסע קיין פּאַריז, האָט זיך פאַקטיש ערשט אָנגעהויבן אין יאָר 1905 — 1906, צוליב די רעוואָלוציאָנערע אומרוען אין רוסלאַנד. דער גרויסער שטראָם פון דער עמיגראַציע, ווי שוין באַקאַנט, איז געגאַנגען הויפּטזעכלעך קיין אַמעריקע. קיין פּאַריז זענען אין דער ערשטער ריי געקומען פּאָליטיש־אַנטלאָפענע, סאָציאַליסטיש־געשטימטע עמיגראַנטן און אויך אַזעלכע וועמען עס האָט אויסגעפעלט געלט אויף אונטערצונעמען זייער רייזע דירעקט קיין אַמעריקע.

דאָס אַהערקומען פון הונדערטער און דערנאָך טויזנטער ייִדיש־רעדנדיקע,

האָט פאַרשטייט זיך אויך גורם געווען צו דער אַנטשטייאונג פון אַ יידישער טעאַ־טער־אַקטיוויטעט. ס׳איז באַוווּסט די עקסיסטענץ פון צוויי טעאַטערן, וואָס זענען דאָ געווען טעטיק פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. וועגן איינעם פון זיי וויסן מיר כמעט גאָרנישט, אַ חוץ דעם אָרט ווו דער טעאַטער האָט זיך געפונען אין יאָר 1913; דאָס איז געווען אויף דער רי דע ברעטאַן נ׳ר 47, אין אַ קאַפע, וואָס האָט אין דער טיף געהאַט אַ גרויסן זאַל מיט אַ בינע. ווי אַזוי דאָס טעאַטער האָט זיך גערופן? ווער זענען געווען די אַקטיאָרן? וואָס פאַרא פּיעסן זענען דאָרט געשפּילט געוואָרן און ווי לאַנג עס האָט דאָרט עקסיסטירט, דערויף איז שווער צו געפינען אַ תשובה. דערפאַר אָבער זענען פאַראַן אינטערעסאַנטע ידיעות וועגן צווייטן טעאַטער, וואָס האָט עקסיסטירט אומגעפער צווישן די יאָרן 1912 — 1913 און וואָס האָט זיך גערופן „דאָס ליטעראַרישע טעאַטער״, וואָס איז געגרינדעט און פינאַנסירט געוואָרן דורך אַן אינטעליגענטן, פאַריזער יידישן דרוקער־אַרבעטער, איסאַק אַריכאָווסקי און זיך געפונען אויף רי דע פּראַג (12־טער אַראָנדיסמענט); דאָס ליטעראַרישע טעאַטער האָט אָנגעהאַלטן אייניקע חדשים. די ערשטע אויפ־פירונג איז געווען „די טעג פון אונדזער לעבן״ פון לעאָניד אַנדרעיעוון, דערנאָך איז אויפגעפירט געוואָרן טאָלסטאָי׳ס „לעבעדיקער מת״, יעקב גאָרדינס „אלישע בן אבויה״ און אַנד. ווערק פון בעסערן רעפּערטואַר. ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס אַנטשטיין פון דעם „ליטעראַרישן טעאַטער״ איז געווען אַ רעפליק אויף אַנדערע טעאַטער־ספּעקטאַקלען, וואָס זענען אין יענע טעג פאָרגעקומען אין פּאַ־ריז; ספּעקטאַקלען פון אַ שונדיסטישן כאַראַקטער.

ס׳איז אויך וויכטיק צו דערציילן, אַז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1915, איז אין פאַריז געמאַכט געוואָרן אַ פּראָבע צו גרינדן אַ „י. ל. פּרץ־טעאַטער״, אָבער אַ גאָר גרויסע אויפלעבונג אויפן יידישן טעאַטער־געביט אין פאַריז האָט זיך אָנגעהויבן ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פראַנק־רייך איז געוואָרן אַ גרויסער איינוואַנדערונגס־צענטער פאַר די יידישע מאַסן פון מזרח־אייראָפּע. דער יידיש־רעדנדיקער טייל האָט זיך כסדר געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן און צוזאַמען מיט דער איינוואַנדערונג, האָבן אָנגעהויבן אויך קומען קיין פאַריז יידישע אַקטיאָרן, אַ טייל כדי דאָ זיך צו באַזעצן און אַ טייל אַלס גאַסטראָלאָרן.

אַ חוץ דעם, האָבן אויך אָנגעהויבן אַהערקומען אויף גאַסטראָלן וויכטיקע טרופּעס וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אַ גרויסע אויפלעבונג אין פאַריזער יידישן ישוב און האָבן אויך געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער פראַנצוי־זישער טעאַטער־וועלט.

דאָס ערשטע גרויסע געשעעניש, איז געווען דאָס אַהערקומען אין יאָר 1922

פון דער „ווילנער טרופּע". זי איז אויפגעטרעטן אין איינעם פון די סאַמע מאָ־דערנסטע פּאַריזער טעאַטערן „שאַנס־עליזע" און אַרויסגערופן צו זיך באַוווּנדע־רונג אויך אין דער פראַנצויזישער טעאַטער־וועלט. אין יאָר 1924 האָט דאָ לאַנגע וואָכן גאַסטראָלירט אין טעאַטער „עדוּאַרד סעפּט", מאָריס שוואַרץ מיט זיין „ניו־יאָרקער יידיש קונסט־טעאַטער" וואָס האָט אויפגעפירט „טביה דער מילכיקער", „די גייסטער", „דאָס רויטע געלעכטער" און אַנד. די גאַסטראָלן פון „ניו־יאָרקער יידישן קונסט־טעאַטער" האָבן אַרויסגערופן אַ גאָר גרויסן אינטערעס אין די פראַנצויזישע טעאַטער־קרייזן און די גרויסע פּאַריזער פּרעסע האָט געווידמעט אַ סך אָרט זיינע ספּעקטאַקלען. נאָענט צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז מאָריס שוואַרץ ווידער געקומען אין פּאַריז און אויפגעטרעטן מיט אַ סך דערפאָלג, אויפפירנדיק „יאָשע קאַלב", „די ברידער אשכנזי", „דער וואַסער־טרעגער", „טביה דער מילכיקער" און אַנדערע פּיעסן.

אין די טעג פון מאָריס שוואַרצ׳ס גאַסטראָלירן אין פּאַריז, אין יוני 1938, איז אויסגעפאַלן דער הונדערט־יעריקער יובל, זינט די גרויסע יידישע טראַגיקערין ראַשעל האָט דעביוטירט אין דער „קאָמעדי־פראַנסעז". מאָריס שוואַרץ איז דאַן אַרויסגעקומען מיט אַ רוף אין דער צייטונג צו אַלע יידישע אַקטיאָרן, צו מאַכן אַ קאָלעקטיוון באַזוך צו איר קבר און אַוועקלייגן דאָרט אַ קראַנץ בלומען. ס׳איז געווען דאָס ערשטע און איינציקע מאָל, אַז יידישע אַקטיאָרן האָבן אַוועקגעלייגט בלומען אויפן קבר פון דער גרויסער טראַגיקערן.

אַזוי אויך איז אין יאָר 1926 דאָ אויפגעטרעטן די „הבימה" וואָס האָט פאַר־לאָזט רוסלאַנד, געמאַכט אַ טורנע איבער אייראָפּע (אויפן וועג קיין ארץ ישראל) כדי זיך דאָרט צו באַזעצן. זיי האָבן דאַן אויפגעפירט דעם „דיבוק", דעם „מבול" (פון בערגער) און „יעקבס חלום" פון בער האָפמאַן. דער דערפאָלג פון דער „הבי־מה" איז געווען געוואַלדיק גרויס און זי האָט גאַסטראָלירט צוויי חדשים צייט. צו ערשט זענען די ספּעקטאַקלען פאָרגעקומען אין „טעאַטער דע לאַ מאַדלען" און דערנאָך אין „טעאַטער אַנטואַן".

אַזוי דאַרף אויך דערציילט ווערן וועגן געוואַלדיקן רושם וואָס עס האָבן אַרויסגערופן אין פּאַריז די גאַסטראָלן פון „מאָסקווער יידישן קאַמער־טעאַטער", אונטער דער לייטונג פון אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי, וואָס האָט דאָ געשפּילט אין יאָר 1928 און אויפגעפירט „די כישופמאַכערין", „די צוויי הונדערט טויזנט" און „מסעות בנימין השלישי". דאָס זענען געווען גראַנדיעזע פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן צוליב דעם נייעם, ביז דאַן אויף דער יידישער גאַס נישט געזעענעם אופן שפּילן, געטרייסלט מיטן טעאַטער און האָבן אַרויסגערופן בעת די אַנטראַקטן, ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס צווישן פּובליקום. דאָס לעצטע האָט באַוויזן דעם

אַרטיסט שלמה מיכאָעלס אַרויסצוקומען מיט אַן עפנטלעכן רעפעראַט, כדי צו פּרוּוון אויפקלערן דעם וועג פון „קאַמער־טעאַטער". דער רעפעראַט פון מיכאָעלסן, וואָס האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם, איז דאַן פאָרגעקומען אין גרויסן קעלער־זאַל פון דער קאַפע „דימעניל", אויף בולוואַר מאָנפּאַרנאַס 1).

אוודאי האָבן די גאַסטראָלן פון די נאָר־וואָס אויסגערעכנטע באַרימטע טעאַ־טערן שטאַרק באַווירקט די פּריש־געקומענע יונגע עמיגראַנטישע מאַסע און עס זענען דאָ אַנטשטאַנען אַ ריי דראַמאַטישע קרייזן, וואָס זענען געווען טעטיק מיט אַ פאַרשידנאַרטיקן דערפאָלג. גלייך נאָכן אָפּפאָר פון די „ווילנער", איז אין יאָר 1922 אַנטשטאַנען די „דראַמאַטישע סטודיע" וואָס האָט עקזיסטירט נאָר אַנדער־האַלבן יאָר און פאַר דער צייט האָט זי אויפגעפירט „גאַברי און די פרויען", „צווי־שן טאָג און נאַכט" און „די נבלה". פון אַלע אָנטיילנעמער אין דער סטודיע, קען איך אָנגעבן נאָר די נעמען פון פרוי ליזאַ סאַמוס, אברהם מאַרקוזאַ און וואכאלסקי. אַזוי האָט דאָ פון יאָר 1923 ביז 1926 עקסיסטירט אַ געזעלשאַפט „די האַרפע", וואָס האָט אַחוץ איר כאָר, אויך פאַרמאָגט אַ דראַם־קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט אברהם רייזענס איינאַקטער „דעם שדכנס טאָכטער", דעם איינאַקטער „הערקולעס" פון א. בעל, „דאָס אייביקע ליד" פון מאַרק ארענשטיין, אַ פראַגמענט פון „דאָרפס־יונג" און אַנד. „די האַרפע" האָט געהאַט איר לאָקאַל אויף בולוואַר מענילמאָנטאַן נ׳ר 120. אירע רעזשיסאָרן זענען געווען אַ טשענסטאָכאָווער ייד, שטשערקאטש, און מרדכי אייזנשטאַט פון ביאַליסטאָק, אַ געוועזענער אַקטיאָר אין פוילן און אַ שילער פון נחום צמח, דעם גרינדער פון דער „הבימה".

דאָ דאַרף דערציילט ווערן, אַז אין יאָר 1913 האָט אין פּאַריז גאַסטראָלירט אסתר רחל קאַמינסקי, בעת איר צוריקקערן זיך פון אַ טורנע אין אַמעריקע. די אַקטריסע האָט דאַן געשפּילט אין טעאַטער „פידעליטע" ,וואָס האָט זיך געפונען אין דער רי דע לאַ פידעליטע נ׳ר 9.

אַזוי דאַרף אויך דערציילט ווערן וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער „מאַסקע" געגרינדעט פון אַמאַטאָרן אונטער דער לייטונג פון לייזער דאָרן, אַן אינטעליגענ־טער יונגערמאַן פון וואַרשע, איז ער געווען אַ ליבהאָבער פון אַ גוטן טעאַטער און געגרינדעט דעם דראַם־קרייז אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט: פרוי דאָרן, פרוי לילית (אַ שוועסטער פון דער אַקטריסע פרידאַ בלומענטאַל, פון די „ווילנער") נחמיה ענדען, מ. קינמאַן, מאָריס שטאַבזיב און אַנד.

דאָ דאַרף אויך דערמאַנט ווערן די אָנוועזנהייט אין פּאַריז, אין די יאָרן

1) די קאַפע עקסיסטירט שוין נישט. איר אָרט פאַרנעמט היינט אַ סינעמאַ, וואָס געפינט זיך בולוואַר מאָנפּאַרנאַס נ׳ר 73.

1927 — 1928 פון אַ יונגן אַקטיאָר, ביבלין, וואָס האָט פאַרמאָגט פיינע רעזשיסאָרי־שע פעאיקייטן און וואָס האָט דאָ אויפגעפירט מיט אַ ריי אַמאַטאָרן פון דער דער־מאנטער „האַרפּע" און „מאַסקע" אייניקע איינאַקטערס : „דער טייסטער" פון אָק־טאַוו מירבאָ, „ווען דער טייוול לאַכט" פון מאַרק ארענשטיין, און אויך די פּיעסע „גנבים" פון פישל בימקאָ. ביבלין האָט זיך דערנאָך פאַרבונדן מיט פראַנצויזישע דראַם־קרייזן און אָנגעהויבן זיין רעזשיסאָרישע טעטיקייט ביים פראַנצויזישן טעאַ־טער.

אַ ריי אַמאַטאָרן באַטייליקטע אין דער „מאַסקע", האָבן שוין מער קיינמאָל נישט פאַרלאָזט די סצענישע אַקטיוויטעט און זיך אַרויסגערוקט אַלס טאַלענטירטע אַקטיאָרן. אין יאָר 1935 איז דאָ אָנטשטאַנען דער „פיאַט" (פאַריזער יידישער אַר־בעטער־טעאַטער), וואָס איז געווען טעטיק ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און פאַר די פיר יאָר עקסיסטענץ האָבן זיי אויסגעפירט אַ גרויסע צאָל פּיעסן פון בעסערן רעפּערטואַר, דערונטער אויך „די רעקרוטן" (פון ישראל אַקסענפעלד). אוודאי האָט דער „פיאַט" כסדר געליטן פון דעפיציטן. נישט געקענט ווערן קיין סטאַביל טעאַטער און די אָנטיילנעמערס האָבן כסדר געמוזט אָנהאַלטן זייערע נישט־שוישפּילערישע פּרנסות. דאָך האָבן זיי פאַרמאָגט אויסדויער און עקשנות און אָנגעגאַנגען מיט זייערע אויפפירונגען וואָס זענען מער־ווייניק גע־ווען צופרידנשטעלנדיק הן פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט און הן אויך פון רע־פּערטואַר. דאָ דאַרף אויך דערמאנט ווערן אַז דער „פיאַט" האָט זיך געפונען אונ־טערן איינפלוס פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און איז דורך איר געשטיצט געוואָרן, אַזוי אַז דער אויסגעפירטער רעפּערטואַר איז כסדר געווען לינקיסטיש באַפאַרבט. די אויסגעבראָכענע מלחמה פון 1939 האָט, פאַרשטייט זיך, איבערגעריסן די אַקטיוויטעט פון „פיאַט", וואָס האָט אָבער שפּעטער, נאָך דער מלחמה, פּראָבירט ווייטער באַנייען זייערע ספּעקטאַקלען.

פּאַריז איז כסדר געווען אַ צענטער וואָס האָט געצויגן צו זיך יידישע אַק־טיאָרן וואָס פלעגן קומען אַהער פון גאָר דער וועלט, בעת זייערע וואַנדערונגען איבער אייראָפּע, אַפריקע און אַמעריקע. נישט געווען קיין אַקטיאָר, וואָס זאָל אויף זיין וואַנדער־וועג, זיך נישט אָפּשטעלן אין פּאַריז, ווו עס האָבן עקסיסטירט אַ ריי יידישע טעאַטערן. בלויז אין יאָר 1924 האָבן דאָ געשפּילט גאַנצע פיר טעאַ־טער־אַנסאַמבלס, ס׳האָבן דאָ כסדר עקסיסטירט אייניקע טעאַטערן וואָס האָבן אויפגעפירט לייכטע, סענטימענטאַלע פּיעסעס, אָפּערעטעס און מעלאָדראַמעס. די פּיעסן האָבן זיך זייער אָפט געטוישט און . . . עס פלעגט טרעפן, אַז מען האָט איבערגעחזרט פּיעסן, נאָר געטוישט זייערע נעמען.

צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָבן דאָ גאַסטראָלירט : מאָלי פּיקאָן און יעקב

קאַליך, יוליוס אַדלער, מיכאַעלסקאַ, פּאַל באַראַטאַוו, זאַסלאַווסקי בערטאַ גערסטין, קלאַראַ יאַנג, מרים קרעסין, חיה׳לע גראַבער, פרידאַ בלומענטאַל־גראָסבאַרד, הער־מאַן יאַבלאָקאָוו, לודוויק זאַץ, קורט קאַטש, נעלי קעסמאַן, אברהם מאָרעווסקי א.א.

אין יאָר 1929 האָט זיך אין פּאַריז באַזעצט די גאַנצע אַרטיסטן־משפּחה קאָמפּאַניעיעץ, זי האָט דאָ געשאַפן דאָס „וואַרשעווער טעאַטער פון א. קאָמפּאַ־ניעיעץ״. די טרופּע איז באַשטאַנען פון די אַקטיאָרן: אבא און לאה קאָמפּאַניעיעץ, זייערע צוויי זין, ישראל און מאָטעק און זייערע דריי טעכטער: אַניעלאַ, באַריסאָוואַ און נינאַ, און די איידעמס: אהרן פּאָליאַקאָוו, לעאָניד סאָקאָלאָוו און לייב ראַבינאָ־וויטש. אין דעם „וואַרשעווער טעאַטער פון א. קאָמפּאַניעיעץ״, האָבן זיך אויך באַטייליקט פּאַריזער אַקטיאָרן, פּיעקאַרניק, פריידענרייך, יעקב שעפער, משה צווייגענבוים, דוד לעווין, מאָשקאָוויטש, שוויאַטלאָ, מאַכאַראָווסקי, סאָנינאַ און אַנד. דאָס דאָזיקע טעאַטער האָט אַריינגעבערענגט אַ סך לעבן אין יידישן פּאַריז. זייער רעפּערטואַר איז פאַרשטייט זיך, געווען אַ פאַרשידנאַרטיקער: אָנהויבנדיק פון „די באָבע יאַכנע״, „חלומות פון ליבע״, „זיין יידיש מיידל״, „די פינטשעווער אין טשיקאַגאָ״, ביז „די רויבער״ פון שילער, „קין״ פון אַלעקסאַנדער דיומאַ, „דער פאָטער״ פון סטרינדבערג און „אוריאל ד׳אַקאָסטאַ״ פון גוצקאָוו. דער רעזשיסאָר פאַר דער אָפּערעטע איז געווען לייב ראַבינאָוויטש און פאַר דער דראַמע, לעאָניד סאָקאָלאָוו. דאָס קאָמפּאַניעיעץ־טעאַטער האָט געשפּילט כמעט יעדן אָוונט. אַ יאָר צייט האָט דאָס טעאַטער געשפּילט אין שוין דערמאָנטן „פּאָלי־דראַמאַטיק״, דער־נאָך אין „עלדאָראַדאָ״, דערנאָך אין פאַרלויף פון אייניקע חדשים צייט אין בנין פון פּאַריזער „צירק ד׳היווער״. דאָ האָבן אין די פאָרשטעלונגען זיך באַטייליקט יוליוס אַדלער און רודאָלף זאַסלאַווסקי.

אויך האָט מען אין פּאַריז אויפגעפירט פאַרשידענע רעוויעס, אָבער ביז גאָר וויכטיק איז צו דערמאָנען די רעוויע „די פריילעכע כאַליאַסטרע״, אָנגעשריבן פון יעקב באַטאַשאַנסקי, וואָס דער אַקטיאָר אהרן פּאָליאַקאָוו האָט געשטעלט אין יאָר 1932 קומענדיק פון גאַסטראָלן אין אַרגענטינע. די רעוויע אין וועלכער עס האָבן זיך אויך באַטייליקט די אַקטיאָרן אַניעלאַ, ראַבינאָוויטש, באַריסאָוואַ, מאַקס קאָמ־פּאַניעיעץ און אַנד. איז געשפּילט געוואָרן אין אַ טעאַטערביים סאַמע פּלאַץ וואָל־טער, איז רעאַליזירט געוואָרן אַ דאַנק דעם פּאַריזער עסקן זכריה גאַנאַפּאָלסקי, אַ ליבהאָבער פון יידיש טעאַטער, וועלכער האָט, טראָץ דעם גרויסן דערפאָלג פון דער רעוויע, דערלייגט צו דער אונטערנעמונג אַ גאָר גרויסע געלט־סומע.

מיט דעם ביז איצט דערציילטן, שעפּן זיך אויס די ווייט נישט פולע ידיעות וועלכע כ׳האָב געקענט צונויפזאַמלען וועגן יידישן טעאַטער־לעבן ביז צום אויס־ברוך פון דער מלחמה אין 1939. אָבער כדי צו האָבן אַ בילד וועגן דער טעאַטער־

אַקטיוויטעט אין פּאַריז פון יענע טעג, דאַרף דאָ אויך דערציילט ווערן, אַז ערב דער מלחמה, אין 1939, האָבן אין פּאַריז זיך געפונען קרוב פערציק ייִדישע אַק־טיאָרן, וואָס האָבן דאָ אויך געהאַט אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין.

אין 1937 האָט אין פּאַריז אויך גאַסטראָלירט אייניקע וואָכן צייט, (אין בנין פון „מיטיאַליטע") משה בראָדערזאָנס „אררט"־טעאַטער. דער שרייבער האָט דאַן אויך געהאַט אַן עפנטלעכן אויפטריט. צווישן זיינע אַרטיסטן האָט זיך אויך געפו־נען און אויפגעטרעטן אין פּאַריז, צום ערשטן מאָל, שמעון דזשיגאַן.

## ייִדיש טעאַטער אין פּאַריז נאָך דעם היטלער־חורבן

אין האַרבסט 1944, גלייך נאָכן פּאַרטרייבן דעם נאַצישן אָקופּאַנט פון פּאַריז, האָבן דאָס ביסל אָפּגעראַטעוועטע ייִדן אָנגעהויבן אַרויסקומען פון די באַהעלטע־נישן און פון פאַרשידענע שטעט, שטעטלעך און דערפער, אָנגעהויבן שטראָמען קיין פּאַריז, ווו עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט רירנדיקע סצענעס ביים צונויפטרעפן זיך מיט באַקאַנטע, מיט פריינט און קרובים מיט וועלכע מען האָט צוליב די פאַר־פאָלגונגס־באַדינגונגען פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט. מען איז געווען פול מיט גלויבן אַז די טויזנטער און טויזנטער דעפּאָרטירטע נאָענטע מענטשן וועלן, נאָך דער ענדגילטיקער מפּלה פון די דייטשן, צוריקקומען און זייענדיק דורשטיק נאָך אַ ניי און פריש וואָרט, האָט מען מיט ברען אָנגעהויבן באַנייען די קולטור־אַקטיווי־טעט, אויפלעבן אָרגאַניזאַציעס, שאַפן נייע, און שוין אָנהייב אָקטאָבער 1944, נאָכן פּאַרטרייבן די דייטשן און טראָץ דעם וואָס די מלחמה האָט נאָך געדויערט אייני־קע חדשים צייט, האָבן מיר דאָ געהאַט דאָס גאָר גרויסע פאַרגעניגן בייצווווינען אַ ייִדיש־ליטעראַרישע אונטערנעמונג אויף וועלכער עס איז אויפגעטרעטן מיט פאָלקס־לידער דער אָפּגעראַטעוועטער אַקטיאָר העברי וואַכטעל. ער איז געווען פון די סאַמע ערשטע און אפשר טאַקע דער ערשטער ייִדישער אַקטיאָר וואָס האָט זיך באַוויזן אין פּאַריז נאָך דער באַפרייאונג און דער ערשטער וואָס איז דאָ אויפ־געטראָטן פאַרן אָפּגעראַטעוועטן ייִדישן עולם, וואָס איז געווען פאַרבענקט נאָך אַ ייִדיש וואָרט.

אין 1945, ווען אַלץ איז נאָך געווען חרוב, האָבן זיך געשאַפן און אָנגעהויבן זייער אַקטיוויטעט צוויי טעאַטערס: „דאָס ייִדישע פאָלקס־טעאַטער" און דער „ייִקוט" (ייִדיש קונסט־טעאַטער).

דאָס „ייִדישע פאָלקס־טעאַטער" איז געגרינדעט און אָנגעפירט געוואָרן דורך אהרן פּאָליאַקאָוו, און געזוכט צו שפּילן פּיעסן פון בעסערן רעפּערטואַר און אויפ־

געפירט „דער דאָרפס-יונג", „דער אוצר" און אַנד. דער אַנסאַמבל איז דער עיקר באַשטאַנען פון די אין פראַנקרייך, אָפּגעראַטעוועטע אַקטיאָרן: אהרן און אַניעלאַ פּאָליאַקאָוו, שוויאַטלאַ, וואַלדעמאַר הײנצע, מאַטעק קאָמפּאַניעיעץ, מאַכאַראָווסקי, צווייגנבוים, ראָזאַ אָרנשטיין, סאַנינאַ, נאָטינגער און אַנד. דאָ דאַרף אויך דער-ציילט ווערן, אַז דער לייטער פון „יידישן פאָלקס-טעאַטער" אהרן פּאָליאַקאָוו, האָט אין פאַרלויף פון אַכט יאָר צייט, אָנהויבנדיק פון יאָר 1953, אַרויסגעגעבן אין פּאַריז אַן אילוסטרירטע אויסגאַבע א. נ. „דער טעאַטער-שפּיגל", פון וועלכן עס זענען דערשינען 43 נומערן. די אויסגאַבע האָט זיך אָפּגעשטעלט צוליבן קראַנק ווערן פון אַרויסגעבער.

קלישע נומער 26



אהרן און אַניעלאַ פּאָליאַקאָוו.

דאָס צווייטע טעאַטער, דער „ייקוט", האָט זיך וועריבירט פון די אָפּגעראַטע-וועטע אַמאַטאָרן און אַקטיאָרן פון דעם פריער שוין דערמאָנטן „פּיאַט" (פּאַריזער אַרבעטער-טעאַטער) און אַ ריי פריש צוגעקומענע כוחות.

דער „ייקוט" איז דער עיקר באַשטאַנען פון יונגערע אַקטיאָרן מיט אַ סך טעאַטראַלע אַמביציעס און וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט „קאָמפּראָמיטירט" מיט שפּילן אַ נישט-ליטעראַרישן רעפּערטואַר. די ערשטע אויפפירונג איז געווען „פישקע דער קרומער", באַאַרבעט און רעזשיסירט דורך שמחה שוואַרץ. דערנאָך

איז נאָכגעקומען „המנס מפּלה" פון פּאַריזער מחבר ד״ר ח. סלאָוועס, רעזשיסירט דורך א. פעסלער (אַ שילער פון אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי). דאָס איז באמת גע־ווען אַ זעלטענער ספּעקטאַקל. דער „ייקוט" האָט אויך אויפגעפירט „די נקמה נע־מער" פון ח. סלאָוועס, „שייקע לץ" און „טביה׳ס טעכטער", רעזשי פון יעקב מאנס־דאָרף. „די פּוסטע קרעטשמע", „אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל" און „דעם שמידס טעכ־טער", די דריי ווערק זענען רעזשיסירט געוואָרן דורך מ. קינמאַן. ס׳איז נאָכגע־קומען „גאָלדפאַדענס חלום" (לויט מאַנגערן), רעזשיסירט דורך יעקב ראָטבוים, און „די גרינע פעלדער", רעזשיסירט דורך שעפּטל זאַק.

דער „ייקוט"־אַנסאַמבל איז באַשטאַנען פון: מ. קינמאַן, לענסקי, לעאָן שפּי־געלמאַן, אַבראַמאָוויטש, שמעון מירלס, מונדשטיין, פעלאַ פעלד, אירען גאמער, שטארך, פרידאַ בלומענטאַל, ניוסיאַ גאָלד און די נאָך דער מלחמה צוגעקומענע סאָניאַ באָטשקאָווסקאַ און זאַמי פעדער.

זינט 1948 האָט אין פּאַריז אויך עקסיסטירט „די נייע פאָלקס־בינע" אונטער דער אַדמיניסטראַטיווער ליטונג פון מאָשקאָוויטש. עס האָט עקסיסטירט „דאָס נייע ייִדישע קאָמעדיע־טעאַטער" און דער „פּאַריזער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער" אונטער דער לייטונג פון פרוי ראָזאַ אָרנשטיין. אין 1961 האָט די אַקטריסע ניוסיאַ גאָלד געשאַפן דעם „פּאַריזער ייִדישן טעאַטער־אַנסאַמבל" וואָס האָט אונטער איר לייטונג אויפגעפירט אייניקע ספּעקטאַקלען, דערונטער אויך „דער נסיון" פון דוד פּינסקי און „איך וויל אַ גט" פון שלום עליכם.

געווען דאָ אויך נאָך אַ וויכטיקער און ביז גאָר אָריגינעלער אויפטו: דאָס איז געווען דאָס אַנטשטיין פון מאַריאָנעטן־טעאַטער „הכל־בכל", געגרינדעט דורכן טעאַטראַל שמחה שוואַרץ. דאָס מאַריאָנעטן־טעאַטער האָט אָנגעהאַלטן צוויי יאָר צייט. אָבער איידער כ׳וועל איבערגעבן מערערע פּרטים וועגן „הכל בכל", זאָל מיר דערלויבט ווערן זיך אומצוקערן צו אַ טעאַטראַל געשעעניש וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט לאַנג פאַר דער מלחמה:

אַ געוויסן טאָג (דאָס איז געווען אין יאָר 1925) איז געקומען קיין פּאַריז אַ ייִדיש מאַריאָנעטן־טעאַטער, געגרינדעט און אָנגעפירט דורך צוויי ניו־יאָרקער ייִדישע קינסטלער, זוני מאוד און יוסף קאָטלאַר. זיי האָבן אַנאָנסירט אין די צײַ־טונגען, אַז זיי וועלן גאַסטראָלירן אין טעאַטער „לאַנקרי". צו דער פּרעמיערע איז זיך צונויפגעקומען אַ שיינער עולם, וואָס האָט אָבער קיינמאָל נישט געזען קיין מאַריאָנעטן־טעאַטער און אַפילו נישט געוווּסט וואָס דאָס מיינט. ווי נאָר דער ספּעקטאַקל האָט זיך אָנגעהויבן, איז אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל; אַ סך פונעם פּו־בליקום האָבן פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ שפּיל: „מיר זענען געקומען זען טעאַטער און נישט קיין ליאַלקעלעך" — האָט מען געהערט פון אַלע זייטן. די צוויי קינסט־

לער זענען אַרויסגעקומען צום פּובליקום, געשטאַנען בלייך, פאַרלוירן און זיך גענומען פאַרענטפערן, אַז זיי האָבן קיינעם נישט אָפּגענאַרט, אַז זיי האָבן אַנאָנ־סירט וועגן אַ „ספּעקטאַקל פון מאַריאָנעטן" און זיי פירן אויס אַ ספּעקטאַקל פון מאַריאָנעטן!

אַ גרויסער טייל פון עולם האָט טומלדיק און „פּראָטעסטירנדיק" פאַרלאָזט דעם זאַל, הויבנדיק מיט די פּלייצעס: „אויך מיר אַ טעאַטער"... אַזאַ זאַך איז געשען אין יאָר 1925 אין פּאַריז, אין דער גרויסער וועלט־שטאָט אין וועלכער דאָס מאַריאָנעטן־טעאַטער, כאָטש עס האָט געשפּילט אין יידיש, האָט באמת גע־קענט דערגרייכן דעם גרעסטן דערפאָלג, וואָרעם זייערע מאַריאָנעטן־ספּעקטאַקלען זענען געשטאַנען אויף אַ קינסטלערישער הויך. אַלץ וואָס איך דערמאַן מיך פון יענע פּרעכטיקע אויפפירונגען, זענען „אסתר און אחשורוש", „דער מגיד" און משה נאַדירס „אין הימל".

ווי שוין פריער דערמאָנט, האָט שמחה שוואַרץ רעזשיסירט די ערשטע אויפ־פירונג פון „ייקוט", „פּישקע דער קרומער" לויט זיין אייגענער באַאַרבעטונג און גלייך דערנאָך איז ער צוגעטראָטן אַרבעטן און רעאַליזירן זיין אידייע וועגן מאַ־ריאָנעטן־טעאַטער, וואָס האָט געהאַט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג; ער האָט געגעבן ביי אַ צוויי הונדערט פאָרשטעלונגען, אויספירנדיק „דעם פריצס וואָנסעס" (לויט מאַנגערן), „ירושה" (לויט בעלאַ שאַגאַל), „דוד און גלית" און אַנד. די ספּעק־טאַקלען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסער פאַלקסטימלעכקייט, טעמפּעראַמענט, און זענען בכלל געשטאַנען אויף אַ קינסטלערישן ניוואָ. פאַר טייל אויפפירונגען, האָבן די דעקאָראַציעס געמאָלן אַרטור קאָלניק און מאַרק שאַגאַל.

גאָר אַ גרויסע אַקטיוויטעט אין יידישן טעאַטער־לעבן, נאָך דער מלחמה, האָבן אויך אַריינגעברענגט אַקטיאָרן און טרופּעס געקומענע סיי פון אַמעריקע און סיי פון די פון מזרח־אייראָפּע אָפּגעראַטעוועטע יידיש־אַרטיסטישע כוחות.

אין יאָר 1946 האָבן מיר דאָ געהאַט אויף מערערע גאַסטראָלן דאָס קינסטלער־פּאָרל מאָלי פּיקאָן און יעקב קאַליך; זיי האָבן דאָ געגעבן מערערע גאַסטראָלן אין פּאַריז און אַזוי אויך אין דער פראַנצויזישער פּראָווינץ (אין ליאָן און אין גרענאָבל), לאָזנדיק דעם גאַנצן רווח פאַר יידישע קינדער־היימען. אין 1947 איז געקומען הערמאַן יאַבלאָקאָוו, וועלכער איז, פּונקט ווי מאָלי פּיקאָן און יעקב קאַ־ליך, אויפגעטרעטן מערערע מאָל לטובת אָפּגעראַטעוועטע יידישע קינדער. מאָלי פּיקאָן, יעקב קאַליך און הערמאַן יאַבלאָקאָוו זענען דערנאָך אייניקע מאָל געקומען אין פּאַריז און אויפגעטרעטן פאַרן יידישן עולם. ס'איז דאָ אויך אויפגעטראָטן מיט רעציטאַציעס הערץ גראָסבאַרד, יוסף בולאָוו און אַנדערע כוחות. אַ גרויס גע־שעעניש איז דאָ געוועזן דאָס קומען אייניקע מאָל פון די קינסטלער דזשיגאַן און

שומאַכער, אַזוי אויך האָבן דאָ גאַסטראָלירט זיגמונד טורקאָוו, יאָנאַס טורקאָוו און דיאַנאַ בלומענפעלד.

קלישע נומער 27



מאָלי פּיקאָן און יעקב קאַליך.

אין 1948 האָט דאָ גאַסטראָלירט „דאָס יידישע רעפּרעזענטאַנץ־טעאַטער פון לאָדזש" מיט די אַרטיסטן אייזיק ראָטמאַן, משה ליפּמאַן, נאַטאַליאַ ליפּמאַן, דוד לעדערמאַן, עני ליטמאַן און אַנד. זיי האָבן אויפגעפירט „גאָט, מענטש און טייוול", „קרייצער סאָנאַטע", „די כישופמאַכערין" און אַנדערע ווערק. אויך האָט דאָ גאַס־טראָלירט „דאָס וואַרשעווער יידישע טעאַטער" אונטער דער לייטונג פון אידאַ קאַמינסקאַ.

אין די זומער־פעסטיוואַלן אין פּאַריזער „טעאַטער פון פעלקער" האָבן מיר דאָ ווידער געזען אויפטרעטן די „הבימה" און דעם „אוהל" פון ישראל. דאָ איז

נישט איבעריק צו דערציילן, אַז דער „אוהל״ האָט אָנגעהויבן זיינע גאַסטראָלן אין פּאַריז, אויפפירנדיק צווישן אַנדערע פּיעסעס, מאָליער׳ס אַ קאָמעדיע, אָבער נאָך אייניקע טעג שפּילן, אַראָפּגענומען דאָס ווערק פון זייער רעפּערטואַר.

צווישן די פאַרשידענע אַרטיסטן וואָס זענען אַריבערגעקומען נאָך דער מל־חמה און זיך דאָ באַזעצט, דאַרף דערמאָנט ווערן דאָס קומען פון פּוילן אין יאָר 1950 פון דעם אַרטיסטן־פּאָרל זלמן קאָלעשניקאָוו און רעניאַ גליקמאַן. ביידע האָבן דאָ אָנגעפירט אַ זייער ענערגישע טעאַטראַלע אַקטיוויטעט, אויפטרעטנדיק אין אַ גאָר גרויסער צאָל פּיעסעס, סקעטשן, און גאָר באַזונדער איז זלמן קאָלעשניקאָוו אַרויסגעטראָטן אויף הונדערטער קולטור־אימפּרעזעס מיט רעציטאַציעס און אונ־טערהאַלט־פּראָגראַם. דאָס קינסטלער־פּאָרל האָט אויך פאַר דער צייט פון זייער וווינען אין פּאַריז, גאַסטראָלירט סיי אויף דער פראַנצויזישער פּראָווינץ און אויך אין אויסלאַנד: ווי בעלגיע, האָלאַנד, ענגלאַנד, שוועדן און אין ישראל.

זייענדיק שוין שווער קראַנק, איז רעניאַ גליקמאַן־קאָלעשניקאָוו דאָ אויפגע־טראָטן צום לעצטן מאָל דעם 21־טן אָקטאָבער 1959, שפּילנדיק מאַרק ארנשטיינס „ווען דער טייוול לאַכט״. זי איז געשטאָרבן דעם 28־טן סעפּטעמבער 1961 *).

## טענצער, זינגער און מוזיקער

אויסרעכענען די נעמען פון די אַקטיאָרן, רעציטאַטאָרן, זינגער און טענצער, וואָס זענען געקומען אין פּאַריז און דאָ אויפגעטרעטן פאַרן יידישן עולם, איז שוין ווייט נישט פּשוט. דאָך האַלטן מיר פאַר אונדזער חוב צו דערמאָנען די פיינע זינ־געריןן יהודית מאָרעצקאַ, וואָס האָט זיך דאָ אויפגעהאַלטן אַ לענגערע צייט; די זינגערין לאָלאַ פּאָלמאַן, דעם זינגער בן־ברוך, די טענצער רות בערגנער, פעליקס פּיביך, יהודית בערג און די רעציטאַטאָרן שמאי ראָזענבלום און רחל האָלצער.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער מוזיקער וואָס איז געווען זייער אַקטיוו ביים פּאַריזער יידישן טעאַטער, דער חזן אליהו הירשין ז״ל, וואָס איז געווען אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט; געשטאָרבן אין יאָר 1960 אין עלטער פון אַכציק יאָר, האָט אליהו הירשין איבערגעלאָזט אַ חוץ אַ מאַסע קאָמפּאָזיציעס, אויך אַן אָפּערע, „יהודה און תמר״.

אַזוי איז דאָ אויך געווען זייער טעטיק די פרוי שרה הירשין־באַביטש, אַ טאָכטער פון דעם נאָרוואָס דערמאָנטן א. הירשין. זי איז לאַנגע יאָרן געווען באַ־

---

*) דאָס איז געווען אויף אַן אָוונט וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד דער דערשיי־נונג פון בוך „פּאַריזער היסטאָרישע קוריאָזן״ פון יחזקאל קאָרנהענדלער.

שעפּטיקט ביים ייִדישן טעאַטער מיט אָנפירן די אָרקעסטערס. עס זענען דאָ אויך געווען טעטיק די קאָמפּאָזיטאָרן כאַלאַדענקאָ, הענעך קאָן און אַנד.



זאָלן דאָ אויך אויסגערעכנט ווערן די נעמען פון אַקטיאָרן־קדושים, דעפּאָר־טירטע פון פראַנקרייך און אומגעקומענע אין די טויט־לאַגערן:

מענער: אונטערמאַן בעריש, ויידערמאַן משה, טרוימאַן נתן, לאַכטינגער העברי, לערמאַן יעקב, מאַרכעווקאַ ישראל, ענדען נחמיה, עפּשטיין מ. ב., קאָמפּאַ־ניעיעץ ישראל און שטאַבזיב מ.

פרויען: בערגער ראַשעל (אַ טאָכטער פון אַקטיאָר לעאָן בערגער) און די אַקטריסע לילית.

היינט צו טאָג, נאָך אַזוי פיל שטורעמדיקע און ענטוזיאַסטישע ספּעקטאַק־לען וואָס די ייִדישע בינע אין פּאַריז האָט אַדורכגעמאַכט, נאָך די גרויסע טריאומפן פון די ווילנער, פון ניו־יאָרקער ייִדישן קונסט־טעאַטער, פון דער „הבימה", פון „אהל", פון מאָסקווער קאַמער־טעאַטער און פון אַן אַ שיעור ספּעקטאַקלען פון לאָקאַלע און אַנדערע אַרטיסטישע כוחות, איז נישט פאַראַן אין פּאַריז קיין סטאַביל ייִדיש טעאַטער. אַ סך ייִדן האָבן אויסגעוואַנדערט אין די ווייטע אַמערי־קאַנער לענדער און קיין ישראל. מיר זענען דאָ צו ווייניק אויף קענען אויסהאַלטן אַ טעאַטער, בעת קיין פרישער ייִדיש־רעדנדיקער עולם קומט ליידער נישט צו. דאָך ווערן פון צייט צו צייט, אַדורכגעפירט ספּעקטאַקלען רעזשיסירט פון יוסף שיין. און ס׳ווילט זיך האָפן, אַז דאָס ייִדישע פּאַריז האָט נאָך אויף דעם געביט נישט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט.

ביבליאָגראַפיע:

זע נומער: 136, 138, 142, 144, 145, 147, 165.

*12.*

# דאָס בית עולם באַניע

מיר האָבן דערציילט וועגן באַרימטע יידישע קינסטלער, שרייבער און וועגן פיל אַנדערע פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן געלעבט און געווען אַקטיוו אין פראַנקרייך אויף פאַרשידענע געביטן, און וועמענס אַש רוט אויף די בית־עלמינס פּער־לאַשעז, מאָנפּאַרנאַס, מאָנמאַרטר און פּאַסי.

אָבער אין סאַמע לעצטן מאָמענט, האָבן מיר באַשלאָסן אויך צו דערציילן וועגן אַ צאָל יידישע מענטשן וואָס רוען אויף אַ בית־עולם וואָס געפינט זיך נעבן פּאַריז און וואָס איז באַקאַנט א. ב. באַניע.

ס'איז נישט קיין זייער אַלט בית־עולם, אָבער ווו עס געפינען זיך קברים פון אַ צאָל שפּעפערישע מענטשן: יידישע עמיגראַנטן, איינגעוואַנדערטע קיין פראַנקרייך זינט 1905 פון די מזרח־איראָפּעאישע לענדער, שרייבער, קינסטלער, אַקטיאָרן און קולטור־געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס מיט איינצלנע אויסנאַמען, זענען זיי געווען יידיש־רעדנדיקע און יידיש־שאַפנדיקע מענטשן.

ברענגען מיר דאָ און דערציילן אין די סאַמע קורצסטע שורות וועגן אַ צאָל פון די דאָזיקע קולטור־שעפערישע יידן, באַזירנדיק זיך נאָר און אויסשליסלעך אויף די ביז גאָר מאָגערע אַרכיוו־מאַטעריאַלן וועלכע מיר האָבן ביי זיך און מיר טוען עס אין דער האָפענונג, אַז אַ טאָג וועט זיך געפינען אַ יידישער היסטאָריקער, וואָס וועט דערציילן און ווידמען אַ ספּעציעל ווערק, די אַזוי פאַרדינסטפולע שע־פערישע יידן וואָס רוען דאָ, אויפן בית־עולם באַניע, איינגעוואַנדערטע קיין פראַנקרייך, קיין פּאַריז, אין אונדזער יאָרהונדערט.

### אבערדאם, אַלפרעד:

אַ מאָלער פון ערנסטע און אויך דראַמאַטישע סיוזשעטן. געבוירן דעם 14־טן מאַי 1894 אין לעמבערג, מיטגעמאַכט די ערשטע וועלט־מלחמה אַלס עסטרייכישער זעלנער און געווען אין רוסישער געפאַנגענשאַפט. אין פּאַריז זיך באַזעצט אין יאָר 1923. געהאַט מערערע אויסשטעלונגען. אין יאָר 1962 געהאַט אַ זייער דערפאָלגרייכע אויסשטעלונג אין ישראל. געשטאָרבן אין יאָר 1963 אין עלטער פון 69 יאָר און רוט אין דער 55־טער אָפּטיילונג (דיוויזיאָן), אין קבר פון דער פעדעראַציע פון די יידישע געזעלשאַפטן. דער קינסטלער איז גע־

ווען איינער פון די צוויי ייִדן, וואָס האָבן אין די נאַצי־טעג באַגלייט דעם ארון פון חיים סוטין.

### אדלען, מישעל :

אַ מאָלער — פּייזאַזשיסט און אילוסטראַטאָר. געבוירן אין סאָקי (ביי קאָברין). אין פּאַריז זינט 1923. געהאַט מערערע אויסשטעלונגען. זיינע לייוונטן געפינען זיך אין מערערע מוזייען אין פראַנקרייך און אין אויסלאַנד. פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַלבאָמען און מאָנאָגראַפיעס. געשטאָרבן דעם 23־טן יאַנואַר 1980.

### אינדענבוים, לעאָן :

סקולפּטאָר. געבוירן אין רוסלאַנד. אין פּאַריז זיך באַזעצט אין יאָר 1911. באַקומען דעם פּרייז „זשאָרזש הילדענשטיין״. פיל ווערק אין פאַרשידענע מוזייען.

### אַלגאַזי, לעאָן :

קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־קריטיקער. אין יאָר 1929 געשאַפן די וואָכן־אוידי־ציע אין פראַנצויזישן ראַדיאָ א. ב. ״עקוט איזראַעל״, מיט וועלכער ער האָט אָנ־געפירט אין פאַרלויף פון פערציק יאָר צייט. מוזיקאַלישער דירעקטאָר פון די ייִדישע קהילה־שולן אין פּאַריז און פון דער שול פון ליטורגישער מוזיק. געשאַפן די מוזיקאַלישע מאָטיוון פאַרן „דיבוק״ (אין פראַנצויזישן טעאַטער), פאַרן פילם „דאַוויד גאָלדער״ און אַנדערע קאָמפּאָזיציעס. וויצע־פּרעזידענט פון דער „קריסט־לעך־ייִדישער פאַראייניקונג״. אין יאָר 1971 אויפגענומען געוואָרן דורכן פּויפּסט. קאַוואַליר פון ערן־לעגיאָן. געשטאָרבן אין יאָר 1971.

### אַלטמאַן, זשאָרזש :

פראַנצויזיש־ייִדישער זשורנאַליסט און רעפערענט. אַן אָפּשטאַמיקער פון קאָוונע (ליטע). אַ פיינע זשורנאַליסטישע פעדער און זייער וואַרעמער ייִדישער מענטש. אַ קעמפער פאַר אַ שיינער און יושרדיקער וועלט. אַרום צען יאָר צייט מיטגעאַרבעט אין דער פראַנצויזישער טאָג־צייטונג „פראַן־טירער״, ווו ער איז געווען איינער פון די הויפּט־רעדאַקטאָרן. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע אַרויס־געגעבן אומלעגאַלע אויסגאַבן. געשטאָרבן אין יאָר 1960.

### אַראָנסאָן, כיל :

קונסט־קריטיקער. מחבר פון בוך „בילדער און געשטאַלטן פון מאָנפּאַרנאַס״. געשטאָרבן אין יאָר 1966 אין עלטער פון 70 יאָר.

**אַרצישעווסקאַ, טעא:**

געבוירן אין יאָר 1896. מחברין פון בוך „מרימל״, געווידמעט דעם גורל פון ייִדישן קינד בעת די מלחמה־טעג 1939 — 1945. אַ קינד פון אַ חסידישער היים. איר פֿאָטער זאָל האָבן געווען אַ ייד פון קוטנע (פּוילן). אין די יונגע יאָרן געווען אַן אַריינגעייערין און ליבער גאַסט אין דער היים פון י. ל. פּרצ׳ן. זי האָט גערעדט, געלייענט, נאָר נישט געקענט שרייבן קיין ייִדיש און איר בוך „מרימל״ איז דורך איר געשריבן געוואָרן מיט לאַטיינישע אותיות. זי האָט געשריבן לידער אין פּויליש, געווען אַן אַקטריסע אין פּוילישן טעאַטער און געהאַט אַ חלק אין דער אַנטשטייאונג פון קליין־קונסט טעאַטער „עזאזל״. געשטאָרבן דעם 20־טן יאַנואַר 1962, נאָך 15 יאָר לעבן אין פּאַריז. רוט אין קבר פון שרייבער אפרים קאַגאַנאָווסקי. זי לעצטע יאָרן געוווינט אין דער רי גאַזאַן (14־טער אַראָנדיסמענט).

**בזשעזשינסקי, אהרן:**

סקולפּטאָר און זשורנאַליסט. געבוירן אין יאָר 1890. אין פּאַריז פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַקטיוו אין דער יידיש־אַנאַרכיסטישער באַוועגונג און געווען ביז גאָר שטאָלץ פון זיין מאַטעריעלער אָרעמקייט. אין מערץ 1939 אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין פּאַריז אַ חודש־צייטונג „די פרייע טריבונע״. געשטאָרבן דעם 3־טן יאַנואַר 1940. געקומען צו קבר ישראל אין ברידער־קבר פון דער געזעלשאַפט „חסד ואמת״ (31־טע אָפּטיילונג). צווישן זיינע סקולפּטור־ווערק איז אויך פאַראַן אַ קאָפּ פון בן־גוריונען.

**בלומענטאַל, פרידאַ:**

הויך־טאַלאַנטירטע יידישע אַקטריסע. געשפּילט אין דער „ווילנער טרופּע״. געשטאָרבן אין ראָטשילד־שפּיטאָל אין יאָר 1946.

**בערלעווי, הענריק:**

מאָלער. געבוירן אין פּוילן אין יאָר 1894. שוין אין עלטער פון 11 יאָר געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיינע צייכענונגען. אויסגעשטעלט צום ערשטן מאָל אין וואַרשע אין יאָר 1916. אין יאָר 1924 אויסגעשטעלט אין זעלבן וואַרשע, די ערשטע אַבסטראַקטע ווערק זיינע, אַ שיטה וועלכע ער האָט באַצייכנט אַלס „מעכאַנאָ־פאַקטור״. מיטגעאַרבעט מיטן קליין־קונסט טעאַטער „עזאזל״. געשטאָרבן אין יאָר 1967.

## בערנאַרד ל.:

אַ געלערנטער. פּאַקטיש געהייסן בערנאַרד לינדענבערג. געבוירן אין לו־בלין. דאָקטאָר און וויסנשאַפטלעכער פאָרשער. איידעם פון יידישן שרייבער ש. י. סטופּניצקי. אַ הייסער יידישער קולטור־טוער. עסעאיסט און רעדנער. געשטאָרבן אין יאָר 1972.

## בערנפעלד, ד״ר יוסף:

שרייבער. אינטערעסאַנטער עסעאיסט. לאַנגע יאָרן געווען אַקטיוו אין יידישן פּאַריז. געבוירן אין 1893, געשטאָרבן אין 1972.

## גאַנאַפּאָלסקי, זכריה:

געזעלשאַפטלעכער טוער. געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1899. אַ קינד פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. קיין פּאַריז געקומען אין יאָר 1923., ווו ער האָט זיך ביז גאָר אויסגעצייכנט מיט זיין גרויסער געזעלשאַפטלעכער ענערגיע און צווישן אַנדערן, דורך שאַפן אין יאָר 1933 אַ ביז גאָר וויכטיקע, יידיש־פּראָפעסיאָ־נעלע אָרגאַניזאַציע: „דער שטריקער־צערקל״. דער געשטאָרבענער איז אויך גע־ווען דער איניציאַטאָר און גרינדער פון דעם, אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן דער־שינענעם „דער שטריקער־זשורנאַל״, וואָס האָט געהאַט פיל פאַרדינסטן אויפן גע־ביט פון יידיש־נאַציאָנאַלן און קולטור־געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן פון ישוב.

צווישן די פאַרשידענע פאַרדינסטן פון עסקן, געהערט אויך דאָס גרינדן „די פּאַריזער יידישע קינדער־קאָלאָניע״, וואָס שיקט כסדר, בעת די זומער־וואַ־קאַציעס, יידישע קינדער קיין ישראל. זיין יידישע היים איז געווען אַן אויפנאַם־סאַלאָן פאַר וויכטיקע יידיש־נאַציאָנאַלע און ישראלדיקע פּערזענלעכקייטן.

זינט דעם טויט פון עסקן, וואָס איז געשען דעם 4־טן דעצעמבער 1965, עקסיסטירט אין פּאַריז אַ יערלעכע ליטעראַטור־פּרעמיע אויף זיין נאָמען, פאַר אַ בוך אין יידיש, געגרינדעט דורך דער אלמנה פון געשטאָרבענעם.

## גאָלדוואַסער, קלמן:

געבוירן אין מערץ 1897 אין ביאַלאָבזשעג (פּוילן). מחבר פון בוך „פון דער ווייסל ביזן טייך קיזל־סו״, מלחמה־זכרונות. ביז דעם מלחמה־אויסברוך אין 1939 געלעבט אין וואַרשע. די מלחמה־יאָרן אַדורכגעמאַכט אין סאָוויעטישע לאַ־גערן. נאָך דער מלחמה זיך באַזעצט אין פּאַריז, ווו ער האָט געשריבן די זכרונות, וואָס זענען דערשינען אין יאָר 1972. געשטאָרבן דעם 10־טן אָקטאָבער 1976.

גאַרפינקעל, דוד:

מאָלער. געבוירן אין יאָר 1908 אין ראַדאָם (פוילן). אַ קינד פון דריי דורות יידישע קינסטלער; דער פאָטער און זיידע זענען געווען האָלץ־שניצערס. ער האָט געלערנט אין די קונסט־אַקאַדעמיעס פון וואַרשע און קראָקע. אין פאַריז געקו־מען אין יאָר 1932. אויסגעשטעלט צום ערשטן מאָל אין פוילן אין יאָר 1931. געשאַפן שטיל־לעבנס, פאַריזער פייזאַזשן און אויך געטאָ־סיוזשעטן. געשטאָרבן אין יאָר 1970.

וויכטיק צו דערציילן, אַז דער זיידע פון קינסטלער, אַן אַמשינאָווער חסיד, זאָל אין די זעכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָבן אָנגעשריבן אין יידיש, אַ בוך וועגן... ישו הנוצרי.

גוטערמאַן, פּרץ:

געבוירן אין יאָר 1901 אין ראַדאָם (פוילן). בונדישער טוער, ביז דער מלחמה 1939 געווען אַקטיוו אין לאָדזש און אין וואַרשע אַלס פּראָפּאַגאַנדיסט, רעפערענט און רעדנער אויף יוגנט־פאַרזאַמלונגען. בעת דער מלחמה, פאַרמשפּט דורך די סאָוויעטן אויף מערערע יאָרן טורמע פאַר בונדיש־סאָציאַליסטישער אַקטיוויטעט. אין פאַריז געקומען אין יאָר 1945, ווו ער איז אָנגעגאַנגען מיט זיין אַקטיוויטעט אין דער בונדישער באַוועגונג. געווען רעדאַקציע־מיטגליד פון דער צייטונג „אונ־זער שטימע". פון פאַך, אַ זעצער, שפּעטער אַ לינאָטיפּיסט. געשטאָרבן דעם 11־טן מאַי 1980. רוט אין קבר פון „אַרבעטער־רינג".

גליקסמאַן, רעניע:

אַקטריסע (די פרוי פון אַקטיאָר זלמן קאָלעשניקאָוו). געבוירן אין ביאַליס־טאָק אין 1912. אין פאַריז זיך באַזעצט אין יאָר 1950. געשטאָרבן דעם 28־טן סעפּטעמבער 1961 אין עלטער פון 49 יאָר. רוט אין דער 55־טער אָפּטיילונג.

גלעזער, לעאָן:

אַדוואָקאַט, סאָציאַליסט און יידיש־געזעלשאַפטלעכער קולטור־טוער. אַ זעל־טן באַשיידענער מענטש. געבוירן אין יאָר 1887 אין ריגע (עסטלאַנד). אין פאַריז געקומען אין יאָר 1907. דערשאָסן דורך די דייטשן דעם 29־טן יוני 1944 אין ליאָן, פאַר זיין אַקטיוויטעט אין די יידישע ווידערשטאַנדס־רייען. נאָך דער מלחמה איז זיין איבערבלייבעניש געבערענגט געוואָרן קיין פאַריז. רוט אין קבר פון דער חברה „חסד ואמת" (31־טע אָפּטיילונג) 1).

1) זע קאַפּיטל: „הייזער דערציילן".

קלישע נומער 28



די אַקטריסע רעניאַ גליקסמאַן־קאַלעשניקאָה.

## דאָברינסקי, יצחק:

מאָלער. געבוירן אין יאָר 1891 אין מאַקאַראָוו (אוקראַינע). געלערנט אין חדר און אין ישיבה. הויבט אָן צייכענען זייער יונג. קיין פאַריז געקומען אין יאָר 1912 און אויסגעשטעלט אין יאָר 1914 צום סאַמע ערשטן מאָל. אַן אייגנאַרטיקער פּאָרטרעטיסט. געהאַט מערערע אויסשטעלונגען. געשטאָרבן אין יאָר 1973.

## דאָמאַנקעוויטש, לייזער:

שרייבער. געוועזענער העברעאישער לערער אַריינגעקומען אין אונדזער ליטע־ראַטור אין עלטער פון אַריבער פערציק יאָר. מחבר פון מערערע קריטיש־ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען און עסעיען. געוועזן אייניקע יאָר רעדאַקטאָר פון פּאַריזער „אַרבעטער־וואָרט". לאַנגיאָריקער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער טאָג־צייטונג „אונזער וואָרט". מחבר פון די ביכער־עסעיען: „פון אַקטועלן און אייביקן" (1954), „צעשאָטענע קערנער" (1961), „ווערטער און ווערטן" (1965) און אַנדערע ווערק. געשטאָרבן אין יאָר 1973 אין עלטער פון 76 יאָר.

## דאָרן, לייזער:

מאָלער און צייכענער. געהאַט אַן אַטעליע פון קונסט־אָרנאַמענטיק פאַר פּלאַסטישע אויסאַרבעטונגען. אַ ליבהאָבער פון יידיש טעאַטער, האָט ער געשאַפן אין פאַריז, אין יאָר 1927 אַ פיינעם דראַמאַטישן קרייז א. נ. „די מאַסקע" וואָס

האָט עקסיסטירט צוויי יאָר צייט. „די מאַסקע" האָט אויפגעפירט „דער פאַרשלאָג" פון א. טשעכאָוון, דעם טונקעלנס פיעסע „ציפּ צאַפּ דריפּ, דער כינעזישער באָג־דיכאַן, אָדער דאָס פינטעלע ייד" און אַנדערע טעאַטער־פּיעסן. געשטאָרבן דעם 5־טן יולי 1929.

## האַלטער, פּערל:

דיכטערין. געבוירן אין וואַרשע. דעביוטירט אין יאָר 1940 אין ראַטנפאַר־באַנד. אין פאַריז זיך באַזעצט אין יאָר 1946. מחברין פון די ביכער: „דערמאָנונ־גען" (1953), „יונגע טעג" (1962), „אויף יענער זייט באַרג" (1968). געשטאָרבן אין יאָר 1974.

## הירשין, אליהו:

חזן, קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־רעצענזענט. געבוירן אין מאָהילעוו אין יאָר 1880. חזן אין דער „נאָזשיק" און אין די „סיני"־שולן אין וואַרשע. אין פאַריז געקומען אין יאָר 1924. געווען חזן אין דער פאַריזער פּאַווע־שול. אָנגעפירט מיט אָרקעסטערס אין די פאַריזער יידישע טעאַטערן. געשריבן מוזיק־רעצענזיעס אין דער צייטונג „פאַריזער הייַנט". פאַרעפנטלעכט זכרונות. געשטאָרבן אין יאָר 1960.

## העל, אַנרי:

מאָלערין. פאַקטישער נאָמען: העלענאַ בערלעווי, די מוטער פון מאָלער בער־לעווי. מאָלערין פון בלומען און פון אַבסטראַקטע ווערק. געבוירן אין וואַרשע, אין יאָר 1873. אָנגעהויבן מאָלן אין עלטער פון 79 יאָר. געהאַט מערערע אויסשטעלונגען אין פאַריז, שווייץ, דייטשלאַנד, פּוילן און אויך אין ניו־יאָרק. געשטאָרבן אין יאָר 1974 אין עלטער פון 101 יאָר.

## וואָגלער, אלחנן:

דיכטער. פאַקטישער נאָמען: ראָזשאַנסקי. אַ שילדן־מאָלער אין דער יוגנט. אָנגעהערט צו דער שרייבער־גרופּע „יונג ווילנע"; מחבר פון די ביכער לידער: „אַ בלעטל אין ווינט" (1935), „צוויי בעריאָזעס" (1939) און „פרילינג אויפן טראַקט", זיין לעצט בוך וואָס איז דערשינען אין פאַריז אין יאָר 1954. פון 1939 ביז 1945 געווען אין ראַטנפאַרבאַנד. אין פאַריז געקומען אין 1949. יונג פאַר־יתומט, האָט ער געפירט אַן עלנד לעבן. אַ שמייכל אויף זיין פּנים איז געווען אַ גרויסע זעלטנהייט. ס'רוב אין אַ שווערער שטימונג; אפשר אין רעזולטאַט פון אַ שוואַך געזונט. געשטאָרבן דעם 17־טן מערץ 1969 אין עלטער פון 62 יאָר.

**וואַניקאָוו, מאָריס :**

אַקטיווער ייִדיש־געזעלשאַפטלעכער טוער. אַ פרייוויליקער אין דער פראַנ־צויזישער אַרמיי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און באַזיצער פון מערערע אויסצייכענונגען. גרינדער און פּאָרזיצער פון פאַרבאַנד פון די ייִדישע פרייוויליקע און קאָמבאַטאַנטן. אַקטיווער קעמפער פאַרן ייִדישן כבוד און קעגן אַנטיסעמיטיזם. געשטאָרבן אין יאָר 1961.

**טיאָמקין, וולאַדימיר :**

געבוירן אין יאָר 1860. געוועזענער קאַזיאָננע ראַבינער אין פּאָלטאַווע. פון די סאַמע ערשטע ייִדישע מענטשן וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף דעם אַרויסקום פון ד״ר טעאָדאָר הערצל און זיך באַטייליקט אין ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין 1897 אין באַזעל. פאַרלאָזט רוסלאַנד גלייך נאָכן אויסברוך פון דער רעוואָלו־ציע. אַ רעוויזיאָניסט זינט דער גרינדונג פון דער באַוועגונג און פּאָרזיצער פון דער פּאַרטיי ביז זיין טויט. אַ זעלטענער אָראַטאָר. געשטאָרבן אין יאָר 1927. רוט אין דער 23־טער דיוויזיע (15־טער ליניע).

**יאַקובאָוויטש, יהודה :**

אַ ייִד פון לאָדזש. אין פּאַריז פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך דער מלחמה פון 1918, געהאָלפן גרינדן די ייִדישע לאַנדסמאַנשאַפטן, די „קולטור־ליגע״ און די „פעדעראַציע פון די ייִדישע געזעלשאַפטן״. אַ בונדישער און פּילזיי־טיקער אַקטיווער ייִדיש־געזעלשאַפטלעכער טוער.

צוליב זיין ליבשאַפט צו ייִדיש, האָט ער אין יאָר 1926 געשאַפן אין פּאַריז די געזעלשאַפט „קאָלאָני־סקאָלער״, וואָס האָט אין די מלחמה־טעג קעגן די נאַ־ציס, אויסגעפירט (זינט 1940) אַ גאָר גרויסע אומלעגאַלע אַקטיוויטעט אויפן גע־ביט פון ראַטעווען ייִדישע קינדער און וואָס איז באַרימט מיט איר ווידערשטאַנדס־אַקטיוויטעט א. נ. „קאָמיטע רי אַמעלאָ״. י. יאַקובאָוויטש איז אויך געווען „ייוואָ״־טוער און זשורנאַליסט, וואָס האָט אין יאַנואַר 1925 איבערגענומען, אָנהויבנדיק פון נומער 13, די רעדאַקציע פון דער ערשטער (נאָך דער מלחמה 1918) פּאַריזער ייִדישער וואָכן צייטונג „פּאַריזער בלעטער״.

אין די מלחמה־יאָרן (1939 — 1945) געווען אין דער א. ג. „פרייער זאָנע״ און געווען ביז גאָר אַקטיוו אין „ייִדישן פּאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט״. ער איז געווען דער מחבר פון בוך „רי אַמעלאָ״, וואָס איז דערשינען אין פּאַריז אין יאָר 1948.

געשטאָרבן דעם 1־טן מערץ 1965 און רוט אין קבר פון „אַרבעטער־רינג" 1).

**יושקעוויטש, (שמעון) סעמיאָן:**

שרייבער אין רוסיש. געבוירן דעם 6־טן דעצעמבער 1869. מחבר פון אַ ריי ווערק, דערונטער אויך פון בוך „לעאָן דריי". געשטאָרבן דעם 12־טן פעברואַר 1927 (רוט אין דער 23־טער אָפּטיילונג, 12־טע ליניע). אויף זיין קבר געפינט זיך אַ בראָנדז־מעדאַליאָן געשאַפן פון קינסטלער נחום אַראָנזאָן.

**לאַנגפוס, אַנגאַ:**

געבוירן אין לובלין אין יאָר 1920 (איר פאַקטישער נאָמען איז שטיינפינקל). הויך־טאַלאַנטיווטע שרייבערין. שטודירט אין בריסל און אויף די זומער־וואַקאַ־ציעס 1939 קומט זי קיין פוילן, ווו עס טרעפט איר דער מלחמה־אויסברוך. זי באַטייליקט זיך אין ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן, ווערט אַרעסטירט און פאַר־משפט צום טויט. ס'געלינגט איר צו אַנטלויפן.

אין פּאַריז זיך באַזעצט אין יאָר 1946 און פּובליצירט דאָ אירע ווערק אין פראַנצויזיש: „זאַלץ און שוועבל" (וועגן די אַדורכגעמאַכטע טראַגישע מלחמה־יאָרן אין פוילן, „שאַרל וויאָן־פּרייז"), „באַגאַזש פון זאַמד" (גאָנקור־פּרייז אין 1962) און „שפּרינג, באַרבאַראַ", דערשינען אין יאָר 1964. געשטאָרבן אין יאָר 1966 אין עלטער פון 46 יאָר.

**לאַקס, יצחק:**

געבוירן אין לאָדזש, ווו ער איז געווען אַקטיוו אין די בונדישע רייען. אַן אויטאָדידאַקט מיט אַ סך וויסן און קולטור. אין פּאַריז געווען טעטיק אַלס סופלאָר אין יידישן טעאַטער. געגרינדעט און אָנגעהויבן אַרויסגעבן די וואָכן־צייטונג „פּאַ־ריזער בלעטער", וועמענס ערשטער נומער איז דערשינען דעם 3־טן אָקטאָבער 1924. דאָס איז געווען, נאָך דער מלחמה פון 1918, דער אָנהייב פון אַ רעגולע־רער יידישער פּרעסע אין פּאַריז. יצחק לאַקס האָט רעדאַגירט די „פּאַריזער בלע־טער" ביז דעם נומער 12. דערנאָך איז די צייטונג איבערגענומען און רעדאַגירט געוואָרן דורכן עסקן יהודה יאַקובאָוויטש.

יצחק לאַקס איז געווען אַן איינזאַמער מענטש. געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק אין יאָר 1930 אין זיין האָטעל־צימער נ'ר 19 רי דע שאַטאָ ד'אָ. רוט אין קבר פון דער חברה „אגודת אחים".

1) פון פּר' יהויה יאַקובאָוויטש האָט דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות באַקומען אין יאָר 1925, ז'ין ערשטן שרייבער־האָנאָראַר.

**ליכטנשטיין, משה חיים:**

ייד פון פוילן. געזעלשאַפטלעכער טוער. מחבר פון בוך „זכרונות פון מיין לעבן".

**ליכטשטיין, משה חיים:**

דיכטער און פובליציסט. מחבר פון בוך לידער „די בלויע שעה", דערשינען אין יאָר 1962 (64 זייטן). אַרויסגעגעבן אַ געוויסע צייט, אַ פּעריאָדישן זשורנאַל.

**לעיבא:**

מאָלער. פאַקטישער נאָמען: אַפּעלבאַום לעאָן (לייב). געבוירן אין יאָר 1903 אין ראַיאָוויעץ (פוילן). פון דער פּראָפעסיע, אַ גאָלדשמיד. מאָלער פון פּאָרטרעטן און פּייזאַזשן. אייניקע מאָל אויסגעשטעלט אין פאַריזער „גראַנד פּאַלעי". געשטאָרבן דעם 15־טן נאָוועמבער 1978. רוט אין דער 115־טער אָפּטיילונג, אין קבר פון דער געזעלשאַפט „זעלבסטהילף".

קלישע נומער 29



די בריק פון קאָאָר (פון לעיבאָ).

**מילנער, יוסף:**

שרייבער און היסטאָריקער. געבוירן אין יאָר 1887 אין כעלם. דעביוטירט אין יאָר 1907. מחבר פון בוך „יידן אין פראַנקרייך", דערשינען אין יאָר 1953

אין פאַרלאַג „קיום״. פאָרזיצער פון יידישן שרייבער־פאַריין אין פראַנקרייך. געשטאָרבן אין יאָר 1963. אין יאָר 1964 האָט דער פאַריזער „פאַרבאַנד פון די כעלעמער לאַנדסלייט״ געשאַפן (אויף פינף יאָר צייט) אַ יערלעכן ליטעראַטור־פּרייז אויפן נאָמען פון געשטאָרבענעם.

קלישע נומער 30



יוסף מילנער.

## מיענדזשיצקי, (משה) מאָריס:

מאָלער. געבוירן אין יאָר 1890. אין פאַריז געקומען אין 1909. אין די מלחמה־יאָרן 1939 — 1945 זיך באַטייליקט אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. געשטאָרבן אין יאָר 1951.

## מלאך, לייב:

דיכטער און דראַמאַטורג. געבוירן אין יאָר 1894 אין זוואָלין (ראַדאָמער גובערניע). מחבר פון דעם אַמאָל זייער באַרימטן הימן, די „יוגנט־שבועה״, געזונגען דורך דער סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער [redacted] אין יאָר 1922 האָט לייב מלאך זיך באַזעצט אין אַרגענטינע. מחבר פון ראָמאַן „דאָן דאָמינגאָ׳ס קרייצוועג״, פון די טעאַטער־ווערק „מיסיסיפּי״, „איבערגוס״, „אָפּפאַל״ און אַנד. ווערק.

געפינענדיק זיך אין פאַריז, בעת איינער פון זיינע מערערע רייזעס, פאַלט ער דאָ קראַנק און שטאַרבט אין פאַריזער ראָטשילד־שפּיטאָל, דעם 21־טן יוני 1936 אין עלטער פון 42 יאָר. רוט אין דער 31־טער אָפּטיילונג, אין קבר פון דער געזעלשאַפט „זעלבסטהילף״.

קלישע נומער 31



לייב מלאך.

## ניימאַן, יחיאל:

זשורנאַליסט. יידיש־געזעלשאַפטלעכער טוער. אַקטיוו אין די בונדישע רייען. געבוירן אין יאָר 1894 אין פוילן. געוועזענער רעדאַקטאָר פון דער פאַריזער טאָג־צייטונג „אונזער שטימע". געשטאָרבן אין יאָר 1953. רוט אין קבר פון „אַרבעטער־רינג", 49־טע אָפּטיילונג.

## עדעסטעַן, אַלין:

שרייבערין אין פראַנצויזיש. פאַקטישער נאָמען: עדעלשטיין האַלינאַ. געבוירן אין וואַרשע. פון איר 7־טן יאָר־עלטער געוועזן אין דערציאונגס־הויז פון ד"ר יאַנוש קאָרטשאַק. אין יאָר 1972 פאַרעפנטלעכט אַ בוך א. נ. „סילועטן פון יאָר־הונדערט", וועמענס ערשטע 70 זייטן זענען געווידמעט דער פערזענלעכקייט פון באַרימטן דערציער, באַזירט אויף אירע פערזענלעכע באַאָבאַכטונגען. געשטאָרבן אין יאָר 1977. רוט אין קבר פון דער געזעלשאַפט „זעלבסטהילף" אין דער 23־טער אָפּטיילונג.

## עפשטיין, גרשון (זשאָרזש):

לערער. געבוירן אין יאָר 1895 אין ווישעגראַד (פוילן), ביי אַ פאָטער אַ

שוחט. שוין אין דער עלטער פון 13 יאָר, געווען קאָרעספּאָנדענט פון דער העב־רעאישער אויסגאַבע „הפלס". אין יאָר 1919 אַרויסגעגעבן אין בערלין, בשותפות מיט ד״ר שמואל גינזבורג, אַ יידיש־פּויליש ווערטער־בוך. אַ גרויסער קענער פון דער יידיש־העברעאישער ליטעראַטור פון מיטלאַלטער. אַ געוויסע צייט אויך געווען העברעאישער לערער אין אַ גימנאַזיע אין לייפּציג.

אין פּאַריז זינט 1923. אין יאָר 1941 אין אַ געפאַר דערשאָסן צו ווערן דורך די דייטשן אַלס ציוניסטישער טוער, אַוועק אין דער א. ג. „פרייער זאָנע" און האַלט זיך אויף אין שטעטל לעקטור (דעפּאַרטאַמענט זשערס). נאָך דער מלחמה, געווען דער קאָרעספּאָנדענט און פאַרטרעטער פון „ייוואָ" פאַר פּאַריז. אין יאָר 1946 ווערט ער דעלעגירט דורכן פראַנצויזישן מיניסטעריום פאַר קולטור, קיין דייטשלאַנד, ווו ער פאַרנעמט זיך מיט אָפּראַטעווען ביכער, ביבליאָטעקן און קונסט־בילדער וואָס די דייטשן האָבן צוגערויבט אין פראַנקרייך. ער ברענגט פון דאָרט ביי הונדערט קאַסטנס מיט ווערטפולע ביכער און בילדער־אוצרות, סיי פאַרן „ייוואָ" און סיי פאַר אַ ריי ישראל־אינסטיטוציעס. דאָס אַלץ איז דורך אים געטאָן געוואָרן מיט אַ לעגענדאַרער עניוות.

קלישע נומער 32



גרשון עפּשטיין.

אַ ייִנגערער ברודער פון ג. עפּשטיין, יוסף עפּשטיין ע״ה, איז געווען דער שרייבער י. מאַניטש, מחבר פון בוך „כוח פון גלויבן". ג. עפּשטיין איז געשטאָרבן

דעם 22־טן מאַי 1962. רוט אין קבר פון דער „פעדעראַציע פון די יידישע געזעל־שאַפטן" (55־טע אָפּטיילונג). צוליב אַ פאַרדריסלעכער מיספאַרשטענדעניש, פיגו־רירט אויף דער מצבה דער פאַרנאָמען „זשאָרזש" אַנשטאָט ווי ס'האָט געדאַרפן זיין אָנגעגעבן, גרשון.

## פּאָלאַקאָוו, אהרן :

אַקטיאָר. אין 1945 געשאַפן אין פאַריז דאָס „פאָלקס־טעאַטער" און דערנאָך „די נייע יידישע פאָלקס־בינע". זינט מאַי 1951 אַרויסגעגעבן אין פאַריז אַ חודש־זשורנאַל : „טעאַטער־שפיגל", דערשינען אַ לענגערע צייט. געשטאָרבן דעם 30־טן יוני 1962 אין דער עלטער פון 71 יאָר.

## פוסטשעוואָי, הירש :

מאָלער, פּאָרטרעטיסט. געבוירן (אַרום) 1880 אין קיעוו. געלעבט לאַנגע יאָרן אין דייטשלאַנד. אין פּאַריז זינט היטלערס קומען צו דער מאַכט. בעת דער מלחמה מיטגעמאַכט די נאַצי־לאַגערן פון וועלכע ער איז צוריקגעקומען אַ שווער־קראַנקער. געשטאָרבן דעם 6־טן אָקטאָבער 1945.

## פערלמאַן, מרדכי :

סקולפּטאָר. געבוירן אין יאָר 1901 אין גאָראָדיעץ. געוועזענער פּאָרזיצער פון יידישן קינסטלער־פאַריין. אַ זון פון אַ רב און אַליין אויך געוועזן אַ טיף־גלויבי־קער ייד. געשטאָרבן אין יאָר 1955.

## פּרעסמאַן, יוסף :

מאָלער. געבוירן דעם 22־טן יולי 1904 אין ברעסטעטשקאָ (וואָלין). אין פּאַ־ריז זינט 1927. געמאָלן פּאָרטרעטן, פּייזאַזשן, שטיל־לעבנס און אויך יידישע מאָ־טיוון. אין 1951 אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן „פּרייז פון דער קריטיק". באַקומען אויך אַנדערע פּרייזן. געשטאָרבן דעם 6־טן נאָוועמבער 1967.

## פּינק, י. (יעקב) :

ערשטער רעדאַקטאָר פון דער פּאַריזער טאָג־צייטונג „אונזער וואָרט". געוועזן רעדאַקטאָר (אייניקע יאָר צייט) פון דער איינציקער העברעאישער צייטשריפט אין אייראָפּע, „מחברות". מחבר פון בוך „יהדות צרפת".

## פענסטער, הערש :

שרייבער און זשורנאַליסט. געבוירן אין שטעטל באַראַנאָוו (גאַליציע), דעם 12־טן דעצעמבער 1892. מחבר פון גרויסן אַלבאָם א. נ. „אונדזערע פאַרפייניקטע

קינסטלער", דערשינען אין יאָר 1951 און אין וועלכן ער האָט פּאַראַיבּיקט די נעמען פון 84 יידישע קינסטלער פון פּאַריז, אומגעברענגטע דורך די נאַציס. הערש פענסטער איז געווען איבערפולט מיט ליבע צום נאָענטסטן און אַ וועגע־טאַריער. פון די סאַמע פריסטע יאָרן אָן, געווען באַווירקט פון דער פרייהייטלעכער באַוועגונג און קעגנער פון יעדן געוואַלד. אין פּאַריז זינט 1922 אַלס לערער אין די יידישע צוגאָב־שולן. אין 1933 — 1934, מיטגרינדער פון דעם פּאַריזער „יידישן ווינקל", וואָס איז מערערע יאָרן געווען אַ היים פאַר די אַנטלאָפענע יידן פון דייטש־לאַנד. מחבר פון מערערע אַרטיקלען, עסייען און אויך פון אַ בראָשור געווידמעט דעם פילאָסאָף „האַנס רינער", דערשינען אין יאָר 1951.

אין 1942 זיך געראַטעוועט מיט זיין משפחה אין דער שווייץ. געשטאָרבן דעם 3־טן מאַי 1964 אין דער עלטער פון 71 יאָר. רוט אין דער 115־טער אָפּטיי־לונג, אין קבר פון די „פריינט פון טאַרנאָוו און אומגעגנט".

## פראַנק, נ. (ניסן):

זשורנאַליסט. געבוירן אין יאָר 1889 אין מאַריאַמפּאָל (סוּוואַלקער געגנט). אין דער עלטער פון 14־15 יאָר געפינט ער זיך אין ארץ־ישראל און געלערנט אין דער אַגריקולטור־שול פון „אַליאַנס איזראַעליט". געלעבט אַ געוויסע צייט אין אַלעקסאַנדריע (עגיפּטן). אין פּאַריז פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און דאָ אַנטוויקלט זיין שרייבעריש־זשורנאַליסטישער אַקטיוויטעט. אין די יאָרן 1913־1914 מיטגעאַרבעט אין אברהם רייזענס פּאַריזער וואָכנבלאַט „דער נייער זשור־נאַל". געווען קאָרעספּאָנדענט פון דער „צייט" (לאָנדאָן), אין „מאָמענט" (וואַרשע), שפּעטער אין „פּאַריזער היינט" און אַנד אויסגאַבעס. מחבר פון בוך „פּאַריזער מאָטיוון", דערשינען אין יאָר 1924. געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1942.

## פרענקעל, הערש:

מאָלער. זיינע לייוונטן באַציר, מערערע הונדערטער יידישע היימען. אייל־בילדער פון אויסשליסלעך יידישע סיוזשעטן, וואָס ער האָט געמאָלט מאָסנווייז א.ד.ט. „יידן לערנען", „יידן דאַווענען", „יידן אַמפּערן זיך וועגן אַ פּסוק", „מלמ־דים און קינדער" און אַנדערע בילדער וואָס זענען זיך צעגאַנגען איבער גאָר דער וועלט, אפילו אויך קיין כינע און אינדיע. ער איז אָבער אויך געווען אַ מאָלער פון פיינע קינסטלערישע סיוזשעטן; זיך געקליבן זיי אויסצושטעלן, אָבער פּלוצים קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן דעם 15־טן יולי 1964.

קלישע נומער 33



„אַ קאָמפּאָזיציע״ (פון הערש פרענקעל).

**פרענקעל, לעאָן:**

אינזשיניער. געבוירן דעם 6־טן דעצעמבער 1877 אין רוסלאַנד. דעם אינ־זשיניערן־דיפּלאָם באַקומען אין יאָר 1904 אין ריגא. געווען טעטיק אין דער „איקאַ״ און זינט 1922 אַקטיוו אין „אָרט״ (בערלין) אַלס גענעראַל־אינספּעקטאָר. נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, איז ער צוזאַמען מיט דער „אָרט״־אָרגאַניזאַציע געווען אַקטיוו אין פּאַריז. בעת דער מלחמה 1939 — 1945 איז ער טראָץ אַלע געפאַרן, געווען ביז גאָר אַקטיוו אין דער א. ג. „פרייער זאָנע״. נאָך דער מלחמה, געווען טעכנישער דירעקטאָר פון „אָרט״ אין פראַנקרייך און אַקטיוו ביז אַ טיפער עלטער.

אַ גרויסער ליבהאָבער פון יידישער קונסט און ספּעציעל פון סינאַגאָגאַלן כאַראַקטער, איז ער נאָך אין יאָר 1911 געווען איינער פון די שעפער פון יידיש־היסטאָרישן מוזיי אין ווילנע, באַקאַנט אַלס „אַנסקי־מוזיי״ און אין יאָר 1948 האָט ער געגרינדעט אין פּאַריז דעם „מוזיי פון יידישער קונסט״. געשטאָרבן דעם 23־טן דעצעמבער 1969 אין עלטער פון 92 יאָר.

**צווייגענבוים, משה:**

אַקטיאָר. אַ ייד פון לאָדזש. אין יאָר 1963 האָט מען אין פּאַריז אָפּגעצייכנט זיין ווערן אַ בן־שבעים.

**צינעמאַן, יעקב:**

דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע, שרייבער און היסטאָריקער. געבוירן דעם 25־טן אַפּריל 1893 אין ריישע (גאַליציע). בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה מאַכט ער דורך פיר יאָר אין דער עסטרייכישער אַרמיי. זינט 1927 ווױנט ער און איז אַקטיוו אין וואַרשע אין דער נאַציאָנאַלער יידיש־פּוילישער פּרעסע. בעת דער מלחמה 1939 — 1945 זיך געראַטעוועט אין רוסלאַנד, ווו ער איז געווען פאַרשיקט אין אַ סיבירער לאַגער. אין פּאַריז זיך באַזעצט אין יאָר 1948. מחבר פון די ווערק: „עמיל זאָלאַ", „בנימין דיזראַעלי", „אין רבנישן שאָטן" (וועגן קאַרל מאַרקס'ן), „טעאָדאָר הערצל", „געשיכטע פון ציוניזם", „דער פאַרגעסענער נביא" (וועגן מאַקס נאָרדאו), „לעצטע שריפטן" און אַנדערע ווערק. געשטאָרבן אין חודש מאַי 1966 אין עלטער פון 73 יאָר.

**קאַגאַנאָווסקי, אפרים:**

געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1893. אַ פיינער דערציילער. מחבר פון די ביכער: „פון סטאַווקי־געסל", „טיר און פענסטער", „לייב און לעבן" און אַנד. ווערק. אין פּאַריז זיך באַזעצט אין יאָר 1948. געווען דאָ מיטאַרבעטער פון דער יידיש־קאָמוניסטישער צייטונג, די „נייע פּרעסע". געשטאָרבן אין יאָר 1958 אין עלטער פון 65 יאָר.

**קאָלניק, אַרטור:**

מאָלער, גראַפיקער און אילוסטראַטאָר פון פיל ווערק. געבוירן אין יאָר 1890 אין סטאַניסלאַוואָוו (גאַליציע). געווען אָפיציר אין דער עסטרייכישער אַר־מיי. מיטגעמאַכט די ערשטע וועלט־מלחמה און רוסישע געפאַנגנשאַפט. געווען אויך פאַרוווּנדעט. אין פּאַריז געקומען אין יאָר 1930. אויסגעשטעלט אין מערערע לענדער און אויך אין יאָר 1968 אין ישראל. אַ טיף־יידישער מענטש, האָט ער מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפט געמאָלן יידישע קינדער און יידישע פאָלקס־טיפּן. ער האָט אויך דעקאָרירט דעם אַלבאָם „אונדזערע פאַרפייניקטע קינסטלער" פון הערש פענסטער. געשטאָרבן דעם 6־טן יוני 1971 אין עלטער פון 80 יאָר.

**קאָמפּאַניעיעץ, אבא:**

אַקטיאָר. געבוירן אין יאָר 1870 אין אָדעס. אין יאָר 1905 געשאַפן אין וואַר־שע דאָס „מוראַנאָווער טעאַטער". אַרויסגעגעבן אַ דינאַסטיע יידישע שוישפּילער. אין פּאַריז זיך באַזעצט אין יאָר 1929. געשטאָרבן אין יאָר 1946.

## קאַנפער, יוליוס:

זשורנאַליסט. געבוירן אין יאָר 1911 אין בוטשאַטש. אַ ביז גאָר ענערגישער סאָציאַליסטישער קעמפער מיט אַ רייכער פאַרגאַנגענהייט. אָנגעהויבן אַלס מיטגליד אין „השומר הצעיר". אַריבער צו די קאָמוניסטן, דערנאָך אַ טראָצקיסט. אין 1937 מיטגעמאַכט די קאַמפן אין שפּאַניע. דערנאָך, זייענדיק אין פראַנקרייך, טרעט ער אַריין, אין יאָר 1939, מיטן אויסברוך פון דער מלחמה, אין דער פּוילישער אַרמיי. באַטייליקט זיך דערנאָך אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אין יאָר 1945 זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד" און געווען אַקטיוו אין דער בונדישער ציַיטונג „אונזער שטימע". געווען אויך ביזן לעצטן לעבנס־טאָג מיטאַרבעטער אין דער פּאַריזער טאָג־ציַיטונג „אונזער וואָרט". געשטאָרבן דעם 3־טן סעפּטעמבער 1978 בעת אַ באַזוך אין אַמסטערדאַם. רוט אין קבר פון „אַרבעטער־רינג".

## קאָרמאַן, יידל:

זשורנאַליסט, רעדנער און געזעלשאַפטלעכער עסקן. קיין פראַנקרייך געקומען אין יאָר 1928. געווען אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער און דערנאָך אין דער לינקסאָציאַליסטישער באַוועגונג. באַטייליקט זיך אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרייך. דעפּאָרטירט אין יולי 1943. מיטגעמאַכט דעם אויפשטאַנד אין אוישוויץ. פּובליצירט מערערע אָפּהאַנדלונגען וועגן ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך און אין אוישוויץ. געשטאָרבן דעם 23־טן יולי 1979.

## קאַרפּ, אסתר:

מאָלערין. געבוירן אין סקערניעוויץ (פּוילן). לאַנגע יאָרן געווען קינסטלעריש אַקטיוו. איר ערשטע אויסשטעלונג אין פּאַריז איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורכן באַקאַנטן קונסט־הענדלער זבאָראָווסקי. בעת די מלחמה־יאָרן, געווען אויסבאַהאַלטן אין פּסיכיאַטרישע שפּיטעלער. געשטאָרבן אין יאָר 1970 אין פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל סען־מאָריס (ביי פּאַריז).

## קוליש, יצחק:

אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער. געבוירן אין קאַמיענעץ־פּאָדאָלסק אין 1889. אין פּאַריז זיך באַזעצט אין יאָר 1910. אין יאָר 1933 געווען דער הויפּטגרינדער פון „יידישן ווינקל", אַ היים פאַר טויזנטער יידן פון דייטשלאַנד און וואָס איז אויך געווען טעטיק אין די אָקופּאַציע־יאָרן. נישט פאַרלאָזט פּאַריז, טראָץ די געפאַרן און געזאָרגט פאַר דער פונקציאָנירונג פון דעם דורך אים גע־

שאַפּענעם צענטער. אין דער מלחמה האָט דער עסקן פאַרלוירן צוויי זין, איינער איז אומגעקומען אין דעפּאָרטאַציע און דער צווייטער געפאַלן אויפן פראָנט אַלס מיליטער־מאַן.

אַ גרויסער ליבהאָבער פון יידישן וואָרט, האָט יצחק קוליש געשאַפן נאָך דער מלחמה, אַ ביבליאָטעק און לייען־זאַל אויפן נאָמען פון זיינע צוויי פאַרלוירענע זין; אַ ביבליאָטעק ווו עס זענען פאָרגעקומען מערערע קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען, רעפעראַטן און דיסקוסיע־אָוונטן, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז זיין טויט, דעם 23־טן אויגוסט 1960.

## קיוועלעוויטש, מישעל:

פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע אין דער סאָרבאָנע און אין „קאָלעזש דע פראַנס". אַ זעלטן באַשיידענער מענטש, וואָס איז געווען ביז גאָר אַקטיוו אין פּאַריזער יידישן קולטור־לעבן. אין פּאַריז זינט דעם יאָר 1921, ווו ער האָט זיך באַטייליקט אין גרינדן דעם פראַנצויזישן „אָרט". געווען פּאָרזיצער פון דער קולטור־קאָמיסיע ביים יידישן וועלט־קאָנגרעס און פון דער פּאַריזער „ייווא"־גרופּע. אָנגעהערט צום איניציאַטיוו־קאָמיטעט פון פאָרגעקומענעם אין יאָר 1937 אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז. פּובליצירט אין פראַנצויזיש אין פּאַרלאַג„ לע טריאַנגל" אַ צאָל בראָשורן וועגן יידישע קינסטלער. געשטאָרבן דעם 30־טן יוני 1965 אין שפּיטאָל ברוסע.

## קלין, דוד:

אַ בונדישער טוער, מיטגעמאַכט דעם געטאָ וואַרשע און דעם ווידערשטאַנד. נאָך דער מלחמה, געווען רעדאַקציע־מיטגליד אין דער פּאַריזער טאָג־צייטונג „אונזער שטימע". מחבר פון בוך „מיטן מלאך־המוות אונטערן אָרעם", דערשינען אין פּאַריז אין יאָר 1968, אין וועלכן ער האָט דערציילט זיינע איבערלעבונגען בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע אין פּוילן אין די יאָרן 1939 — 1945 און וועגן זיין אָנטייל אין פּוילישן ווידערשטאַנד. געשטאָרבן דעם 18־טן נאָוועמבער 1973. רוט אין קבר פון „אַרבעטער־רינג".

## שאַטאַן, חננאל:

דאָקטאָר פון כעמיע און פילאָסאָפיע. געבוירן אין יאָר 1884 אין וואַרטאַ (ביי טשענסטאָכאָוו). לערער, שרייבער און לעקטאָר. אין פּאַריז געקומען אין יאָר 1923. מחבר פון בוך „פילאָסאָפישע און אידעאָלאָגישע סתירות", דערשינען אין „דוד עדעלשטאַדט"־פאַרלאַג אין בוענאָס־איירעס, אין יאָר 1959. געשטאָרבן דעם 20־טן מאי 1963.

**שאַפּיראָ, גרשון:**

אַרויסגעגעבן אין פּאַריז (אַ געוויסע צייט) אַ זשורנאַל „פריילאַנד״, געווידמעט דעם טעריטאָריאַליזם. אַ גרויסער ליבהאָבער און עקשנותדיקער קעמפער פאַר ייִדיש. אַקטיוו אין מערערע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס. אַקטיווער טוער אין „ייוואָ״. געשטאָרבן אין יאָר 1962 אין עלטער פון 70 יאָר.

**שניאורסאָן, יצחק:**

אינדוסטריעלער און געזעלשאַפטלעכער עסקן. אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ דור רבנים, וואָס האָבן געצויגן זייער יחוס פון רבין ר׳ שניאור זלמן פון ליאַדי. אין עלטער פון 23 יאָר, געווען רב אין טשערניגאָווער גובערניע. יונג זיך באַזעצט אין פּאַריז. בעת די מלחמה־טעג אין פראַנקרייך, אַרויסגעקומען מיט דער איניציאַטיוו פון זאַמלען דאָקומענטן וואָס האָבן אַ שייכות צו די נאַצי־פאַרפאָלגונגען אויף ייִדן, וואָס ער האָט לסוף, נאָך דער מלחמה 1945 רעאַליזירט, דורך שאַפן דעם ביז גאָר וויכטיקן „צענטער פון הײַנטצײַטיקער ייִדישער דאָקומענטאַציע״.

דער עסקן איז אויך אַרויסגעקומען מיט אַן אידעע אויפצושטעלן אין פּאַריז אַ וועלט־מאָנומענט פון אומבאַקאַנטן ייִדישן מאַרטירער. אַן איניציאַטיוו וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע און פאַרביטערטע קעגנערשאַפט און אפילו אויך, דאָס דערשיינען (אין יאָר 1956) פון אַ בוך אַרטיקלען פון אַ ריי פּאַריזער געזעלשאַפטלעכע טוערס א. נ. „דער אמת וועגן שקר״ (רעאַליזירט דורכן פּאַריזער געזעלשאַפטלעכן טוער אברהם רודי ע״ה).

דער עסקן יצחק שניאורסאָן איז אָנגעגאַנגען מיט זיין אידעע פון אויפשטעלן דעם וועלט־מאָנומענט און אין יאָר 1956 איז פאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפענונג פונעם צענטער, וואָס פאַרמאָגט אפילו אויך (אין אַ ספּעציעלן זאַל) אַש פון אוישוויץ, אָבער דער מאָנומענט איז פאַרבליבן נאָר און אויסשליסלעך אַ פּאַריזער און נישט קיין וועלט־מאָנומענט פאַרן ייִדישן מאַרטירער, ווי עס האָט עס געפּלאַנט דער איניציאַטאָר פון מאָנומענט און דאָקומענטאַציע־צענטער.

אין יאָר 1968 האָט דער עסקן אַרויסגעגעבן אין פּאַריז אַ גרעסער בוך א. נ. „דאָס לעבן און קאַמף פון ייִדן אין צאַרישן רוסלאַנד, 1905 — 1917״. יצחק שניאורסאָן איז געשטאָרבן אין יאָר 1969 אין עלטער פון 90 יאָר.

**שראַגער, פייוול:**

זשורנאַליסט, פּאָליטיש און ייִדיש־געזעלשאַפטלעכער טוער. פיינער רעדנער. געבוירן אין יאָר 1907 אין קרינקי (פּוילן). פּאַקטישער נאָמען: אָסטרינסקי.

אין פראַנקרייך זינט 1927. שטודירט אין גרענאָבל. אין זעלבן יאָר געוואָרן אַ מיטגליד פון „השומר הצעיר". אינזשיניער זינט 1931.

ער ווערט באַווירקט און ביז גאָר אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און מיטאַרבעטער אין דער פּאַריזער „נייע פּרעסע". אַ באַוועגונג וועלכע ער פאַרלאָזט אין רעזולטאַט פון די מאָסקווער פּראָצעסן און זינט 1938 ווערט ער אַן אַקטיווער טוער אין „בונד". אין יאָר 1939 אַנגאַזשירט ער זיך אַלס פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. פאַלט אַריין אין דייטשער געפאַנגנשאַפט, פון וואַנען עס געלינגט אים צו אַנטלויפן אין דער שווייץ און פון דאָרט קומט ער צוריק קיין פראַנקרייך, ווו ער איז אַקטיוו אין דער פראַנצויזיש־יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

זינט 1950 ביז 1972 טעטיק אין פראַנצויזישן „אָרט", ווו ער ווערט לסוף אויך דער דירעקטאָר פון אַלע אייראָפּעאישע „אָרט"־אָפּטיילונגען. אין יאָר 1966 ווערט ער אויסגעצייכנט מיט דער מעדאַל „שעוואַליע דע ל'אָרדר נאַסיאָנאַל דע מעריט" און אין יאָר 1975 אַלס „קאַוואַליר פון ערן־לעגיאָן". מחבר פון בוך זכרונות א. ב. „אויפן ראַנד פון צוויי תקופות", דערשינען אין יאָר 1976. פ. שראַגער איז געשטאָרבן אין יאָר 1977.

***

זאָל לסוף אויך דערציילט ווערן, אַז אויף דעם דאָזיקן בית־עולם באַניע, געפינט זיך אַ ברידער־קבר פון 65 יידישע מיליטער־לייט וואָס זענען, אין די מלחמה־יאָרן 1939 — 1945, געפאַלן אין קאַמף קעגן די דייטשן. אויף דער מצבה לייענען מיר די נעמען פון די געהרגעטע און אויך די אויפשריפט: „אייביקער אָנדענק די יידישע קעמפער, געפאַלן פאַר פראַנקרייך און פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק". אויף דער מצבה זעען מיר אויך אַ סטאַטוע פון אַ קעמפער, געשאַפן דורכן סקולפּטאָר נתן ראַפּאָפּאָרט.

## קאָמפּלעטירונגען:

אין ערשטן בוך „יידן אין פּאַריז", אין קאַפּיטל „די יידישע מאָמענטן פון דער פּאַריזער קאַטעדראַלע „נאָטר־דאַם", האָבן מיר דערציילט, אַז איר סטאַטוע „די באַזיגטע סינאַגאָגע" וועלכע מיר זעען אויף דער מויער פון דער קאַטעדראַלע, האָט אַרויסגערופן דאָס שאַפן פון נאָך אַזעלכע סינאַגאָגע־סטאַטועס אין אַנדערע ערטער: אין ריימס, מעץ, שטראַסבורג, פרייבורג און אין באַמבערג. האַלטן מיר פאַר וויכטיק דאָ אָנצווייזן, אַז אַזאַ סטאַטוע „די באַזיגטע סינאַגאָגע" געפינט זיך אויך אויף דער מויער פון דער „נאָטר־דאַם"־קירכע אין דער דייטשער שטאָט טריער (טרעוו).

**
*

אין קאַפּיטל „הייזער דערציילן" ברענגען מיר, אַז דער גרויסער יידישער עסקן אַדאָלף קרעמיע, האָט געלעבט און איז געשטאָרבן אין הויז פון:

70, rue de la Pompe

דאַרפן מיר דאָ ברענגען די אויסבעסערונג: דאָס איז געווען אין הויז וואָס טראָגט דעם נומער 75 און נישט אין הויז נ'ר 70 ווי מיר האָבן עס אָנגעגעבן אין ערשטן בוך „יידן אין פּאַריז".

**
*

אינעם ערשטן בוך „יידן אין פּאַריז" האָבן מיר געברענגט אַ קאַפּיטל א. נ. „29 מאַרטירער", אין וועלכן מיר האָבן דערציילט וועגן אויפשריפטן וואָס געפינען זיך אויף פּאַריזער הייזער וואָס דערציילן וועגן געפאַלענע יידישע קעמפער קעגן די נאַציס, בעת די מלחמה־טעג 1939 — 1945. ברענגען מיר דאָ די נעמען פון נאָך זיבן מאַרטירער־אויפשריפטן, וואָס מיר האָבן שפּעטער אויסגעפונען:

**דריטער אַראָנדיסמענט:**

48, rue Ramponeau

אויף אַ טאָוול פון דעם הויז לייענען מיר: „דאָ האָט געוווינט שעלבלויז אַל־

בערט, מיטגליד פון דער „ליקאַ", ווידערשטאַנד־קעמפער. געפאַלן פאַר פראַנקרייך דעם 14־טן יאַנואַר 1945 אין דער עלטער פון 20 יאָר".

עלפטער אַראָנדיסמענט:
96, rue de la Folie-Méricourt

אויף דעם הויז לייענען מיר: „דאָ האָט געוווינט שאַרל וואַלמאַרק, אונטער־לייטענאַנט פון די פ.ט.פ.פ. (פריישיסער, פראַנצויזישע פּאַרטיזאַנער), דערשאָסן דורך די נאַציס אין עלטער פון 23 יאָר אין שאַרנעקלער. דעפּאָרטירט געוואָרן דעם 30־טן יולי 1944".

צוועלפטער אַראָנדיסמענט:

אוף דער אייזערנער בריק־אָפּצוים, אַנטקעגן דעם הויז פון:
96, quai de la Rapée

לייענען מיר די אויפשריפט: „דאָ איז דעם 19־טן אויגוסט 1944, אינעם ערשטן טאָג פון נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד, געפאַלן אין דער עלטער פון 19 יאָר, מאַרקאָ לאַזאַר, פון דער פ.פ.ר." (פראַנצויזישע אינערלעכע כוחות).

זעכצנטער אַראָנדיסמענט:
161, av. Malakoff

אויף דער מויער פון דאָזיקן הויז לייענען מיר אַן אויפשריפט וואָס איב־פאָרמירט, אַז „אין דעם הויז האָט געוווינט ראָזשע לאַמבער, געפאַלן דעם 22־טן אויגוסט 1944, אין דער עלטער פון 19 יאָר".

צוואַנציקסטער אַראָנדיסמענט:
7, place Gambetta

אויף דער מויער פון דאָזיקן הויז לייענען מיר: „דאָ האָט געוווינט לעאָן יאָסעלעוויטש, קאָמענדאַנט פון די פ.ט.פ.פ. וואָס איז אומגעקומען אין קאַמף אין דער עלטער פון 40 יאָר. מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי". אויף דער מויער פון זעלבן בנין לייענען מיר אויף אַ צווייטן שטיין־טאָוול די אויפשריפט וואָס דערציילט אַז: „דאָ האָט געוווינט זשאַק קראַנקימיעל, קאַפּיטאַן פון דער פ.ט.פ.פ. וואָס איז אומגעקומען אין קאַמף קעגן די נאַציס, אין דער עלטער פון 21 יאָר".

און אויף דער מויער פון הויז וואָס געפינט זיך אויף:
43, av. Père Lachaise

געפינט זיך אַ טאָוול וואָס דערציילט אַז: „דאָ האָט געלעבט ראָלניקאַס, דערשאָסן דעם 22־טן אָקטאָבער 1941 אין קאָמפּיען".

אוודאי געפינען זיך אויף די בית־עלמינס וואָס רינגלען אַרום פּאַריז, קברים פון פיל פאַרדינסטפולע יידישע מענטשן; איז וויכטיק דאָ אָנצוגעבן אַז אויף דעם בית־עולם אין פּאַנטען רוען אויך די אין יאָר 1980 געשטאָרבענע:

**בלום, שמואל:**

אַ מאָלער און צייכענער. דער קינסטלער וואָס איז געווען אַ טיף אײדעלער מענטש, איז געבוירן אין יאָר 1900 אין מיעכאָוו (פּוילן). ער איז געקומען קיין פּאַ־ריז אין יאָר 1930 און דאָ געווען זייער אַקטיוו. בעת דער מלחמה 1939 — 1945 איז ער געווען אַ פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. אַדורכגעמאַכט שווערע שלאַכטן. אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט פון וואַנען עס איז אים געלונגען צו אַנטלויפן. נאָך אין פּוילן זייענדיק, איז ער געווען טעטיק אַלס טעאַ־טער־דעקאָראַטאָר און מיטגעאַרבעט מיט די קינסטלער מ. בראָדערזאָן, דזשיגאַן־שומאַכער, שאַפנדיק דעקאָראַציעס פאַרן „אררט". אין „בית חיילים" אין תל־אביב געפינט זיך זינט 1975, שמואלס בלומ'ס אַ הויך־קינסטלערישע מאָזאַיק געווידמעט דעם ישראלדיקן חייל. דער מאָלער שמואל בלום איז געשטאָרבן אין חודש מאַי 1980.

**גאָטפאַרשטיין, יוסף:**

דאָ, אויף דעם זעלבן בית־עולם, געפינט זיך דאָס קבר פון שרייבער, פיינעם עסעאיסט, רעפערענט און איבערזעצער יוסף גאָטפאַרשטיין, געבוירן אין יאָר 1903 אין מאַריאַמפּאָל. אין יאָר 1927 האָט דער שרייבער רעדאַגירט אין פּאַריז אַ לינקיסטיש־פרייהייטלעכן חודש־זשורנאַל „אַרבעטער־פריינט". ער איז אויך געווען אַן איבערזעצער פון אַ ריי ווערק פון שלום־עליכמ'ען און פון י. ל. פּרצ'ן אויף פראַנצויזיש. יוסף גאָטפאַרשטיין איז געשטאָרבן דעם 11־טן יוני 1980.

# ביבליאָגראַפּיע:


1 — ACHARD Marcel : *Tristan Bernard.* Historia n° 174, mai 1961.

2 — ACHARD Marcel : *Quand Paris admirait La Belle Hélène.* Historia n° 131, 1957.

3 — ACTIVITE DES ORGANISATIONS JUIVES EN FRANCE SOUS L'OCCUPATION : Centre de Documentation Juive contemporaine. Paris 1947.

4 — ALDANOV Marc : *Asef, choses vues.* « Les œuvres libres » n° 113, 1930.

5 — ANCHEL Robert : *Les Juifs de France.* Edition J.-B. Janin. Paris 1946.

6 — AUBERT Camille : *La cité universitaire.* « Le Monde » 22-7-1975.

7 — BATUT Guy de la : *Les pavés de Paris.* Editions Sociales Internationales, 1937.

8 — BARTOU Louis : *Rachel.* Paris 1926.

9 — BEALU Marcel : *Dernier visage du Marx Jacob.* Edition Pierre Fanlac, 1946.

10 — BEER Dr F.J. : *Henri Heine et le Judaïsme.* Amitiés France-Israël, n° 256, 1978.

11 — BELAVAL Yvon : *La rencontre avec Marx Jacob.* Edition Charlot, 1946.

12 — BERG Roger : *Melun.* Amitié France-Israël, n° 244, 1977.

13 — BERG Roger : *Un des inventeurs du vers libre.* l'Arche, n° 117.

14 — BERG Roger : *Tristan Bernard.* Amitié France-Israël, n° 189.

15 — BERG Roger : *Tour de France des vestiges Juifs.* L'Arche, n°s 162-163.

16 — BERMAN Léon : *Histoire de Juifs de France des origines à nos jours.* Editions Lipschitz. Paris 1937.

17 — BERNARD Tristan : Le Juif de Venise. Edit. Les œuvres libres. Paris, n° 182.

18 — BERNARD Jean-Jacques : *Le camp de la mort lente.* Edit. Albin Michel. Paris 1944.

19 — BERNARDY Françoise de : *Alexandre Waiewski, fils Polonais de Napoléon.* Edit. Librerie Académique Perrin. Paris 1976.

20 — BERNARDY Françoise de : *Une tragédienne ,mère d'un petit fils de Napoléon.* Historia, n° 93.

21 — BIBER Dr Hugo : *Heinrich Heines bekentnis zum Judentum.* Welt-Verlag. Berlin 1925.

22 — BILLIER Joseph : Malmaison 1951.

23 — BLUMENKRANZ Bernhard : *Histoire des Juifs en France.* Edit. Privat. Paris 1972.

24 — BORDEAUX Henry : *Les amants de Genève.* Historia n° 165.

25 — BROUSSON Jean-Jacques : *Anatole France en pantoufles.* Edit. G. Grès et Cie. Paris 1924.

26 — CAFFIN Charlotte : *L'enchanteur du second Empire.* Miroir de l'Histoire n° 199.

27 — CALOT Franz : *Le Panthéon et Saint-Etienne du mont.* Edit. Albert Morance.

28 — CATANE Moche : *Les Leazim de Rachi.* L'Arche n°s 162-163. Paris.

29 — CATANE Moche : *Des Croisades à nos jours.* Les Editions de Minuit. 1956.

30 — CASTELOT André : *Petite histoire des chemins de fer.* Le Figaro. 29-8-1979.
31 — CAZAUX Maurice : *La plus vieille maison de Paris, un faux !* Le Figaro. 13 janvier 1979.
32 — COLIN Marianne : *Zadkine.* La Terre Retrouvée, n° 5.
33 — DELAVIGNE Marcelle, FAUCHIER : *Le sourire de la danse.* Edit. Plon.
34 — *DICTIONNAIRE DU JUDAISME FRANÇAIS :* L'Arche nos 186-187. Paris.
35 — DREYFUS Mathieu : *L'affaire telle que je l'ai vécue.* Edit. Grasset.
36 — DREYFUS Mathieu : *« Dreyfusardes ! »* Edit. Julliard. Paris 1965.
37 — DUFEURCQ Norbert : *La musique des origines à nos jours.* Librairie Larousse. Paris 1946.
38 — DULAIRE J.-A. : *Histoire de Paris.* Paris 1825.
39 — DUSSANE : *Notes de théâtre.* Edit. Lamarchel MCMLI.
40 — ENCYCLOPEDIA JUDAICA : *Verlag Eschol A.G.* Berlin 1931.
41 — ENCYCLOPEDIE JUIVE. Paris 1936.
42 — FANCIGNY-LUCINGE A. de : *Rachel et son temps.* Paris 1910.
43 — FEJTO François : *Henri Heine.* Edit. Marchal. Bruxelles 1946.
44 — FRANKEL Joseph : *Théodor Herzl.* Edit. Vienna. 1934.
45 — GARDE : *Mes années avec Soutine.* Edit. Les Lettres Nouvelles. Paris 1973.
46 — GAUTHIER M. : *Eugène Zak.* Edit. Le Triangle. Paris.
47 — GENTILLY A.-M. : *Jules Isaac.* Edit. La Terre Retrouvée. 15-9-1963.
48 — GENOUILLAC H. Gourdon de : *Paris à travers les siècles.* Edit. F. Roy MDCCCL XXIX.
49 — Gilles Auge : *Tristan Bernard, roi du Boulevard.* Miroir de l'Histoire n° 211. 1967.
50 — GUIDE JUIF DE FRANCE : *Paris.* Edit. Migdal. 1971.
51 — GRANGER Ch. M. des : *Histoire illustrée de la Littérature Française.*
52 — HALEVY Daniel : *Une musique jaillit.* Edit. Julliard. 1958.
53 — HAUSSAYE Arsène : *La comédienne.* Paris 1884.
54 — HEMSI Alberto : *David Osiris. dit Iffla* Journal des Communautés. Janvier 1928.
55 — HERLIZ-KIRSCHNER : *Jüdisches Lexicon.* Berlin 1928.
56 — HERRIOT Edouard : *Un centenaire, l'Allemand Henri Heine.* Historia n° 112. 1956.
57 — HENRY M. et VIDAL G. : *La merveilleuse histoire de Paris.* Edit. Dargand. Paris 1970.
58 — HERVE Joseph : *Israël, ses enfants perdus et son livre d'or.* Paris 1932.
59 — HEYLLI Georges d' : *Rachel d'après sa correspondance.* Paris 1882.
60 — HILLAIRET Jacques : *Evocation du vieux Paris.* Les Edit. de Minuit. Paris 1952.
61 — HILLAIRET Jacques : *Dictionnaire historique de rues de Paris.* Les Editions de Minuit. Paris 1964.
62 — HILLAIRET J. et APPENZELLER P.-P. : *Dictionnaire historique de Paris.* Les Editions de Minuit. 1972.
63 — DELPECH François : *Histoire des Juifs en France :* Edit. Edourad Priva. 1972.
64 — HISTOIRE DES JUIFS DE FRANCE : L'Arche nos 162-163. 1970.
65 — JEANSON Francis : *Montaigne par lui-même.* Edit. du Seuil. 1966.
66 — JUDISCHES LEXICON : *Dr G. Herlitz und Dr B. Kirschner.* Berlin 1928.
67 — JUDITH Mme : *Mémoires.* Edit. J. Tallandier. Paris 1911.

68 — MIRECOURT Eugène : *Rachel.* Paris 1869.
69 — JOURNAL DES COMMUNAUTES : Juin 1978.
70 — JOURNAL DES COMMUNAUTES : Novembre 1977.
71 — KAPLAN Jacob : *A la mémoire de Jules Isaac.* Journal des communautés n° 593. 1977.
72 — KLEIN Claude : *De l'affaire Dreyfus. Histoire des Juifs en France.* Edit. Priva. 1972.
73 — KRACAUER S. : *Jacques Offenbach ou le secret du Second Empire.* Edit. Bernard Grasset.
74 — *La Question Juive.* Edit. E.I.F. Paris 1934.
75 — LANDAU Lazare : *Vues nouvelles sur Jules Isaac.* L'Arche n° 81. 1963.
76 — PAUL Augé : *Larousse du XX^e siècle.*
77 — La Revue Encyclopédique Juive n° 7. 1968.
78 — *Le Royaume de France et les Juifs.* Archives Juive n° 1. 1973-1974.
79 — *Paris.* Les Guides Bleus.
80 — LIPSHITZ Jacques : *Amédéo Modigliani.* Edit Flammarion. Paris 1954.
81 — LITVINE M. : *Vestiges historiques. Juifs à Paris.* Journal des Communautés. Paris 1969 et 1970.
82 — LOUVET Michael : *Meyerbeer et Halevy.* Amitié France-Israël. 1974.
83 — LOUVET Michael : *Reynaldo Hahn et sa musique.* Amitie France-Israël n° 217. 1975.
84 — MAINGOT Eliane : *Hélène de Racowitza.* Miroire de l'histoire, n° 189.
85 — MARTIN Henri : *Histoire de France.* Editeur Furne. Paris 1865.
86 — MAZARS Pierre : *Le problème du sauvetage de « la Danse de Carpeaux ».* Le Figaro. Août 1963.
87 — MANCLAIR Camille : *La vie humiliée de Henri Heine.* Librairie Plon. Paris 1930.
88 — MOCH Maurice : *Hommage à Jules Isaac.* La terre Retrouvée I-X-1963.
89 — NEHER-BERNHEIM Renée : *Crémieux l'africain.* Information Juive n° 204. 1970.
90 — *Nouveau Larousse Illustré.* Paris.
91 — PALEOLOGUE Maurice : *Journal de l'affaire Dreyfus.* Edit. Plon. 1955.
92 — *Paris, indicateur des rues.* Edit. A. Leconte. 1961.
93 — PAUL-ALBERT N : *Histoire du Cimetière du Père Lachaise.* Edit. Gallimard.
94 — PIERRE-BLOCH J : *Jean 23 et Jules Isaac, alliés dans le même combat.* Le droit de vivre n° 413.
95 — POMEAU René : *Voltaire par lui-même.* Edit. du Seuil. Paris 1955.
96 — POSENER S. : *Adolph Cremieux.* Paris 1933-1934.
97 — PRASTEAU Jean : *Sarah Bernhardt et le triomphe de ses sujets.* Le Figaro. 4-5-1978.
98 — PRASTEAU Jean : *Paris à toute volée.* Le Figaro. 25-3-1978.
99 — RABI M. : *Modigliani.* L'Arche n° 156.
100 — RABI M. : *Jules Isaac, le Vatican et nous.* L'Arche n° 69.
101 — RACOWITZA, Princesse Hélène de : Libraire Félix Juveau. Paris.
102 — REINACH Théodore : *Histoire des Israéilites.* Edit. Hachette et Cie. Paris.
103 — *Paul REYNOD parle :* Le Figaro. 12-6-1963.
104 — ROBLIN Michel : *Juifs de Paris.* Paris 1952.
105 — ROBLIN Michel : *Juif de Paris.* Revue du F.S.J.U. 1955.

106 — ROBLIN Michel : *Vignobles, cimetières et synagogues du moyen âge.* L'Arche n° 44.
107 — ROBLIN Michel : *Introduction à l'onomastique Judéo-Française.* L'Arche nos 162-163.
108 — ROLLIN Chanoin : *Histoire de l'Eglise.* Edit. de l'Ecole. Paris 1951.
109 — ROSENTHAL Ludwig : *H. Heine comme Juif.* Revue d'histoire de la médecine hébraïque n° 109. 1974.
110 — ROTH Cecil : *Histoire du peuple Juif.* Edit. de la Terre Retrouvée. Paris 1963.
111 — SADOUL Jacques : *Flamel et l'Alchimie du XIVe siècle.* Edit. « Jai lu » n° 329.
112 — SADOUL Jacques : *Le trésor des alchimistes.* Edit. « J'ai lu ». 1970.
113 — Saint-Helier Régis : *Jacques Offenbach.*
114 — SALOMON Michel : *Pro veritate Puguator.* L'Arche n° 83.
115 — SANNIER Paul : *Anthologie d'Art Français au XIXe siècle.*
116 — SCHACHTER M. : *H. Heine comme Juif.* Revue d'histoire de la médecine hébraïque n° 109. 1974.
117 — SCHEPS Samuel : *Adam Mickiewicz, ses affinités juives.* Edit. Nagel. Paris 1964.
118 — SCHNEIDER Georgina : *Une Princesse, modèle de Carpeaux.* Aux carrefours de l'histoire. Août 1958.
119 — SCHWAB Moïse : *Une nouvelle épitaphe médiévale à Paris.* Revue des éditions Juives. Janvier 1912.
120 — SCHWARZFUCHS Simon : *Brève histoire des Juifs de France.* **Edit.** Collection « maillons ».
121 — SEE Edmond : *La Question Juive.* Edit. E.J.F. Paris 1934.
122 — SEIGNOLES Ch : *Histoire du peuple Romain.* Edit. A. Colin et Cie. Paris 1894.
123 — SEROUYA Henry : *La Pensée Juive.* Edit. E.J.F. Paris 1934.
124 — S.R. : *Le Palais vide.* L'Arche n° 215.
125 — SIMON Dr Isidor : *Les Médecins Juifs en France, des origines jusqu'à la fin du XVIIIe siècle.* Revue de la Médecine Hébraïque n° 90.
126 — TAMPIER Dr : *Dernières heures de Rachel.* Paris 1858.
127 — THEVENON Patrick : *Le Second Empire se meurt de rire.* Historia n° 160.
128 — THOMSON Valentine : *La vie sentimentale de Rachel.* Paris 1910.
129 — TORRES Henry : *Le procès des Pogromes.* Edit. de France. Paris 1928.
130 — TOUATI Emile : *Rapport moral.* Journal des Communautés n° 599.
131 — WEILL Georges : *Histoire des Juifs en France.* Edit. Edouard Privat. Toulouse 1972.
135 — ZADKINE : *Les chefs d'œuvres de l'art.* Hachette. 1966.
*Georges Mandel.* Miroir de l'histoire. 1953.
133 — VIDAL Henry et Guy : *La merveilleuse histoire de Paris.* Edit. Dargaud. Paris 1970.
134 — VITU Auguste : Paris.
135 — ZADKINE : *Ces chefs d'œuvres de l'art.* Hachette. 1966.

136 — **אַלגעמיינע יידישע ענציקלאָפּעדיע.** פּאַריז 1937.
137 — בעלער, יעקב: **היינריך היינע.** „צוקונפט", יאַנואַר 1977.
138 — בערקאָוויטש י. ד.: **שלום עליכם־בוך.** ניו־יאָרק 1958.

139 — דובנאָוו, שמעון: **וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק.**
140 — גאָטפּאַרשטיין, י.: **די איבערגעריסענע ווידוי.** „אונזער קיום" נ׳ר 4.
141 — וואַלדמאַן משה: **צום טויט פון טעא אַרטשישעווסקא.** „אונזער קיום" נ׳ר 15.
142 — ווינער מ.: **צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין 19־טן י.ה.** „איקוף", ניו־יאָרק 1945.
143 — זיגעלבוים, פּיוול: **דער כוח צו שטאַרבן.** י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב 1976.
144 — טורקאָוו־גרודבערג, יצחק: גאָלדפאַדען און גאָרדין. **תל־אביב, 1969.**
145 — טורקאָוו־גרודבערג יצחק: **די מאַמע עסתר רחל.** „יידיש בוך", וואַרשע 1953.
146 — טשובינסקי ב.: **לעאָ גלעזער (דער קולטור־טוער און פרייהייטס־קעמ־פער).** אַלג. יידישער פּאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט, פּאַריז 1947.
147 — יאַבלאָקאָוו, הערמאַן: **אַרום דער וועלט מיט יידיש טעאַטער.** ניו־יאָרק 1968.
148 — יאַקובאָוויטש י.: **רי אַמלאָ.** אויסגאַבע „קאָלאָני סקאָלער", פּאַריז 1948.
149 — יאָפע יודא א.: **אליהו בחור,** 1949.
150 — טשעריקאָווער אליהו: **די אוקראַינישע פּאָגראָמען.** „ייוואָ"־אינסטיטוט 1965.
151 — טשער־סקי, א.: **די דרייפוס־אַפערע.** „יידן און פראַנקרייך", „ייוואָ", ניו־יאָרק, 1942.
152 — **„יזכור־בוך".** פאַרלאַג „אויפסניי", פּאַריז 1946.
153 — מאַרק ב.: **אַדאַם מיצקעוויטש.** פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע **1955.**
154 — מילנער יוסף: **„יידן אין פראַנקרייך".** פאַרלאַג „קיום", 1952.
155 — **„נייער זשורנאַל".** פּאַריז 1913.
156 — עפּשטיין גרשון: **אַרסען דאַרמעשטעטער און די „גלאָסן" פון רש"י.** אַלמאַנאַך פון די יידישע שרייבער אין פראַנקרייך, פּאַריז 1960.
157 — צינבערג, ד׳ר ישראל: **די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן,** **1969.**
158 — צינעמאַן יעקב: **די געשיכטע פון ציוניזם.** פּאַריז, 1948.
159 — קאַלענבערג פּנחס: **דער שמע ישראל פון טריסטאַן בערנאַרד.** „אונ־זער וועג", פּאַריז, דעצעמבער 1975.
160 — קאַסאָווער מ.: **יידן אין פראַנקרייך.** ניו־יאָרק 1942.
161 — רייזען זלמן: **לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור.** ווילנע 1928.

162 — פּאָזנער ס.: **מכורים צו דער יידישער געשיכטע, „יידן אין פראַנקרייך"** „ייוואָ"־אויסגאַבע, ניו־יאָרק 1942.
163 — פענסטער, הערש: **אונדזערע פאַרפייניקטע קינסטלער.** פּאַריז 1951.
164 — שייקאָווסקי ז.: **יידן אין דער פּאַריזער קאָמונע פון 1871.** „ייוואָ"־אויסגאַבע, ניו־יאָרק 1942.
165 — ש. ז.: **דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין פּאַריז ביז 1939.** „ייוואָ"־אויסגאַבע, 1942.
166 — שווייצער ש.: **זשיל איזאַאַק, זיין לעבן און שאַפן.** „אונזער קיום", נ׳ר 32־33, 1963.
167 — שראַגער פ.: **אויפן ראַנד פון צוויי תקופות.** פּאַריז 1976.

# קלישעס

# זוכצעטל

## א



## ב

## ג



## ד



## ה

## צ



## ק

## ר



## ס



## ע



## ש

## טאָפּאָגראַפיש זוכצעטל

## אַוועניו:



## בולוואַר:



## פּלאַס:



## קעי:

